# א י נ ה אַ ל ט

# עטלעכע ווערטער

סוף 1926 און אנהייב 1927 האב איך אין שליחות פון ניו-יארקער „פאר-ווערטס" געמאכט א רייזע איבער סאוויעטן-רוסלאנד. איך האב באזוכט א סך שטעט און שטעטלעך אין די רוסלענדישע, אוקראינישע, ווייסרוסישע און קרימער רעפובליקן; איך בין ארומגעפארן איבער די יידישע קאלאניעס; כ'האב באקענט זיך, ווי ווייט מעגלעך, מיטן נייעם לעבנס-שטייגער.

מיט מיין בוך „ניי-רוסלאנד" בין איך נישט אויסן צו געבן אן אפשאצונג איבער דעם סאוויעטן-פארבאנד. נישט אין פארלויף פון עטלעכע חדשים רייזן קאן מען דערקענען אזא גרויס, קאמפליצירט און ניי שטיק-וועלט, ווי עס איז דאס איצטיקע רוסלאנד. איך האב אבער געזען א ניי לעבן, נייע באציונגען, א נייעם לעבנס-שטייגער; כ'האב געזען די גרויסע אונטערשידן פון אלטן און נייעם רוסלאנד, פון מיליטעריש-קאמוניסטישן רוסלאנד „נעפ", ווען איך האב עס פארלאזט, ביז דעם רוסלאנד פון איצט, נאך עטלעכע יאר בויונג. און דאס וואס איך האב געזען און געהערט, גיב איך איבער אין דער פארם פון בילדער און איינדרוקן.

איך בעט דערביי פאר נייטיק אויפמערקזאם צו מאכן, אז די בילדער און איינדרוקן זענען געשריבן אויפן מאמענט, ווי אלעמאל ביי רייזעס, מסתמא נישט גענוג געשליפן, נישט פרעציז, און אלס אזעלכע בעט איך זיי אויפצונעמען.

י. י. ז.

# איבער גרענעצן

אין צוג, וואָס פֿאָרט בערלין־מאָסקווע דורך וואַרשע, איז וואַרעם, אנגענעם. דער רעסטאָראַן־וואַגאָן איז פֿול באַזעצט. פֿאַרשידענע שפּראַכן הערט מען דאָ, פֿראַנצויזיש, דייטש, ענגליש, רוסיש, כינעזיש און טיילווייז אויך פּויליש. אָט זיצן בײַ אַ טישל עטלעכע מאַסיווע, בלאָנדע פֿאַרשווינצן און שמועסן הויך אויפֿן קול אין ענגליש. פֿון זייער הויכן פֿרייען רעדן, פֿון דעם, וואָס זיי זיצן אין רעסטאָראַן־וואַגאָן אין די בלויזע סוועטערס, נישט רעכענענדיק זיך מיטן עטיקעט, דערקענט מען גלייך, אַז דאָס דאַרפֿן זיין אַמעריקאַנער. זיכער, אַז דאָס פֿאָרן זיי קיין רוסלאַנד נאָך קאָנצעסיעס, ביזנעס.

בײַ אַ צווייט טישל זיצן עטלעכע פֿראַנצויזן, קליינגעוואוקסיקע, דינע, ברוין־הויטיקע, זיי רעדן שטיל, טראָגן טונקעלע קאָסטיומען און ווייסע וועש. מען הערט אָפּט „מאָסקאָ" — די צוויי כינעזער און די איינציקע כינעזערין טראָגן אַלע ברילן, גרויסע אַמעריקאַנער ברילן, און אָנגעטאָן זענען זיי לויט דער לעצטער מאָדע. די דיקע כינעזערקע טראָגט אַפֿילו אַ ראָזן דזשעמפּער, אין וועלכן זי זעט גאַנץ קאָמיש אויס. זי טיילט אויס פֿון דער וואַזע זופּ פֿאַרביידע קאַוואַלערן, און דאָס קומט איר אָן נישט גרינג. אירע הענט זענען מסתמא געוווינט בעסער צו אַרבעטן מיט כינעזישע שטעקעלעך בײַם עסן רייז.

די רוסן, מערסטנס אָנגעשטעלטע אין סאָוויעטישע קאָנסולאַטן און אמבאסאדעס, האָבן אַלע מאַניערן פֿון דיפּלאָמאַטן: עלעגאַנט, שווייגנדיק, אַ ביסל פֿאַרריסן און אַ ביסל איראָניש. זייער צאַרט.

פֿאַרשנורעוועט און אַרויסרופֿנדיק גלייכצייטיק זענען די דיפּלאָמאַטישע מיידלעך, וואָס רויכערן דינגע פּאַפּיראָסן און קוקן אין גרויסע צייטונ־גען אין עטלעכע שפּראַכן מיט קנאַפּן צוטרוי.

אין מיין קופּע איז אַ געמישטע געזעלשאַפֿט. עס פֿאָרט אַ יונגער רוס, אַן אינזשיניער, וואָס די סאָוויעטן האָבן אים געשיקט קיין אויס־לאַנד, כדי צו באַקענען זיך מיט דער מאָדערנער טעכניק. ער איז אָפֿנהערציק, ווי מערסטנס רוסן, און ער דריקט אויס אָפֿן זיין פֿרייד, וואָס ער דערנענטערט זיך צו רוסלאַנד.

— זייער אינטערעסאַנט געווען אומעטום — זאָגט ער — נאָר עס בענקט זיך אַהיים — דאָ איז נאָך אַלץ רעגנדיק — און ביי אונז אין מאָסקווע מוז שוין זיין אַ ווייסער שניי. — עך, דאיאַש מאָסקוו! — פֿאַרענדיקט ער ווי אַ זעלנער...

נעבן אים זיצט אַ פּוילישער דיפּלאָמאַט, וואָס פֿאָרט קיין מאָסקווע וועגן באַן-אָפּמאַכן. בלויז דער געדאַנק, וואָס באַלד וועט ער האָבן די מעגלעכקייטן צו עסן קאַוויאַר, רוסישע „איקרא", פֿילט אים אָן מיט פֿרייד.

— אַ גרויסער ליבהאָבער פֿון אייער „איקרא" — זאָגט ער אין רוסיש צום אינזשיניער — פֿינף און צוואַנציק יאָר האָב איך געוווינט אין רוסלאַנד.

נעבן מיר זיצט אַ פּאָר-פֿאָלק — אַ יונגע סימפּאַטישע דאַמע, אַן אַקטריסע פֿון רוסישע טעאַטערן מיטן נאָמען זערקאַלאָווא, און איר מאַן, אַ ריזיקער פֿאַרשוין, אַן אַקטיאָר מיטן נאָמען קאָרעניעוו.

זיי פֿאָרן ביידע צוריק פֿון אַ רייזע איבער אייראָפּע, וווּ זיי האָבן זיך באַקענט מיטן טעאַטער. ביידע זענען זיי אַנטוישט פֿון אייראָפּע.

— געווען אומעטום — זאָגט די אַקטריסע — אין בערלין, פּאַריז, ווין — קיין איין אינטערעסאַנטע פֿאָרשטעלונג נישט גע־זען. איבערהויפּט איז אָרעם פּאַריז, אַ חוץ נאַקעטקייט ווייזט מען דאָרט גאָרנישט...

דעם מאַן געפֿעלט בכלל גאָרנישט אין אייראָפּע.

— פֿוי — זאָגט ער — גאַנץ אייראָפּע איז איין גרויסער לאַקיי, נאָר מ ויגט זיך און בויגט זיך פֿאַר דיר — פּראַטיוונאָ!

דער פוילישער דיפלאָמאַט ווילט זיך:

— פונדעסטוועגן — זאָגט ער און ווייזט אויף די פולע קופערטס און רייזע-טאַשן פון אַרטיסטישן פּאָרל — האָט איר, מיינע הערשאַפטן, עפּעס יאָ אַרויסגעפירט פון אייראָפּע...

— קליידער יאָ! — זאָגט די אַקטריסע — באַקעטקייט און קליידער דאָס פעלט נישט...

איך מאַך אויפמערקזאַם, אַז ביי די רוסן האָט זיך לעצטנס שטאַרק אַנטוויקלט פּאַטריאָטיזם, דאָס, וואָס איז אַלע מאָל דעם רוסישן מענטש, אויסער אין קליינע אויסנאַמען, געווען פרעמד. — אַלע מאָל פלעגן רוסן האַלטן אַלץ וואָס איז אייגנס פאַר שלעכט, גראָב. — די רוסן זענען זיך מודה:

— אמת, מיר זענען געוואָרן פּאַטריאָטן...

באַלד צערעדט זיך מיט מיר דער אַקטיאָר קאַרעניעוו. ווייזט זיך אַרויס, אַז ער קאָן גוט דעם אַרטיסט פון יידישן קאַמער-טעאַטער וואָפסי, אַנדערע יידישע אַרטיסטן, און אַז ער אַליין איז אויך אַ ייד.

איך הויב אָן רעדן מיט אים יידיש. ער פאַרשטייט, נאָר ענטפערן איז אים שווער.

— ק׳סאַזשאַלעניו — פאַרענטפערט ער זיך — שטענדיק געוווינט צו רוסיש...

אַ פוילישער ייד אין אַזאַ פאַל וואָלט נישט געפונען פאַר נויטיק זיך צו פאַרענטפערן פאַר נישט קענען יידיש. — אַפילו די פרוי זיינע האָט זיך געפילט אַ ביסל זשענירט. דער מאַן האָט זי געטרייסט:

— נו, דו דאַרפסט נישט קענען — ביסט דאָך אַ רוסישע...

— יאָ — זאָגט זי — איך בין אַ רוסישע און מיין מאַן איז אַ ייד.

עס איז אַזוי נאַטירלעך און פשוט געווען, אַז אַפילו פאַרן פוילישן דיפלאָמאַט איז עס נישט געווען קיין וווּנדער.

ניעגאָרעלאיע, די פויליש-סאָוויעטישע גרענעץ.

דער רוסישער אינזשעניער שיינט. דערצו האָט ער נאָך אויך אַ ביסל שניי, אויף וואָס ער האָט אַזוי געוואַרט. די פוילישע זעלנער אין די העלמען, וואָס האָבן אונז באַגלייט עטלעכע קילאָמעטער „פרייע זאָנע", גייען אַראָפּ. אַ חברה באַן-טרעגער קומט אַנטקעגן, רוסישע באַן-טרעגער „נאָסילשטשיקעס" מיט ווייסע פאַרטעכער אויף די פעלצן, מיט וואַלענקעס, מיט נומערן. — איך ווייס נישט ווי אַזוי זיך צו ווענדן — „טאָווארישטש נאסילשטשיק?" „גראַזשדאַנין נאסילשטשיק? — די רוסן פירן מיך אַרויס פון דער פאַרלעגנהייט — „נאסילשטשיק"! רופן זיי פּראָס פּשוט, גאַר ווי אין אַמאָליקע צייטן.

אין דער גרענעץ-שטוב, אַ ריזיקע קאַמער, דרייען זיך אַרום סאָלדאטן מיט לאַנגע געשפּאַלטענע שינעלן, ווי עס פלעגט טראָגן די רוסישע קאַוואַלעריע, אין גרינע היטעלעך.

איך גלויב נישט מיינע אייגענע אויגן. קאָן מען טאַקי אָנטרויען די רייזע-טאַשן די „באַן-טרעגער"? שוין זשע זענען די הויכע מענער אין די גרינע היטעלעך באָלשעוויסטישע סאָלדאַטן? —

איך געדענק זיי אַנדערע פון זעקס יאָר צוריק: אין לאַפּטיעס, אין וואַטענע לייבלעך, באַהאָנגען פון אַלע זייטן מיט קוילנוואַרפער, מיט פּאָלעמיאָטן-לענטעס, מיט ביקסן אויף שטריקלעך.

איינס און צוויי קוקן זיי דורך די פּעסער, גיבן אַ בליק אין רייזע-טאַש, בלויז אַ בליק, כּרעגן העפלעך, צי מ'פירט נישט קיין נייע זאַכן און פּאַרטיק.

איך וואַרט נאָך אַביסל. איך וויל כאָטש זען איין מיידל מיט אַ לעדערנער קורטקע און מיט אַ גרויסן מויזער ביי דער זייט, וועלכע רעדט נאָך דערצו מיט אַ באַס-שטים. נישטאָ אַזעלכע אפילו אויף קיין רפואה. דער טרעגער איילט:

— גיכער, גראַזשדאַנין, דער צוג נאָך מאָסקווע שטייט שוין!

און שוין בין איך אין וואַגאָן, אַ ריינעם, אַ ציכטיקן. דער

קאָנדוקטאָר ווייזט מיר אָן מיין פּלאַץ. ער נעמט צו ביי מיר דעם בילעט און זאָגט שטיל:

— גיט דעם בילעט, ווען מען אייך נישט באַאומרויקן אין שלאָף.

איך לייג זיך צו אויף דער ברייטער באַנק, נאָר שווער מיר אַנטשלאָפן צו ווערן.

מיט זיבן יאָר צוריק בין איך אויפן זעלבן וועג געפאָרן. — אַ גליק האָט מיך דאַן געהאַט געטראָפן: איך האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן דאַך און קיינער האָט מיך נישט געטריבן.

אַלע האַלבע שעה האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט.

— חבר מאַשיניסט, פאַרוואָס שטייט מען? —

— נישטאָ קיין האָלץ אין לאָקאָמאָטיוו, גייט און זאַמלט צונויף אַ ביסל האָלץ...

אָפּגעפאָרן, ווייטער געשטעלט זיך. —

— חבר מאַשיניסט, פאַרוואָס שטייט מען? —

— איך האָב דאָ, חברים, אַ באַקאַנטע „באָבע" אויפן וועג, וועל איך אַריינגיין אויסטרינקען אַ גלעזל טיי, אין אַ האַלבע שעה אַרום קום איך צוריק...

געקומען איז ער אין דריי שעה אַרום און קיין טיי האָט ער נישט געמוזט טרינקען, ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס...

איצט לויפט דער צוג גיך, מיין פּלאַץ איז נומערירט און דער קאָנדוקטאָר גייט אויף די שפּיץ-פינגער, ער זאָל נישט אויפוועקן פון שלאָף.

איך הויב אָן גלויבן אין נסים.

# מאָסקווע

אויף דעם ברייטן, גרויסן און עכט-רוסישן וווּנדערבאַר-שיינעם „רויטן-פּלאַץ“ אין מאָסקווע קוקט אַרויס פון זיין שטיינערנער גרין-כאַביקער צוים דער קרעמל מיט אַלע זיינע שפּיצן, טורעמס, צערקוועס, צלמים און פּאַלאַצן.

צוזאַמען מיטן רויטן פאָן, וואָס איז מיט עלעקטרישער ליכט פייערדיק באַלויכטן און ווייעט באַנאַכט איבער דער שטאָט, ווי אַ רויט-פלאַמענדיקער פאַקל, ווי דער סימבאָל פון רויטן רוסלאַנד, — רייסן זיך נאָך אַלץ אין דער הויך, צום טונקעלן הימל, די שווערע, שוואַרצע צוויי-קעפּיקע רוסישע אָדלערס, דער סימבאָל פון אַמאָליקן רוסלאַנד, פון צאַרישן, פון צערקווישן.

און דאָס איז כאַראַקטעריסטיש איצט פאַר גאַנץ מאָסקווע, פאַר גאַנץ רוסלאַנד.

וואָס פאַר אַ וווּנדערבאַרער מיש-מאַש פון סאַמע נייסטן מיטן סאַמע אַלטסטן אויף איין שטח, אויף איין אָרט, אויף איין טראָט!

איך קום אָן אין שטאָט שבת פאַרנאַכט.

די פערציק מאָל פערציק קלויסטערס, וואָס די הייליקע שטאָט פאַרמאָגט, קלינגען איצט שבת פאַרנאַכט איבער דער גאַנצער גרויסער און ברייט צעלייגטער שטאָט. שווערע גלעקער, געמיטלעכע, עכאָדיקע און קליינע, דריבנע, איילנדיקע, מישן זיך צוזאַמען, ווי אַ חזן מיט משוררים, און טראָגן זיך ברייט און ווייט. און צוזאַמען דערמיט הערן זיך די באַסיקע רעוואָלוציאָנערע לידער פון מאַרשירנדע רויט-אַרמייער און זייי באַגלייטן קלינגנדיקע, פריילעכע און דינע שטימעלעך פון שפּאַצירנדיקע קינדער, „אָקטיאַבערלעך“, באַגלייט פון זייערע לערער „קאָמסאָמאָלצעס“...

נעבן אַ גרויסן פּלאַקאַט מיט אַן אויפשריפט „רעליגיע איז דער סם פון אַרבעטער און פּויער" שטייט אַ קליין העל-באַלויכטן גאָלד-געפּלאַסטערט צערקווועלע מיט אַ רונדער גאָלד-באַפּוצטער יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, און אין אירע טירן שטופּן זיך הונדערטער מענטשן, רייסן זיך אַרום דער אַלטער פּרוי, דער ליכט-פאַרקויפערין, כדי איינצוקויפן אַ ליכט און אָנצינדן לכבוד דער הייליקער מוטער מאַריע.

און ביי לענינס מאַוזאליי, וואָס אַ נר-תמיד ברענט דאָרט שטענדיק, גייען פאַרביי פרומע ווייבער און צלמען זיך צענדליקער מאָל איבערן שטערן און ברוסט, שעפּטשענדיק שטילע תפילות צו די קלאַנגען פון פערציק מאָל פערציק קלויסטערס.

אָט אַזוי כּסדר זע איך זי איצט, די גרויסע וווּנדערבאַרע שיינע שטאָט מאָסקווע, ווי איך זאָל זיך נישט קערן און ווענדן.

דאָס סאַמע נייע מיטן סאַמע אַלטן צוזאַמען.

מאָסקווע די געטרייסטע מאַמע אין דער וועלט פאַר קינדער, — וואָס טויזנטער שולן, קינדער-היימען, קינדער-גערטנער, קאָנסולטאַציעס פילן אָן אירע גאַסן און געסלעך; וואָס כלערליי מוסטער-שולן, פּעדאַגאָגישע אַנשטאַלטן, פּראָפעסיאָנעלע שולן, טעכנישע שולן עפענען אויף זייערע טירן פאַר די סאַמע אָרעמסטע און פאַרשטויסנסטע, פאַר וועלכע די טירן פון לערע און דערציונג איז אַלעמאָל געווען גע-שלאָסן; מאָסקווע, די באַשיצערקע פון קליינעם צופּהלע, די באַזאָרגערקע פון אַרבעטער-קינד, וואָס אַנשטאָט עס זאָל זיך וואַלגערן אויף דער ערד אין אַ שמוציקער, פינסטערער שטוב מיט אַ שמאַטקע אין מויל, גיט זי עס אַ ליכטיקע היים מיט ווייסע ווענט, מיט ווייסע באַרמהאַרציקע שוועסטער, מיט ווייסע פרישע מילך, בעדער און דאָקטוירים.

און מאָסקווע די שטיף-מאַמע פאַר טויזנטער, טויזנטער היימלאָזע קינדער, פאַר קינדער, וואָס לויפן אַרום נאַקעטע, האַלבנאַקעטע און באָרוועסע איבער די קאַלטע גאַסן, וואָס שלעפּן זיך אַרום אויף טריט און שריט אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, מיט אומריינע קעפּ, מיט קראַנקע אויגן, פאַרדאָרבענע, אויסגעלאַסענע, ווענעריש-קראַנקע, וואָס טראָגן זעק אויף זיך אָנשטאָט מלבושים, וואָס שלאָפן אין מיסטקאַסטנס, אין ליידיקע פעסער, אויף טרעפּ, אין

קאַנאַליזאַציע-רערן, וואָס רייסן אָפּ די פּאַלעס פון יעדן דורכגייער, וואָס כאַפּן פון די הענט אַרויס, וואָס וואַנדערן פון אָרט צו אָרט מחנות-ווייז, ווי וואַנדערנדיקע מייז, און וואָס אַרבעטן מיטן מעסער, ווי רוצחים, נישט דערגרייכנדיק נאָך קיין גאַנצע דרייצן יאָר.

מאָסקווע די באַשיצערקע פון דער פרוי.

איז דאָך דאָ דאָס איינציקע אָרט, ווו די פרוי האָט טאַקע אַלע רעכט, נישט נאָר אויפן פּאַפּיר, נאָר אין לעבן. וואָרים דאָ, און נאָר דאָ באַקומט די פרוי דעמזעלביקן לוין פאַר איר אַרבעט, פונקט ווי דער מאַן; וואָרים נאָר דאָ זיצט די פרוי אין די העכסטע אַנ-שטאַלטן און ראַטן און פירט מיטן לאַנד, פונקט ווי דער מאַן; וואָרים נאָר דאָ איז די פאַרהייראַטע אַרבעטס-פרוי אַ מענטש גלייך מיט אַלע און מען וואַרפט זי נישט פון פאַבריק, ווי אין אַנדערע לענדער; וואָרים נאָר דאָ באַקומט די שוואַנגערע פרוי גאַנצע פיר חדשים אָפּרו, כדי נישט צו שעדיקן דאָס אייגענע און דעם קינדס געזונט; וואָרים נאָר דאָ האָט די פרוי אירע אייגענע „פרויען אָפּטיילונגען", וואָס שיצן זי פון יעדער אומרעכט סיי פון מאַן, סיי פון פרעמדע.

און מאָסקווע די שטיף-מאַמע פאַר טויזנטער, טויזנטער יונגע פרויען און מיידלעך, וואָס שלעפּן זיך אַרום אין זייערע לייכטע קליידלעך איבער די גאַסן און געסלעך און רופן מענער מיט די אונטערגעשמירטע אויגן, פאַרשפּרייטנדיק אַרום זיך אויסגעלאַסנקייט, אַנשטעקנדיקע קרענק און פאַרדאָרבנקייט.

אומעטום זענען זיי, אויף די בולוואַרן, אויף די גאַסן, אויף די געסלעך, ביי די האָטעלן, ביי די בריקן, אויף די וואָקזאַלן, — אַלטע און יונגע, רוסישע און יידישע, קאַווקאַזערינס און אַרמענע-רינס, בלאָנדע און שוואַרצע, שיינע און מיאוסע — און קינדער, צוועלף יעריקע און אפילו צען יעריקע, וואַלגערן זיך אויף טריט און שריט און פאַרקויפן זייער לייב.

מאָסקווע די שטאָט פון וויסן, פון ליכט.

מער ווי אומעטום זענען דאָ אָפן די טויערן פון וויסן פאַר יעדן. פון די פאַרוואָרפנסטע דערפער ציען דאָ פויערן, דאָרפישע יונגען, מוידן, און ווערן דאָקטוירים, אינזשיניערן, לערער, עקאָנאָמיסטן,

פּראָפעסאָרן. פון די קלענסטע פאַרוואָרפנסטע יידישע שטעטלעך קומען בחורים און מיידלעך אַהער, קינדער פון שוסטערס, שניידערס, און זאַפּן זיך אָן מיט תורה און וויסן; פון פאַבריק, אויסגעשמירט פון פאַרב און שמוץ, קומט דער אַרבעטער און אַרבעטערין אין די ליכטיקע זאַלן פון די אַרבעטער-פאַקולטעטן, פאָלקס-אוניווערזיטעטן און העכערע קורסן, כדי צו דערגיין די חכמות פון לעבן און פון דער וועלט.

און מאָסקווע די שטאָט, וואָס האָט נאָך נישט ביז היינטיקן טאָג קיין געזעץ, וואָס זאָל צווינגען צו בילדונג, און טויזנטער קינדער, יונגע, אומוויסנדע, פאַרגרעבטע לויפן אַרום איבער די גאַסן און געסלעך מיט פּעק ציימונגען אין די הענט, מיט פאַרשידענע סחורות און עסנוואַרג און מאַכן דול מיט זייערע קולות און אויס-רופענישן.

ווי פאַרשידנאַרטיק, ווי רייך און אָרעם, ווי ברייט און ענג, ליכטיק און טונקל, ניי און אַלט, רעליגיעז און אפּיקורסיש, אויפגע-קלערט און פאַרגרעבט ביסטו, דו גרויסע, שיינע און עכט-רוסישע מאָסקווע!

* *

*

נישט צו דערקענען מאָסקווע זינט איך האָב זי פאַרלאָזן ביז היינט.

די שטאָט איז פול מיט באַוועגונג, טומל. די טראַמוואַיען לויפן, די אויטאָמאָבילן שניידן דורך די גאַסן מיט זייערע גרויסע עלעקטרישע אויגן; די אויטאָבוסן, אָנגעפּאַקט מיט מענטשן, איילן גיך און באַשפּריצן מיט שמוץ, מיט וואָס מאָסקווע איז שטענדיק, זינט זי עקזיסטירט, אַזוי געבענטשט.

פון אַלע זייטן ציען זיך אַרבעטער, טויזנטער, טויזנטער אַרבע-טער פון די פאַבריקן און מילן אָן אַלע בולוואַרן, פּלעצער, גאַסן און געסלעך. פון טייל פּלעצער הערן זיך ראַדיאָ-קאָנצערטן, רעדעס, און טויזנטער מענטשן שטייען מיט פאַררויסענע אויערן און הערן זיך צו צו די הויכע רייד, וואָס קומען ערגעץ פון ווייטע און נאָענטע ערטער.

אויף קיין פרעמדן קוקט מען דאָ נישט מער מיט אַזעלכע אויס־געגלאָצטע אויגן ווי אין די פּראָווינץ־שטעט. צווישן די טויזנטער קעפּקעס און היטעלעך באַגעגנט מען דאָ אָפט עלעגאַנטן און נאָכמער האַלבע עלעגאַנטן, וואָס אין ערגעץ זעט מען נישט אַזעלכע, נאָר אין מאָסקווע. — אַזאַ מאָסקווער עלעגאַנט טראָגט מען זייער אָפט אין אַן אָנגעקראָכמאַליעטן קראַגן, וואָס איז שוין אַ ביסל צופיל אָנגעקראָכמאַליעט. ווי אויף צו להכעיס, אין אַן אָפּגעריבענעם זשאַקעט מיט געשניטענע פּאָלעס, און דערביי אין אַ פּאָר פאַרבלאָטיקטע קאַלאָשן אויף די פיס, וואָס פּאַסט זיך נישט צום הלוך.

אין האָטעל, ווו איך בין פאַרפאָרן, איז אויך נישט אַזוי פּראָ־לעטאַריש, ווי אין מינסק. ביי די ברייטע טירן שטייט אַן אַלטער, בכבודיקער דינער מיט אַזאַ פּרעכטיק זילבערנער באָרד און מיט אַזאַ הדרת־פּנים, כאָטש נעם און מאַך אים פאַר אַ קייזער. ער עפנט די ברייטע האָטעל־טירן מיט גרויס פּאַראַד.

אין גרויסאַרטיקן האָטעל־רעסטאָראַן גייט אַרום אַ פאַרשוין אין אַ פראַק מיט שטייפע וועש און נויגט זיך פאַר יעדן גאַסט.

די קעלנער נעמען טרינק־געלט, אַבי נאָר מען גיט זיי, און בוקן זיך גאָר ווי אַמאָל.

— בלאַגאָדאַריוס! — מאָיאָ פּאָטשטעניע!

און דער רעסטאָראַן איז נישט קיין פּריוואַטער. דער האָטעל מיטן רעסטאָראַן געהערן צום מאָסקווער „סאָוויעט".

וועגן די פּרייזן איז גלייכער נישט צו רעדן. אַז מען קומט פון פּוילן דערשרעקט מען זיך, דערהערנדיק די פּרייזן.

אויך אין אינטערנאַציאָנאַלן צוג, וואָס פירט פון מינסק קיין מאָסקווע איז דאָסזעלבע.

אויף די טעלערס פון גלענצנדן וואַגאָן־רעסטאָראַן איז אָפּגעדרוקט מיט רויטע בוכשטאַבן „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט אייך" — און עסן, עסן אין זיי שוין גאָרנישט קיין פּראָ־לעטאַריער. — וואָרים די פּרייזן זענען נישט קיין פּראָלעטאַרישע. מיט מיר צוזאַמען פאָרט אַ לאָדזשער יידישער פאַבריקאַנט, אַ מיליאָנער, מאַכן געשעפטן אין מאָסקווע. ער האַלט אין איין קלינגען צום דינער פון וואַגאָן, אַ יידישן בחור, און האַלט זיך אין איין שאַפן — דאָ

ברענגען אים צייטונגען, דאָ באַזאָרגן דעפּעשן, דאָ קויפן אים פּאַ־פּיראָסן.

און אַפילו טאַנצן, אויף וואָס מען קוקט אין מינסק מיט צוועלכע שרעקלעכע אויגן, איז אין מאָסקווע קיין עבירה נישט — אין די באַליכטעטע רעסטאָראַנען און קאַפעען טאַנצט מען „פאָקס־טראָט“, מוזיק שפּילט און עס איז גאָר לעבעדיק.

אַפילו „קאַסינאָס“, „רולעטקעס“, אָדער שפּיל־הייזער פעלן נישט. איך באַמערק אַ ליכט־שילד „קאַסינאָ“, „לאָטאָ“. אין 18־טן יאָר, בעת סקאָראָפּאַדסקי האָט געהערשט אין אוקראַינע, פלעגן אַזעלכע פלעצער זיין אין יעדער שטאָט און שטעטל. ווען די באָלשעוויקעס האָבן גע־האַט פאַרנומען אוקראַינע, האָבן זיי די אַלע שפּילפּלעצער געשלאָסן. איצט זענען זיי ווידער. זעט אויס, ד׳אָ. איך גלויב נאָך נישט מיינע אויגן. אפשר פאַרבליבן אַן אַלטע שילד? איך עפן אויף די טיר און איידער איך באַוויז זיך נאָך אומצוקוקן, כאַפּט שוין דער דינער אַראָפּ מיין מאַנטל.

— פּאָזשאַלויטע! פּראָסים!

ביי טישן מיט געלט שטייען הונדערטער מענטשן מיט פלאַ־מענדיקע אויגן, מיט צעהיצטע געזיכטער און מען וואַרפט געלט. עפּעס איינער אַ פאַרשוין, אַ באַאַמטער פון „קאַסינאָ“ שרייט, רופט.

און ווייסט איר, צו וועמען דאָס שפּיל־הויז געהערט? נישט פּריוואַט, — צו אַ שטאָטישער געזעלשאַפט, וואָס שטיצט די היימלאָזע קינדער.

אויף די עק־גאַסן ציען זיך גרויסע „רייען“, ווי אין די גוטע אַלטע צייטן. הונדערטער ווייבער שטייען און וואַרטן. דאָס שטייט מען ביי די קאָאָפּעראַציוון פון מאַנופאַקטור, כדי צו באַקומען אויף אַ מלבוש פאַר זיך, פאַר אַ קינד. די רייען ציען זיך לאַנגע, גרויסע— און אַ מיליציאָנער מיט אַ שוואַרצן לאַנגן מונדיר און מיט אַ רויט היטעלע האַלט אָרדנונג.

דאָס דערמאָנט אָן די אַלטע צייטן, אָן די צייטן פון קריג און בירגער־קריג. — און מאָדנע, צו דערזעלבער צייט בויט זיך מאָסקווע גאַנץ היפּש. אָט מויערט מען אַ טעלעגראַפן־סטאַנציע, אַ געביידע,

וואָס נעמט אַרום דריי גאַסן, אַ וואָלקן-קראַצער, מיט וועלכן ניו-יאָרק וואָלט זיך נישט געדאַרפט שעמען.

אויך אַ סך אַנדערע פּלעצער, וואָס איך האָב ביי מיין אַוועקפאָרן איבערגעלאָזן חרוב, פּוסט, זענען פאַרמויערט, מיט נייע שיינע הייזער פאַרנומען. נייע דענקמעלער זענען צוגעקומען.

ווידעראַמאָל אַלטס מיט נייס צוזאַמען.



אין די קראָמען און אין די אוניווערסאַל-מאַגאַזינען, די קאָאָפּעראַטיוון, וואָס פאַרנעמען גאַנצע הייזער און אין וועלכע מען קאָן פאַרבלאָנדזשעט ווערן, איז ליכטיק, רירעוודיק. מאָסקווע האַנדלט.

אַלץ איז אויסגעשטעלט אין די קאָאָפּעראַטיוון, טייערע פוטערס און שיינע וועש, לאַק-שיך און פאַרפומען; זיידענע שאַלן און בריליאַנטן. אַבי נאָר געלט קאָן מען אַלץ באַקומען, און פרייזן זענען אויף אַלץ שטאַרקע, געפעפערטע. פאַראַנען אוניווערזאַל-קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זענען אַזוי גרויס, ווי די באַרימטע בערלינער וואַרענהייזער פון ווערטהיימען. אומעטום איז פול. ווער עס קויפט און ווער עס שטייט מיט אַ פּאָר ברענענדיקע גיריקע אויגן און מיט ליידיקע טאַשן. צווישן די הונדערטער קאָאָפּעראַטיוון זענען זיך אַ סך פּריוואַטע מאַגאַזינען, געשעפטן.

דאָ, אין מאָסקווע אַליין, זעט אויס, האָט נאָך די קאָאָפּעראַציע נישט אַרויסגעשטויסן אַזוי שטאַרק דעם פּריוואַטן האַנדל, ווי אויף דער פּראָווינץ.

און נאָכמער פון האַנדל אין די מאַגאַזינען, גייט דער האַנדל אויף די גאַסן, אויף די פּלעצער, אויף די טראָטואַרן.

מאַסן הענדלער, ווי אָן אַ צאָל און אַ צוועק, פאַרהילכן מיט זייערע געשרייען, מיט אויסרופן די סחורות. מענער און ווייבער, יונגע קינדער, יינגלעך, מיידלעך, רוסן, יידן, כינעזער, קאַווקאַזער, יעדער רופט, רעדט צו, שרייט. וואָס פאַרקויפט מען דאָ נישט אַלץ! —

פּיראָגן און לערמאָנטאָוום ווערק, שנירלעך צו שיך, ווייבערשע וועש, ביליגע פּאַרפּומען, לעונינס פּאָרטרעטן, מעשענע צלמלעך, דעמיאַן ביעדניס רעוואָלוציאָנערע לידלעך, נאָדלען, געבראָטענע קאָטלעטן, געשאָכטענע הינער, ראַקעס, לעבעדיקע פיש, וויינטרויבן, קליינע שפּילהינטלעך, וואַקסענע ליכט...

זינט איך לעב האָב איך אַזאַ האַנדל אויף די גאַסן נישט געזען. אַלץ איז אויף דער גאַס. דער גאַנצער שטח אַרום מיין האָטעל, פון רעוואָלוציע-פּלאַץ ביז אַרום דעם פּרעכטיקן קיטאַיגאָראָד, איז איין גרויסער, טומלדיקער שרייענדיקער און פאַרביקער יאריד.

בעטלער, הינקנדיקע, בלינדע, היימלאָזע, קינדער, ווייבער מיט קינדער אויף די הענט בעטלען, שרייען, יאָגן זיך:

— קאָפּעטשקו, גראַזשדאַנין!

עפּעס אַ כינעזער מיט אַ הינקנדיקן פאַרקריפּלטן פוס, און דוקא מיטן רוי-פלייש פאַר דער וועלט, באַווייזט יעדן זיין פאַרמעגן און זינגט מיט אַ טרויערדיקן ניגון, וואָס דערמאָנט אין יידישע קינות, מען זאָל אים געבן אַ נדבה. אַ שוואַרץ-געקרייזלטער ייד מיט גלאַנציקע אויגן, וואָס פאַרקויפט פּאַסטע צו שיך, מאַכט קולות, רופט אויס זיין סחורה מיט אַזאַ צעצויגענעם ניגון, ווי ער וואָלט זאָגן נאָך אַ טויטן „מעבר-יבוק“, אָדער ער וואָלט זיין אַ מגיד צווישן מוסרניקעס.

שטיוול-פּוצער, אַרמיענער, טאָטערן, סיריער מיט אויגן שוואַרצע, גלאַנציקע, פּונקט ווי די שיך, וואָס זיי פּוצן, רופן צו זיך מיט זייער ספּעציפישער רוסישער שפּראַך. כינעזערקעס מיט קורצע פיסלעך טאַנצן אַרום פון אָרט צו אָרט און פאַרקויפן פּאַפּירענע שלאַנגען און פייגעלעך — און באַלאַגאַלעס, עכסט-מאָסקווער איזוואָשטשיקעס מיט רויטע גאַרטלען, גרינע געפּאָלדעווטע קאַפּאָטעס און פירקאַנטיקע שטריימלעך אויף די קעפּ לאָזן נישט דורכגיין:

— פּאָיעדיעם, גראַזשדאַנין? אַ, פּאָיעדיעם?

דאָ איז נישטאָ קיין טאַקסעס פאַר באַלאַגאַלעס. מען דאַרף זיך דינגען. זיי פאָדערן דריי רובל און פאָרן דערנאָך פאַר אַ רובל אָדער פאַר אַ האַלבן.

אין דער שטאָט, וואָס באַקעמפּט דעם פּריוואַטן האַנדל, איז

ווי אויף צו להכעיס דער גאַנצער האַנדל, מיטן גאַנצן דינגעניש, איינרעדעניש, שרייעניש און קוויטשעניש אַרויס אויף דער גאַס, אָפן, פריי.

די קינאָס זענען שרייענדיק באַלויכטן, רופן מיט ליכט-בוכשטאַבן, מיט פאַרביקע פלאַקאַטן. די וויין-האַנדלען און בראָנפן-געשעפטן זענען העל באַלויכטן. אומעטום, אין אַלע קאָאָפעראַטיוון אַפילו, שטייען זיי, די פאַרביקע פלעשער וויין און בראָנפן, און רופן.

ס'איז שבת באַנאַכט. די אַרבעטער האָבן אָפּגענומען דעם לוין, און פון אַלע גאַסן און געסלעך שלעפן זיך שיכורים, וואַקלען זיך אויף די פיס, זידלען, זינגען און פאַלן.

ווען איך האָב פאַרלאָזן מאָסקווע פאַר זעקס יאָרן איז פון בראָנפן דעמאָלט קיין זכר נישט געווען. געטרונקען האָט מען אייגנטלעך דעמאָלט אויך, נאָר בסוד, אייגענע אויסאַרבעטונג „סאַמאָגאָן", וואָס די פויערים פלעגן מאַכן פון ברויט. איצט פאַרקויפט זיך אומעטום בראָנפן. מען האָט געזען, אַז אי דער עולם טרינקט, אי די פויערים מאַכן אַ תל פון דער תבואה, אי די רעגירונג האָט גאָרנישט דערפון. און דער בראָנפן-פאַרקויף איז צוריק פריי.

מען שיכורט איצט פריי, אָפן.

— פוסטי, דוראַ! — שרייט איינער אַ שיכור צו זיין ווייב, וואָס וויל אים אַהיימשלעפן, לאָז אָפּ! ווארום איך גיב דיר אין די ציין!

צוזאַמען מיט די רעוואָלוציאָנערע לידער פון די מאַרשירנדע יוגנט-דרוזשינעס מאַכט עס אַ מאָדנעם איינדרוק.

און כאַפט איר אַפילו אַ פאָנישע ברכה, „אין דער מאַמען אַריין", אַ „מי שברך" דאַרפט איר אויך נישט נתפעל ווערן.

ווארים אַ גאַנצע וואָך הונגערט זיך נעבעך דער עכט-רוסישער מענטש אויס נאָך אַ „זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ", נאָר זאָגן אַזאַ וואָרט טאָר מען נישט. דערפאַר קאָן מען גיין אין ג. פּ. או. און כאַפּ ר ג. פּ. או. האָט מען מורא, אָבער, אַז מען נעמט אַ כוסה פאַרגעסט מען אין די געזעצן, אין ג. פּ. או. און מען לאָזט זיך וווילגיין.

און אַפילו קאַבאַרעטן, קאַפעשאַנטאַנען און נאַכט-לאָקאַלן פעלן נישט אין שטאָט.

זיי געהערן כּמעט אַלע צו דער שטאָט, צו שטיצן היימלאָזע קינדער. נאָר אויסזען זעען זיי אויס פּונקט ווי אין אויסלאַנד, נאָר מיט דעם אונטערשיד, וואָס דאָ זענען זיי אַביסל אומעטיקער.

מיר איז אינטערעסאַנט צו זען, ווי אַזוי דאָס איצטיקע רוסלאַנד ווײַלט זיך, און צוזאַמען מיט עטלעכע באַקאַנטע פאָר איך אַרויס אויף דעם אַרבאַט, אַ גאַס אַזעלכע אין מאָסקווע, און מיר באַזוכן עטלעכע פּלעצער.

דער עולם בײַ די טישלעך איז אין אַ געהויבענער שטימונג, בגילופֿנדיק. מענער, דאַמען, עטלעכע מיליטער-לײַט, יונגע חברה-לײַט אין שטיוול, אין בלוזן, זיצן געדיכט אַרומגעזעצט בײַ די טישלעך און עסן און טרינקען. די קעלנער שטופּן זיך קוים דורך צווישן פּובליקום מיט די פֿלעשער משקה. איינער אַ פּאַרשוין אין ברילן זיצט מיט אַ דאַמע טויט-שכּור און מאַכט סקאַנדאַלן, קריגט זיך מיטן קעלנער.

די פּרײַזן זענען גוואַלדיקע. די מינדסטע קלייניקייט קאָסט אַ יקרות, נאָר דער עולם קאַרגט נישט. מען באַצאָלט צו פּופֿציק און הונדערט רובל בײַ אַ טישל — און אויף דער קליינער סצענקע זיצן קלעזמער, און דווקא אין שוואַרצע קליידער, אין גאַלאַ, און שפּילן פֿרײַלעכע לידער.

באַלד באַווײַזט זיך אַ ציגײַנער-כאָר, אַן אַלט-באַקאַנטער רוסישער ציגײַנער-כאָר מיט ציגײַנערקעס. אָנגעטאָן זענען זיי נישט וואַזשנע, מען קען זיך אויף קיין זײַדנס נישט פֿאַרגינען און מען איז יוצא מיט ביליגע, פֿאַרביקע מאַטעריאַלן.

עפּעס איינער אַ ציגײַנער מיט אַ פֿאַנטאַסטישן רויטן ראָק און מיט אַן עקלהאַפֿטן רציחהשן פּנים, פֿירט אָן מיטן כאָר, און די ציגײַנערקעס זינגען לידלעך, אַלטע רוסישע לידלעך וועגן ליבע, וועגן ווילדע רייזעס אין אַ שליטן מיט דרײַ פֿערד, וועגן שוואַרצע אויגן און וועגן נאָך אַזעלכע זאַכן.

אַנדערע דרייען זיך אַרום צווישן די טישלעך, זעצן זיך צו צו די געסט, הייסן זיך מכבּד זײַן מיט ווײַן, שיסן מיט די אויגן און זעצן זיך אַפֿילו אַוועק אויף די קני אויך.

נאָך די ציגײַנערינס קומען זינגערקעס און זינגערס און קלאַונען.

מען טאַנצט, מען שפּרינגט, מען זאָגט צוויי-דרייטיקע וויצן. איבערהויפּט צייכנט זיך אויס איינער אַן עלטערער ליט, זייער אַ דיקער און מיט אַ ממזריש פּנים. ער קושט די הענט ביי די דאַמען אויף דער סצענע, מאַכט אויפמערקזאַם דעם פּובליקום אויף די שיינע פּיסלעך, און מאַכט קאָמישע האַוואַיעס.

און דאָך איז אין דעם אַלעמען אַריינגעמישט אַ היפּש ביסל אומעט, מרה-שחורה.

עפּעס איז די שמחה נישט גאַנץ, נישט פולקאָם. — דער עולם איז אַביסל אויפגערעגט, אָנגעכמורעט און טיילווייז קריגעריש געשטימט. — אָט, למשל, זיצן ביי מיין טיש עטלעכע רוסישע יונגעלייט און זוכן כסדר אַ געלעגנהייט זיך צו קריגן. — דאָ מאַכן זיי מיר אויפמערקזאַם, אַז מיין שטול שטייט צו נאָענט צו זייער טיש, דאָ גייען זיי פאַרביי און רייבן ספּעציעל זיך אָן אונזער טישל, ווי זיי וואָלטן וועלן אָנהויבן אַ מחלוקה.

— פאַרוואָס איז מען עפּעס אַזוי בייז? — פרעג איך ביי מיינע באַקאַנטע.

— מען דאַרף אויף זיי קיין פאַריבל נישט האָבן, — ענטפערן מיינע באַקאַנטע, — זיי זיצן ווי אויף שפּילקעס. — אַלץ ווערט פאַרשריבן.

ווייזט זיך אַרויס, אַז אין די רעסטאָראַנען און לאָקאַלן זענען פאַראַן „אויגן", וואָס קוקן נאָך, וואָס באַמערקן אַלץ, פאַרצייכענען אַלץ און האַלטן אויפן אויג.

קיין גרויסע בורזשואַזיע איז איצט אין מאָסקווע נישטאָ. אַפילו די, וואָס פאַרדינען יאָ געלט, מאַכן שטילע געשעפטן, ווייזן זיי זיך ווינציק איצט אין די עפנטלעכע פּלעצער. דער ספּעקולאַנט, דער „נעפּמאַן" איז אָנגעשראָקן. ערשט מיט אַ יאָר צוריק האָט מען הונדערטער, הונדערטער פון זיי אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט אין ווייטן נאַרים. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן דעמאָלט, אַז אין ג. פּ. או. האָט מען געוווּסט וועגן זייער גאַנצן לעבן. יעדער פלאַש וויין, וואָס זיי האָבן אויסגעטרונקען אין אַ רעסטאָראַן, איז געווען פאַרשריבן; יעדער פונט קאַוויאַר איז געווען פאַראייביקט.

דער „נעפּמאַן" ציטערט איצט, ער וויל זיך וואָס ווייניקער

באַווייזן, וואָס ווינציקער זיך וואַרפן אין די אויגן. אַפילו די גוטע בגדים, וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט, האָט ער מורא צו טראָגן אויף זיך. ער גייט בעסער אין אַ קעפּקע, כּדי אויסצוזען פּראָלעטאַרישער.

קומען אין די רעסטאָראַנען, קומען מערסטנס מלוכה-אָנגעשטעלטע, „ספּעצן", קאָאָפּעראַטיוו-מיטאַרבעטער, מענטשן, וואָס לעבן פון געהאַלטן, און איין גאָט ווייסט, פונוואַנען זיי קאָנען קומען אין רעסטאָראַנען און נאַכט-לאָקאַלן און וואַרפן מיט געלט ביי די טישלעך.

אויגן קוקן, גיבן אַכטונג, און מען קאָן קיינמאָל נישט דערגיין פון וועלכער זייט, פון וועלכן טיש די „אויגן" קוקן.

מאָרגן אָדער איבערמאָרגן קאָן מען מיטאַמאָל נעמען אויפן צימבל און פאָדערן חשבון:

— הבר, פונוואַנען האָסטו גענומען געלט צו טרינקען ווייַן?

און דער עולם איז אויפגערודערט, נישט רויק, און פאַר כּעס וויל מען זיך קריגן.

רעסטאָראַנען אַזעלכע געפינען זיך אַ סך. אומעטום מוזיק, לידער, ציגיינער, כאָרן, דעקלאַמאַציעס, זינגער, זינגערקעס, וויצן-זאָגער, טענצערקעס, קלאָונען, הומאָריסטן, לצים.

די דינער ביי די טירן שטייען גרייט, אָראָפּצוכאַפּן דעם מאַנטל.

— פּאָזשאַלויסטע! — פּראָסים!

פיל מענטשן, נעפּ-לייט, מיליטער-לייט, ספּעצן, אָנגעשטעלטע, קאָאָפּעראַטאָרס, באַאַמטע שיטן זיך אַרויס פון די לאָקאַלן האַלב און גאַנץ שכּורע.

עס איז שוין צוויי בײַנאַכט און די לאָקאַלן שליסן זיך. מען דאַרף גיין אַהיים! די באַלאַגאָלעס באַפאַלן, ווי די בינען. צוזאַמען מיטן עולם מישן זיך אויס אַנדערע, אַזעלכע, וואָס גייען איצט פון די קלובן, פאַרזאַמלונגן, קרייזלעך, וואָס זענען פול אין אַלע גאַסן.

עפּעס אַ סקאַנדאַל מיט גאַסן-פרויען און מיט מיליציאָנערן. זיי טאָרן נישט גיין שפּעט באַנאַכט נאָך איינס אַ זייגער איבער די גאַסן, די גאַסן-פרויען. אַ מיליציאָנער האָט איינע פאַרהאַלטן. זי איז שכּור, זי וויל נישט גיין אין מיליציע. דער פּאָליציאַנט פירט זי און זי גיט אים פּעטש. צוריקשלאָגן טאָר דער מיליציאַנט נישט.

קיין פֿאַרעסטירטן טאָר מען נישט שלאָגן, מעג עס זיין אַ גנב, אַ גאַסן־פּרוי.

בעטלער לויפֿן נאָך.

— אויף אַ שטיקעלע ברויט, בירגערל, פֿאַר אָרעמע קינדער.

אַן אָפּגעריסענער יונג לאָזט מיך נישט אָפּ. ער רופֿט מיך אַפֿילו מיט אַן אַלטן טיטול.

— באַרין — זאָגט ער — גיט מיר אַ „גריוונִיק", איך דאַרף אָפּצאָלן אין פּריוט פֿאַר נאַכט־לעגער.

איך האָב מורא אים געבן עפּעס, ווייל באַלד וועל איך האָבן אַרום זיך צענדליקער בעטלער, וואָס קאָנען מיר אַפֿילו אַראָפּציען דעם הוט און מאַנטל און געבן פּעטש.

פֿאַרקויפֿער, פֿאַרקויפֿערקעס, באַהאָנגען מיט זעמל, פּיראָגן, עפּל און קיכלעך, דורכגעווייקט פֿון רעגן און נעפּל, הערן נישט אויף רופֿן מיט פֿאַרשלאָפֿענע קולות:

— דאָס לעצטע קויפֿט, ביליק!

און פֿון קרעמל דערטראָגן זיך צוויי לאַנגזאַמע קלאַנגען פֿון זייגער, אַ סימן, אַז עס איז שוין צוויי באַנאַכט. די ווידער־קולות צעטראָגן זיך אין דער פֿייכטער, קאַלטער לופֿט. לעניִנס פּאָרטרעט, אויף פּאַפּיר, אין שטיין, בראַנז, מאַרמאָר, גיפּס, קוקט פֿון אַלע ווינקלען, פֿלעצער, גאַסן און פֿענסטער. איבער דער שטאָט פֿלאַטערט די רויטע פֿאָן פֿון קרעמל, באַלויכטן מיט פֿייער, זעט אויס ווי אַ פֿלאַטערנדיקער פֿאַקל — און די בעטלער און די גאַסן־הענדלער שניידן זיך נאָך אַלץ מיט זייערע פֿאַרדומפּענע קולות אין דער נאַכט אַריין.

ווי וווּנדערבאַר ביסטו, מאָסקווע, מיט דיין גרויסן מיש־מאַש, מיט דיין אַלטס און נייס צוזאַמען.

# Менск, Минск, Minsk, מינסק

דידאָזיקע פיר שפּראַכן, ווײַסרוסיש, רוסיש, פּויליש און ייִדיש באַגעגענען אויפֿן וואָקזאַל; פֿון דער גרויער וואַנט קוקן זיי אַראָפּ, און שפּעטער שטויסט מען זיך אָן אויף זיי אויף טריט און שריט, אויף אַלע קאָמיסאַריאַטן, אַמטן, אומעטום זענען די שילדן אין די פיר שפּראַכן.

בעת די באָלשעוויקעס האָבן אין 1919 דאָס ערשטע מאָל אין קיִעוו אויסגעהאַנגען אויף דער גרויס-וואַסילקאָווער גאַס אַ בלעטל מיט אַ ייִדישן אויפֿשריפֿט „י. ל. פּרץ גאַס" — האָבן ייִדן אַליין געלאַכט אין די פֿויסטן:

— כע, כע, כע, אויף ייִדיש אָנגעשריבן... משוגעים!

איצט איז עס אַ נאַטירלעכע זאַך. דער איינציקער, וואָס וווּנדערט זיך, בין איך מסתמא.

אַ ייִדישער באַלעגאָלע פֿירט מיך צו מיט אַ פֿאַיעטאָנדל צום „אייראָפּעישן האָטעל" — קיין טאַקסע פֿאַר באַלאַגאָלעס איז נישטאָ, און וויפֿל מען זאָל דעם באַלאַגאָלע נישט געבן, דינגט ער זיך.

דער האָטעל איז אַ ריינער, אַן אָנשטענדיקער. פֿאַר פֿינף רובל אַ מעת-לעת גיט מען מיר אַ גרויס צימער.

דער פּאָרטיער, אַ יונגער בחור, פֿירט מיך אַרויף מיט דער ווינדע אויפֿן ערשטן שטאָק. עפּעס אַ פּאַרשוין אין די בלויזע אַרבל פֿון העמד ציט זיך אַרויף די הויזן און פֿרעגט מיט אַ שיכּורער שטים:

— ווי ז'באַבאַי, אילי בעז?

אַ ווײַלע, דאַכט זיך, „אָט איז עס דאָך! דאָס רוסלאַנד פֿון 1918—20"! נאָר דער פּאָרטיער בעט איבער:

— איזוויניטיע, ער איז שכּור! — און ער פֿירט מיך אַרײַן אין מײַן צימער — אַ שיינעם גרויסן זאַל, באַלויכטן מיט עלעקטריע, מעבלירט מיט ווייך מעבל — און איך זע, אַז כ'האָב אַ טעות גע-

האָט — זעט אויס, אַז מײַנע שכנים אין וואַגאָן האָבן געהאַט רעכט, ווען זיי האָבן געזאָגט, אַז פון „מיליטערישן קאָמוניזם" איז קיין זכר נישט געבליבן.

* *

*

אויף זאַכאַריעווער גאַס (אָפיציעל הייסט זי אַנדערש, נאָר אין שטאָט רופט מען זי אויפן אַלטן נאָמען) איז לעבעדיק, באַוועגלעך. כאָטש עס איז שבת, זענען מערסטנס געשעפטן אָפן. ס׳רוב געשעפטן זענען קאָאָפּעראַטיוון מיט מאָדנע ראשי-תבות אויף די שילדן — אממערסטן וואַרפן זיך אין די אויגן די גרויסע „צעראבקאפּס" (צענטראַלער אַרבעטער קאָאָפּעראַטיוו). אין די קאָאָפּעראַטיוון איז פול, געפּאַקט — און אויף די טראָטואַרן איז געדיכט, ענג. סאָלדאַטן, רײַטער אין לאַנגע געשפּאָלטענע שינעלן און מיט בודיאָנישע היטלען אויף די קעפּ, שפּאַצירן מאַסנווײַז. זיי הויבן אונטער די לאַנגע פּאָלעס, ווי אַמאָל ווײַבער, בעת זיי פלעגן טראָגן לאַנגע קליידער, כּדי זיך נישט אויס-שמירן אין די מינסקער בלאָטעס. יונגעלײַט, מיידלעך, מערסטנס שוואַרצאויגיקע, שוואַרץ-האָריקע, אין לעדערנע קורטקעס און אין פּעלצלעך, מיט צעראַטענע אָנגעשטופּטע פּאַרטפּעלן אונטער די אָרעמס לויפן, אײַלן זיך. — דאָס לויפט מען אין און פון די אַמטן, וווּ מען איז באַשעפטיקט. און צווישן זיי שאַרן זיך פון צײַט צו צײַט דורך געלאַסענע ליטווישע ייִדן מיט אַ טלית-זאַק אונטערן אָרעם, גייענדיק לאַנגזאַם אין שול אַרײַן.

קיין קאַפּעצן זעט מען נישט אין שטאָט. מערסטנס זעט מען „סטאָלאָוועס", שטאָטישע רעסטאָראַנען מיט נומערן. איך זוך זיך אויס אַ פּריוואַטע קאַפּע — דאָס ביסל פאַרעלטערטע געבעקס, וואָס שטייט אויסגעשטעלט אויפן בופעט, פּייפּט מיט דלות. דער באַלעבאָס זעט נישט בעסער אויס פון זײַן געבעקס. — איך בעט מיר דערלאַנגען קאַווע. די קאַווע איז שלעכט.

— קיין בעסערע האָט איר נישט?

דער באַלאַבאָס באַטראַכט מיך און פרעגט גלײַך:

— אַן אויסלענדער?

— יאָ.

— דערקענט! — דאַכט זיך, אַז אין גיכן וועל איך שוין אפילו אַזאַ קאַווע אויך נישט האָבן.

— פאַרוואָס?

— ווייל מען דאַרף באַלד אויסקויפן אַ פּאַטענט, און ס׳איז נישטאָ מיט וואָס.

— דער עולם עסט נישט?

— פאַרוואָס? — מען עסט אין די „סטאָלאָוועס״. — איך מוז צאָלן עטלעכע טויזנט רובל פּאָדאַטקעס, האַלטן פיר מענטשן צו דער אַרבעט. די מענטשן באַקומען אורלויבן. אין „סטראַך־קאַסע״ (קראַנקן־קאַסע) מוז איך אַליין צאָלן. פאַרן קלאַפּטער דירה־געלט צאָלט מען אַן אַ שיעור — קומט אויס, אַז איך מיט דער ווייב אַרבעטן טאָג און נאַכט און האָבן נישט קיין חיונה — דערצו איז מען אָן „פּראַוועס״. קיין קינד אין שול קאָן מען נישט אָנגעבן. מען איז קיין מענטש נישט, אַ בורזשוי! כאַפּט עס דער רוח! מ׳עט איינפּאַקן די קרעמל.

אויף אַן אַנדער גאַס. איך קום אַריין אין אַן אַפּטיק, קויפן אַ גלעזל צו מיינע ברילן. אַן עלטערער ייד מיט אַן אָפּגעקומען פּנים און מיט אַ געלאַטעטער קאַפּאָטע באַגעגנט מיך מיט אַ פּאָר פאַרדאגהטע בליקן.

— אַ גלעזל? — אַז מען קריגט גאָרנישט אַזעלכע.

ענדלעך זוכט ער מיר אויס אַ גרין גלעזל. ער בעט צוויי רובל דערפאַר.

— אין וואַרשע קאָסט אַזעלכעס אַ גילדן מיט פּופציק גראָשן — זאָג איך.

— אַדרבה, ברענגט מיר אַ ביסל גלעזלעך, איך וועל אייך אַליין צאָלן צו רובל פּופציק.

מען פאַרפירט אַ געשפּרעך. — ביז דער רעוואָלוציע איז דער ייד געווען דער גרעסטער אַפּטיקער אין שטאָט. איצט ליגן ביי אים עטלעכע צעבראָכענע גלעזלעך. ער וואַרעמט זיך ביי אַ פייער־טאָפּ.

— איצט — זאָגט ער — איז שוין גוט — איך אַרבעט אַליין, איך בין אַ „קוסטאַר״, און מענטשן זענען מיך מקנא. — נאָר וואָס קומט דערויס, אַז מען קריגט נישט קיין סחורה. פאַראַן איין פאַבריק

פון שלעכטע ברילן-גלאָז אין רוסלאַנד, פאַרקויפט מען נישט קיין „טשאַסטנע״ (פּריוואַטע). —

אָט דאָס הערט מען כמעט פון יעדן סוחר, קרעמער.

— זיי! — ווייזן זיי אָן אויף די קאָאָפּעראַטיוון — מיט יעדן טאָג שטופּן זיי אונז אַלץ מער אַרויס — און צו וואָס זיך נעמען איז נישטאָ. — כאָטש וואַרף זיך אין טייך...

* *

*

ביי אַלעם אַ פריילעכע שטאָט מינסק, אַ לעבעדיקע. — ביז איצט ליגט נאָך אַלץ אויף איר דער חן פון ליטווישע יידישע שטעט נישט ווייט פון אַ גרענעץ, ווו אידעען און גרענעץ-שוואַרצעריי, פּחדנות און הפקרות, פרומקייט און אַפּיקורסות, צניעות און אויסגעלאַסנהייט, אַלטקייט און נייקייט קוועטשט זיך צוזאַמען אין די קויטיקע געסלעך און הייזלעך, און פילט אָן מיט לעבן, אומרויִקייט און האָפענונג.

דאָ איז מען נאָך פּראָווינצעריש, אַלטמאָדיש צוביסלעך און דעריבער מער גלויבעריש.

מער ווי אין מאָסקווע גלאַנצן דאָ די אויגן ביי דער יוגנט מיט פייער און ברען, ווי אין סאַמע אָנהויב רעוואָלוציע. מער ווי אין מאָסקווע לויפט די יוגנט אויף רעפעראַטן, פאָרלעזונגען. כמעט יעדער טראָגט אין דעם צעריסענעם פּאָרטפעל אַ פּאַק „דאָקלאַדן״, באַריכטן ווי אַזוי צו ראַטעווען דאָס לאַנד, ווי אַזוי צו רעוואָלוציאָניזירן די וועלט.

און מער ווי אין מאָסקווע האָט דאָ דאָס יידישע לעבן אַ זין, אַן אינהאַלט. מאָסקווע האָט אַוודאי עטלעכע מאָל אַזויפיל יידן ווי מינסק. מאָסקווע האָט אַ יידישן קאַמער-טעאַטער, פאַרלאַגן, קלובן, אַ יידישן פאַקולטעט, קורסן, די פירער און די שריפטשטעלער פון דער יידישער גאַס זענען אין מאָסקווע — נאָר אויף דעם פּאָן פון דער גרויסער שטיינערנער עכט-רוסישער קלויסטערדיקער מאָסקווע איז דאָס יידישע לעבן אַ פרעמדער פלעק, אַ שטיק אונזין.

נישט אומזיסט האָט קאַלינין אויף דעם צוזאַמענפאָר פון „געזערד״ געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט זיין אַ רבי, וואָלט ער פאַרשאָלטן די

אַלע ייִדן, וואָס פאַרלאָזן זייער ייִדישע קולטור און די מאַסן און קומען קיין מאָסקווע.

דערפאַר טאַקע איז מער ווי אומעטום שטאַרק דער אַנטיסעמי־טיזם אין מאָסקווע; דערפאַר טאַקע זענען מער ווי אומעטום בייזער און פאַרביטערטער און פאַררוסיפיצירטער די ייִדישע פירער, וואָס לעבן שוין יאָרן־לאַנג אין מאָסקווע; דערפאַר טאַקע זענען אַזוי אַבסטראַקט די ייִדישע שרייבער אין מאָסקווע, דערפאַר איז אַזוי טרוקן, האַרט און איבערזעצונג־מעסיק — „דער עמעס".

די גרויסע שטיינערנע עכט־רוסישע מאָסקווע ליידט נישט דעם צוגעטשעפּעטן „ממזרל".

אין מינסק זענען די ייִדישע אויפשריפטן, שולן, קורסן, טעאַטער, צייטונג, געריכט, וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט — אַ נאַטירלעכקייט. אויב עס איז פריער נישט געווען ביז דער רעוואָלוציע, איז עס געווען אומנאַרמאַל — און דערפאַר טאַקע פילט מען זיך אַזוי גוט אין מינסק, דערפאַר זענען דאָ די פירער מענטשלעכער און גאַנצער, דערפאַר איז דאָ די יוגנט היימישער און וואַרעמער.

* *

*

אין ייִדישן געריכט.

נישט אין קיין געהויבן אָרט געפינט זיך דאָס ייִדישע געריכט אין מינסק — אין אַן ענגער דירה, אין שכנות מיט ליטווישע ייִדישע איינוווינער. איך פעדערהייזל פון געריכט שטייען אַרויסגעשטעלט די קאָטשערעס מיט די לאָפּעטעס, מיט די זאַלצבערעטלעך פון די שכנים. אין די סאַמע וויכטיקסטע מאָמענטן, ווען דער גורל פון אַ מענטש הענגט אויף די וואָגשאָלן, רייסט זיך אַריין דורך דער דינער שכנהשער וואַנט אַ קריגערייי צווישן מאַן און ווייב אָדער דאָס וויג־ליד פון אַ מאַמען ביים וויגל פון איר וויינענדיק קינד.

מיין באַקאַנטער יונגינקער סימפּאַטישער פּאָעט, וואָס נאָך מער ווי די שטיוול זיינע זענען איינגעטונקען אין בלאָטע, איז דער קאָפּ זיינער איינגעטונקען אין אידעען, פאַנטאַזיעס און גלויבן, פאַרענטפערט זיך פאַר מיר:

דאָס געריכט איז אַנטשטאַנען שפּעטער, ווען די בעסטע דירות אין שטאָט זענען שוין געווען פאַרכאַפּט, און רעקוויזירן איצט טאָר מען נישט...

אין דעם אָרעמען געריכטס-זאַל זענען פאַרזאַמלט עטלעכע צענדליק יידן און יידענעס. דער געריכטס-טיש איז געדעקט מיט אַ רויטן טוך. לעבנס פּאָרטרעט הענגט אויבנאָן. דאָס געריכט פאַרשפּעטיקט. צופיל אַרבעט איז דאָ. כמעט אַלע יידן קומען אין יידישן געריכט, און די ריכטער אַרבעטן איבער די כוחות. די פאַרזאַמלטע ווייבער זענען אומרויק.

— מאַריאַסקע — זאָגט איין יידענע צו דער צווייטער — איך וועל זיך ניט דערוואַרטן, איך גיי אַהיים.

— גיי, גיי — זאָגט איר די שכנה — ישראלקע דער מיליציאָנער וועט דיך קומען „בעטן".

מאַריאַסקע גייט נישט. זי ווייסט, אַז מיט ישראלקען דעם מיליציאָנער גייען נישט אָן קיין חכמות. פאַר נישט שטעלן זיך קריגט מען שטראָף — און זי וואַרט און קלאָגט זיך:

איבערגעלאָזן פּיצלעך אין שטוב. — אַ זינט פאַר גאָט..

אַ ייד מיט אַ געשניצט-בערדל וויצלט זיך:

— ניטאָ מער קיין גאָט. זעסט ניט ווי אויף דער וואַנט הענגט ניט גאָט נאָר לענין?..

— ביי אונז אין קאַמאַראַווקע איז נאָך פאַראַן אַ גאָט! — זאָגט די יידענע.

קאַמאַראַווקע איז אַ געגנט אין מינסק; קאַמאַריקע רופט מען זי. ענדלעך קומט אַריין אַ יונגעניקער שוואַרץ-חנודיקער בחורל, קלינגט מיטן גלאָק און רופט:

— אויפשטיין, דאָס געריכט גייט!

אַלע שטעלן זיך אויף — מיין באַקאַנטער רוימט מיר איין:

— אויך אַ יונגער דיכטער, דער סעקרעטאַר פון געריכט, אַ פּעיקער.

דער ריכטער, אַ יונגערמאַן אין ברילן, זעצט זיך ביים טיש פון ביידע זייטן זעצן זיך צוועק אַ מאַן און אַ פרוי, ביידע אַרבע-

טער און אין אָרעמע קליידער — דאָס זענען מיטריכטער, וואָס מען נעמט פון די שטאָט-איינוווינער, ווי אַמאָל געשווירענע.

— דען ענין קאַהאַן-שטיגליץ! — רופט אויס דער ריכטער.

צום טיש גייט צו אַן עלטערער ייד.

ער ווערט אָנגעקלאָגט, אַז מיט אַ צייט צוריק האָט ער פאַר־לאָזן זיין ווייב און איר נישט געגעבן קיין פּרנסה, אַלימענטן, הייסט עס, כאָטש דאָס געריכט האָט געפּסקנט, אַז ער דאַרף איר צאָלן אַ געוויסע סומע. דער מיליציאָנער גאָלדבערג איז געגאַנגען לייגן אַן אַרעסט אויף קאַהאַנס שמוקלער-סחורות, אָבער קאַהאַן האָט געכאַפּט די סחורות, אַריינגעוואָרפן זיי צו זיין באַלעבאָסטע שטיגליץ, אָנגעבנ־דיק, אַז די סחורות זענען נישט זיינע, נאָר זיין באַלעבאָסטעס.

דער אַלטער קאַהאַן פאַרענטפערט זיך:

— איך בין אָרעם, זאָל איך אַזוי האָבן אַ גוט יאָר, ווו זאָל איך נעמען צאָלן אַלימענטן? אַז איך האָב נישט... די סחורות זענען דער באַלעבאָסטעס, חבר ריכטער...

דאָס פאַרלאָזענע ווייב זיינס שרייט פון באַנק:

— לעבן זאָלסטו אַזוי, אַלטער בעל-עבירהניק! די שטיגליץ איז נישט דיין באַלעבאָסטע, נאָר דיין „ליובאָווניצע”! לעבסט מיט איר...

דער ריכטער קלינגט:

— בירגערין קאַהאַן! איר וועט באַקומען דאָס וואָרט, רייסט נישט איבער!

נאָר די בירגערין קאַהאַן קאָן נישט איינזיצן:

— אַזאַ אַלטער ביין! אַזאַ גאָרגיט!..

דער ריכטער סטראַשעט מיט שטראָף. קוים עס געלינגט דעם אַדוואָקאַט איר, ער זאָל זי איינגעמען און באַרויקן.

דער מיליציאָנער גאָלדבערג רעדט אין אַ צייטונגס-יידיש:

— איך קאָן די גאַס, ווו קאַהאַן וווינט, ווי מיינע צען פינגער. איך באַשטעטיק, אַז די סחורה, וואָס איך בין געקומען פאַרחתמענען, איז זיין אייגנטום. זיינע ערקלערונגען שטימען נישט מיטן אמת.

נאָך אַ שעה צייט ווערט פאַרענדיקט דאָס אויספרעגן די עדות. די אַדוואָקאַטן נעמען רעדן.

אַ רחמנות געבעך אויף די אַדוואָקאַטן אין רוסלאַנד. אָנשטאָט זיצן אויבנאָן אין אַ פּראַק און אין אַ גרויסן גאָרס, זיצן זיי, די אַדוואָקאַטן, גלייך מיטן פּובליקום אויף דער באַנק. דער ריכטער הערט זיי אויס, אָבער ער פירט נישט מיט זיי קיין ויכוחים, צאַצקעט זיך נישט מיט זיי.

אָט טרעט טאַקע אַרויס אַן עלטערער אַדוואָקאַט, וואָס פאַר-טיידיקט דעם בירגער קאַהאַן. דאָס איז אַ טיפּ פון אַן אַלטן פּראָ-ווינצער „פּריסיאַזשני פּאָווערעני", וואָס קאָן דעם קאָדעקס, ווי אַ פרומער ייד אשרי — איצט מוז ער רעדן אויף יידיש, און עס קומט אים אָן מיט צרות.

— חברים ריכטער — הייבט ער אָן.

דער ריכטער פאַרבעסערט אים:

— בירגער ריכטער!

— איזוויניטיע — ריכטער בירגער — זאָגט ער.

ער כאַפּט זיך, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות און ווילנדיק פאַרריכטן, פאַרפּלאָנטערט ער זיך נאָכמער:

— חברים בירגער, המ... בירגער חברים...

דער זאַל לאַכט. דער אַלטער פאַרלירט זיך נאָך מער. ער רעדט האַלב יידיש האַלב רוסיש, שיט מיט פּאַראַגראַפן ווי פון אַ גע-לעכערטן זאַק.

דער אַדוואָקאַט פון דער פּרויס צד איז אַ יונגער, אַ שיין-רעדנער, אַ היינטיקוועלטישער. ער רעדט אַ ריינעם יידיש, שוין צו-פיל אַן אויסגעפּוצטן, און אָנשטאָט שיטן מיט פּאַראַגראַפן, שפּילט ער אויף „פּסיכאָלאָגיע".

— אַ מאַכלדיקער יונגערמאַן!.. סודען זיך די מיידלעך צווישן זיך.

— אויפּשטיין! — באַפעלט דער סעקרעטאַר.

דער ריכטער איז זיך מישב אַ ווײַלע מיט די בייזיצנדיקע און טראָגט אַרויס אַ פּסק. — אַ ווײַלע טומלט זיך צווישן די צדדים און עדות. און שוין רופט מען אַ נייעם „ענין" — דאָס מאָל אַ קרימי-נעלער. אַ יידינע אַ קצבטע, וואָס איז אָנגעשטעלט אין אַ קאָאָפּע-ראַטיוו ביי פלייש, ווערט באַשולדיקט אין גניבה. דאָס געריכט איז

פול מיט קצבים, אַגענטן. די שטימונג איז אָנגעשטרענגט. עס שמעקט מיט תפיסה.

* *
*

איך שטאָט אָפּ אַ וויזיט דעם ריכטער ביי זיך אין קאַבינעט. ער איז אַ געוועזענער אַרבעטער, אַ צייט לאַנג געקעמפּט אויף די פראָנטן, ענדלעך האָט מען אים באַשטימט אַלס ריכטער פון מינסק. קיין יוריסט איז ער, נאַטירלעך, נישט, נאָר דעם קאָדעקס האָט ער זיך אויסגעלערנט.

ער איז אַפילו שטאַרק פאַרנומען, נאָר ער גיט מיר אָפּ עטלעכע מינוטן מיט פאַרגעניגן.

— אַ מאַסע אַרבעט — זאָגט ער — 80 פּראָצענט יידן גייט צום יידישן געריכט, אַפילו פון פרעמדע ראַיאָנען, איבערהויפּט קרי־מינעלע.

— מיט וואָס ערקלערט עס זיך?

— ערשטנס, די שפּראַך — מען קאָן זיך אויסטענהן — צווייטנס, די סביבה — פאַראַן מאַסן פּראָצעסן, וואָס פאָדערן, אַז דער ריכ־טער זאָל קענען די סביבה; מען זאָל פאַרשטיין די באַדינגונגען, סכסוכים, מנהגים, דעם טאָן אַפילו. — און מען קומט אין יידישן געריכט. — מען קומט שוין צופיל. פאַר דער מינדסטער זאַך גיט מען אָן אין געריכט.

— און ווי אַזוי באַציִען זיך יידן צום געריכט?

— איצט שוין פיל בעסער. תחלת האָט מען צופיל גערעדט, געריסן זיך, ווי ביי אַ רב, איצט האָט מען זיך צוגעוווינט צו דיס־ציפּלין — כאָטש מען האָט נאָך אַלץ פאַריבל, וואָס מען לאָזט זיך נישט געבן „אויסטענהן".

עס קומט אַריין אַ יונגערמאַן אין אַ שינעל און אין אַ קאַוו־קאַזער שעפּסן היטעלע און דערלאַנגט דעם ריכטער אַ פּאַפּיר.

— ווער זענט איר?

— רייכלין, איך קום פון „דאפר" (טורמע).

— אַהאַ! — דערמאָנט זיך דער ריכטער — זענט איר שוין אָפּגעזעסן די עלף חדשים?

— ניין, נאָך זיבן חדשים האָט מען מיך באַפרייט פאַר גוטער אויפפירונג.

נעבעך אַ שלימזל, דער רייכלין. ער איז געווען אַן אַרבעטער, געהערט צום פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, נאָר אַ נישט־באַוווסטזיניקער, האָט ער געמאַכט אַ שווינדל. דאָס ווייב האָט אים געבוירן אַ צווילינג. איין קינד איז געבליבן לעבן, איינס איז געשטאָרבן. לויטן געזעץ ווערט אויסגעצאָלט יעדן פאַריין־מיטגליד צו צוואַנציק רובל פאַר אַ געבוירן קינד אויף קליידלעך, און אויך צוואַנציק רובל פאַר אַ געשטאָרבן קינד אויף לויה־הוצאות.

רייכלין האָט דערפון נישט געוווסט, ער האָט געמיינט, אַז פאַר טויטע קינדער גיט מען גאָרנישט, האָט ער פאַרשריבן דאָס טויטע קינד אַלס לעבעדיקס, כדי צו נעמען דערפאַר 20 רובל. — מען האָט אים געכאַפּט און אָנגעקלאָגט אין געריכט.

אַזוי ווי רייכלין האָט נאָך פון פריער אויך געהאַט זינד — אַ טייל מיטגלידער פון פאַריינען פלעגן אויסלייען זייערע פאַריין־ביכלעך צו „ניט־טראַדאוואיע״, נישט־אַרבעטנדע עלעמענטן. יענע פלעגן אָפּנעמען געלט פאַר זייערע קינדער, וואָס ווערן געבוירן אָדער שטאַרבן, און זיך געטיילט מיט די ביכל־לייער. דאָס איז אויף דער „נעמיגע״ אין מינסק געוואָרן אַ גאַנצע פּרנסה.

איינער פון זיי איז אויך געווען דערזעלבער רייכלין — און דער ריכטער האָט אים איינגעזעצט אויף עלף חדשים. אָבער רייכלין האָט זיך אין טורמע גוט אויפגעפירט און נאָך זיבן חדשים האָט מען אים אַרויסגעלאָזט.

— ווועט איר שוין זיין אַן אָרנטלעכער מאַן, חבר רייכלין? — פרעגט אים דער ריכטער.

— יאָ.

— און צו וואָס רעכנט איר זיך איצט נעמען?

— צו מאַליעריי.

— איר זענט דען אַ מאַליער?

— יאָ, אין טורמע האָט מען מיך אויסגעלערנט מאַליעריי.

דער ריכטער שרייבט אים אונטער די פּאַפּירן.

— אַ גוטן טאָג, חבר ריכטער.

— אַ גוטן טאָג, חבר רייכלין.

אַזעלכע יידישע געריכטן זענען דאָ אין סאָוויעטן רוסלאַנד קנאַפּע פערציק.

* * *

אין אינסטיטוט פאַר ווייסרוסלענדישער קולטור „אינבעלקולט״.

אין קאָרידאָר נעמט דער דינער אַראָפּ דעם מאַנטל. — ליכטיקע־שיינע אַפּאַרטאַמענטן. — אַסך בחורים און מיידלעך, העל־האָריקע, העל־אויגיקע, אַרבעטן. דאָס ערשטע מאָל, ווי איך הער ווייסרוסיש אין דער ווייסרוסישער רעפּובליק.

אין דער יידישער אָפּטיילונג זיצט מען געשמאַק און מען אַרבעט. דאָ ווייסט מען נישט פון קיין פּאָליטיק, — אַרבעט און אַרבעט. פאָלקלאָר, געשיכטע, פילאָלאָגיע, ביבליאָגראַפיע. דאָ ווערט געזאַמלט אַלץ, וואָס די יידישע וועלט האָט געשאַפן אין אַלערליי שפּראַכן. דאָ גרייט מען אַ יידישן אַקאַדעמישן ווערטערבוך. זיצן סטודענטן און ציילן די ווערטער פון יידישע קלאַסיקער, שרייבער, כדי אויפצוזאַמלען אַלע ווערטער, וואָס ווערן באַנוצט אין דער יידישער ליטעראַטור. זיצן מענטשן און קלייבן מאַטעריאַל פאַר יידישע דיאַלעקטן. שיקט מען אַרויס קאַרטלעך, זאַמלען יידישע אויסדריקן. מאַכט מען עקספּעדיציעס אין שטעט, ווו עס זענען געבוירן געוואָרן און געשאַפן יידישע שריפטשטעלער. אַרבעטן קאָמיסיעס פאַר געגנט־קענטניש, יידישן לעבנס־שטייגער, עקאָנאָמיק, סטאַטיסטיק, דעמאָגראַפיע.

די מענטשן זענען איבערגעגעבן צו דער אַרבעט מיט לייב און לעבן. — מיר וואָלטן וועלן האָבן געלערנטע — זאָגט מען מיר, אַזעלכע געלערנטע, ווי דובנאָוו א. אנד. די וועלט זאָל האָבן דעם גרעסטן צוטרוי צו אונזער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע, אין וועלכער די אָפּטיילונג דאַרף זיך פאַרוואַנדלען. — מיר זענען מוחל אַלע חטאים, אַבי מען זאָל קומען צו אונז אַרבעטן...

דאָ הערשט אַרבעט, און ווער עס איז פאַר אַרבעט — איז מיט זיי.

מען באַקענט מיך מיטן פּראָפעסאָר איגנאַטאָווסקי, דעם געוועזענעם פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר בילדונג אין ווייסרוסלאַנד, אַ פּראָפעסאָר

פון מינסקער אוניווערסיטעט. ער רעדט מיט מיר פּויליש, נאָר אַז עס קומט צו דערמאָנען די יידישע שפּראַך — זאָגט ער „יידיש".

ער ווייסט וועגן אַלץ כמעט, וואָס עס טוט זיך אין דעם יידישן קולטורעלן לעבן.

— מיר אַרבעטן צוזאַמען — זאָגט ער — אונז איז גלייך טייער ווייסרוסיש ווי יידיש. אין יידיש איז דאָ מער טיכטיקע מענטשן, אין ווייסרוסיש איז דאָ מער לעזער.

— איז עס שוין לאַנג אַזוי?

— ניין. פריער פלעגן די פויערן באַנוצן די ביכלעך און צייטונגען, וואָס מיר האָבן זיי געשיקט, אויף וויקלען מאַכאָרקע און רויכערן. היינט לעזען זיי שוין. אַלץ מאַכט די שול.

איך באַקען זיך מיט עטלעכע ווייסרוסישע שרייבער, דער אָנגעזעענסטער איז יאַנקאָ קופּאַלאַ. ער האָט אויף זיך אַסך פּאָליטישע זינד בנוגע די סאָוויעטן, אָבער מען איז אים מוחל, און אָן תשובה, גאָרנישט ווי ביי אונז יידן. דאַכט זיך, אַז ער באַקומט אַ מלוכה־סטיפּענדיום. צווישן די ווייסרוסישע שריפטשטעלער זיצט אויך אַ ליטווישער ייד מיט אַ געקרייזלטן קאָפּ, דער ווייסרוסישער דיכטער באַדוליאַ. זיין פּאָטרעט הענגט אין אַ סך ווייסרוסישע שולן.

ער דערציילט מיר אין אַ דאָרפישן יידיש, מיט גראָבע „רישן", וועגן דעם ווייסרוסישן ליטעראַרישן זשורנאַל, ביי וועלכן ער אַרבעט.

דער פלאַך פון וויסן איז אַזוי ריין, זויבער און קלאָר, ווי דאָס וויסן.

* *

*

יאָגט מיך אָן אַן עלטערער מענטש, האַלב־ייד, האַלב קאַווקאַזער, אויף דער גאַס און פרייט זיך מיט מיר אויף ענגליש —

— אפשר רעדט איר רוסיש? אָדער יידיש?

— ביטע זייער — ענטפערט דער ברוין־הויטיקער אין יידיש — נאָר קומט אַוועק אין אַ ווינקל. דאָ איז א מורא צו רעדן. שפּיאָנען פון אַלע זייטן.

מיר קערן זיך אָפּ אין אַ זייטיק שטיל געסל. — דער ייד כאַפּט מיך ביי די הענט און בעט זיך:

— טאָמער וועט מען אייך פירן אין רעסטאָראַנען, געבן אייך ווינען אין די שענסטע האָטעלן, לאָזט זיך נישט! — זיי פאַררעדן די ציין, די באַנדיטן, זיי ווייזן אן אויפן שענסטן און בעסטן און דערנאָך פאַרפירט מען סאָציאַליסטן פון אויסלאַנד אַהער און מען פאַרפינסטערט זיי דאָס לעבן... איך בין אויך אַ זעלבער. זעט!

ער ווייזט מיר פּעק מיט צייטונגען, נאָטיצן, בריוו מיט חתימות — אין פאַרזיכער אים, אַז ער קען זיין רויק.

— צום באַדויערן — זאָג איך — וויל מיך קיינער נישט פירן אין רעסטאָראַנען, איך גיי אַליין און צאָל גוט געלט. קיינער גיט מיר נישט קיין נומערן אין האָטעלן. איך צאָל, און צאָל טייערער, ווי אַן אויסלענדער.

נאָר דער ייד לאָזט מיך נישט אָפּ:

— נאָר לאָזט זיך נישט פאַרפירן פון די באַנדיטן — היט זיך!...

* *
*

אין בית-המדרש. יידן דאַוונען געשמאַק. מען זאָגט קדיש. נאָר יונגעלייט זעט מען ווינציק.

מען באַטראַכט מיך. איך בין דער איינציקער אין אַ הוט. אַלע טראָגן וועלאָסיפּעדן-היטעלעך, קעפּקעס, פּוטערנע היטלען, קיין הוט זעט מען נישט.

— וואָס דאַרפט איר, אַ קדיש? — פרעגט מיך אַן איינגעדאַרט ליטוויש יידל, וואָס דער שמש שמעקט פון אים ווי ווייט.

— ניין. אַזוי זיך געקומען זען ווי יידן דאַוונען.

— פון אויסלאַנד? — מען רינגלט מיך אַרום.

דערציילט אַן עלטערער ייד: — ווי איר זעט מיך, בין איך פריער געווען אַ גרויסער „ליעסניק", אַ וואַלד-סוחר — היינט פאַרקויף איך האָלץ אויפן פוד. אַ מאָל אויפן פונט, נאָר איך קלאָג נישט, אַבי זיכער, רויק. דער ייד קען האַלטן די קאָפּ גלייך.

— אַז ניטאָ וואָס אין מויל צו נעמען — זאָגט אַ קלייז יידל — איז ממילא די קאָפּ אַראָפּגעלאָזן...

— יידן דאַרפן זיך אויף דער „סאָוויעטסקא וולאַסט" נישט קלאָגן — מישט זיך אַריין אַ יידל מיט אַ געשניצט בערדל — קיינמאָל האָבן יידן נישט געהאַט אַזעלכע „פּראַוועס" ווי איצט...

— דיר איז ווויל, ביסט אַ קוסטאַר — וואַרפט אים פאָר אַ הויכער יונגערמאַן — די קוסטאַרן לעבן אַ טאָג. איך וואָלט דיך וועלן זען אַ קלייטניק...

זיי זענען מיוחסים, די קוסטאַרן, איצט און זיי האַלטן שטאַרק מיט די סאָוויעטן. פונקט ווי אַמאָל איז ביי יידן אַ בעל־מלאכה געווען אַ פּסיל, איז איצט דער בעל־מלאכה אין רוסלאַנד אַ חשוב.

— איך בין אַ קוסטאַר! — רופט מיט גדלות אַ בעל־מלאכה אין קלויז און מוז מען אים געבן ששי.

* *

*

אין איינער פון די פיל יידישע שולן, וואָס מינסק פאַרמאָגט. די דיסציפּלין אין ש.ל איז אַ שוואַכע. — דאָ ווערט געלערנט אויף דעם דאַלטאָן־סיסטעם — איך פאַרשטיי זיך, צום באַדוירן, זער ווייניק אין פּעדאַגאָגיק. איך כאַפּ אַ שמועס מיט די קינדער. די ליטווישע שאַרף־אויגיקע און שאַרף־צונגיקע בחורימלעך און מיידלעך האַלטן זיך פריי, דרייסט. נישטאָ די אַמאָליקע שילערישע שעמעוודיקייט.

— אָט איך — זאָגט אַ מיידל — האַלט שוין ביי ענדיקן די שול.

— צו וואָס רעכנט איר זיך נעמען איצט?

— צו שניידעריי.

— אייערע עלטערן זענען שניידערס?

— ניין, קרעמער. און איך וויל אַרבעטן.

ווי דער לערער גיט מיר איבער, זענען דעם מיידלס עלטערן נישט אָרים. די אַרבעט איז פאַרן מיידל נישט אַ נויטווענדיקייט, נאָר אַן אידעע, אַ רעזולטאַט פון דער שול, וואָס פאַרהערלעכט די אַרבעט.

— און איך וויל זיין אַ מעכאַניקער — זאָגט אַ ייִנגל פון אַ יאָר פופצן.

— איר זענט געניגט דערצו?

— גאָר! — נאָר מיר דאַרפן אויפשטעלן די אינדוסטריע, און מיר דאַרפן האָבן מעכאַניקער.

— און איך וועל גיין אין פעדטעכניקום — זאָגט אַ דין מיידעלע אין שטיוועלעך — איך וויל זיין אַ לערערקע.

אַ קליין ייִנגל, אַ בלייכס, אַ מאָגערס, מיט אַן אַלטן קאַפּ רוקט זיך אַרויס און פרעגט מיך:

— איר זייט פון וואַרשע, קאָנט איר אפשר מיין ברודער?

ער רופט אָן אַ נאָמען פון אַ באַקאַנטן צעירי-ציוניק אין וואַרשע.

— איך דערצייל אים וועגן זיין ברודער, וועלכער איז גראָד מיינער אַ באַקאַנטער.

— און איר וועט אויך זיין אַ צעירי-ציוניק? — פרעג איך דעם ייִנגל.

— אָפּגעהיטן זאָל איך ווערן! — זאָגט דער קליינער און ווערט רויט פאַר חרפּה.

ער איז שוין אַ קאָמסאָמאָלעץ, קאָן אַלע קאָמוניסטישע לערעס אויף אויסנווייניק, ווי אַמאָל אַ ייִנגל אַן עלוי פלעגט קענען די גמרא. ער פירט שוין אַליין זיצונגען, שרייבט טעזיסן און לייענט רעפּע־ראַטן. און מיטאַמאָל אַזאַ חרפּה!..

אין פעדטעכניקום איז שוין וואַקאַציע, מען גרייט זיך פייערן דאָס נײַנטע יאָר פון דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע. שילערינס פוצן די זאַלן, שילער מאַכן רעפּעטיציעס צו דער פאָרשטעלונג. חברה זיצט ביי די טישן און שרייבט לאָזונגען — ס'איז אַ שמחה, אַ יאַריד — בלויז די לערערס און לערערקעס באַקענען מיך אַ ביסל מיט די לאַבאָראַטאָריעס, דערגרייכונגען — איך באַקען זיך אויך מיט אַ היפּש ביסל טשערעפּאַכעס, שלאַנגען, זשאַבעס און אַנדערע שרצים און ווערעם. — ליידער איז מיר מער נישט אויסגעקומען זען.

אינטערעסאַנט, אַז אין אַ סך שולן, ווו מיר איז אויסגעקומען צו זיין, האָבן די קינדער געווידמעט גרויסע לאָזונגען לכבוד דעם „כאַווער דזשערזשינסקי". אין טייל שולן האָט דער קינדער-זשורנאַל

אָדער די וואַנט-צייטונג גערופן זיך אויפן נאָמען פון „כאוועד דזשער-זשינסקי".

צי איז עס אַ סיסטעם אַזאַ, אָדער די קינדער אַליין טוען עס פון זייער אייגענער איניציאַטיוו — איז שווער צו וויסן.

# אויפן וועג צו די יידישע קאָלאָניעס

נאָך איבערלייענען אַסך בראָשורן און אויסהערן אַ סך רעדעס וועגן דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד, האָב איך ערשט נישט אָנגעהויבן וויסן, וואָס אַזוינס די קאָלאָניזאַציע שטעלט מיט זיך פאָר.

דער קלוגער, סימפּאַטישער און ענערגישער אָרגאַנאַם ליובארסקי האָט מיר ביי זיך אין שיינעם קאַבינעט אויף גראַנאַטני פּערעאולאָק אין מאָסקווע געגעבן אַ לעקציע קאָלאָניזאַציע, אַז מיר איז גלייך ליכטיק געוואָרן אין די אויגן.

— איצט פאַרשטיי איך — האָב איך געזאָגט.

— פאַרשטיין איז נאָך ווייניק, מען דאַרף זען. פאָרט צום ערשטן צום קריוואראָגער ראַיאָן.

האָב איך זיך אָפּגעשלעפּט אַ קנאַפּן מעת-לעת און אָנגעקומען קיין קריוואראָג.

אַן אינטערעסאַנטע שטאָט קריוואראָג; זי שטייט איינגאַנצן אויף אייזן. מיט אַ צייט צוריק איז קריוואָראָג געווען אַ דאָרף, נאָר מען האָט אָנגע...ן געפינען אייזן. די פויערן פון די אַרומיקע געגנטן, ביי וועלכע מען האָט פּלוצלונג אָפּגעקויפט די ערד און געצאָלט זיי „גוטע" פרייזן, זענען גליקלעך געווען פון די „מציאות", וואָס זיי האָבן געכאַפּט, און אָנגעהויבן בויען הייזער, מויערן, און עס איז אַנטשטאַנען אַ שטאָט. דערפאַר טאַקע איז אין שטאָט אַ מיש-מאַש,

אָט שטייט אַ קליין הייזל, אַ דאָרפישס, און דערנעבן שטייט אַ מויער פון עטלעכע שטאָק.

אַז עס איז געוואַקסן אַ שטאָט, זענען באַלד געקומען, ווי דער שטייגער איז, יידן און פאַרלייגט קראָמען און קלייטן. פויערן האָבן געהאַט געלט און געטרונקען. אייזן, פאַרב האָט מען געגראָבן, זענען געקומען אינזשעניערן, טעכניקער, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט האָטעלן, רעסטאָראַנען. טויזנטער אָרעמע פויערן האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן אין די שאַכטעס, פאַרדינען, האָבן זיך געעפנט שענקען, קראָמען פון קליידער, שיך.

איבערהויפט האָט זיך דאָ אַמאָל אויסגעצייכנט אַ קלאַס, וואָס האָט זיך גערופן „סאָבאַטשניקעס" (פלבימניקעס אַזוי צו זאָגן) און נאַטירלעך געהאַט אַ סך יידן. זיי פלעגן זונטיק, ווען די באַרג-אַרבעטער זענען געווען פריי, פאַרקויפן ביליקע טאַנדעט-קליידער, ביי וועלכע מען האָט נישט שלעכט פאַרדינט. נאָר צוזאַמען דערמיט פלעגט מען אויך פאַרקויפן בראָנפן און דעם באַרג-אַרבעטער דעם קונה אָנגעשיכורט. האָרעווענדיק אַ גאַנצע וואָך שווער און ביטער, האָט זיך דער אַרבעטער מיטן בראָנפן מחיה געווען, און אַזוי לאַנג געטרונקען, ביז ער האָט אַוועקגעגעבן פאַר דעם ביטערן טראָפן נישט נאָר דעם שווער-אָנגעהאָרעוועטן געהאַלט, נאָר אויך דעם קאָסטיום, וואָס איז איבערגעגאַנגען צום זעלבן טאַנדעטניק-„סאָבאַטשניק", כדי אים די צווייטע וואָך ווידעראַמאָל פאַרקויפן און ווידעראַמאָל אים צוריק אָפנעמען

אָבער דאָס איז אַלץ געווען אַמאָל.

היינט האָבן די אַרבעטער אַן אייגענעם קאָאָפּעראַטיוו, און בראָנפן קאָנען זיי קויפן ווו זיי ווילן פאַר געלט, קיין קאָסטיומען פאַרזעצן פאַר בראָנפן קאָן מען נישט.

אויף מיילן ווייט ציען זיי זיך די גרובן. דער גאַנצער געגנט איז רויט פון ראָסט. איך קום אַרויס נאָכמיטאָג צו די גרובן, ווען טויזנטער אַרבעטער קערן זיך אום צו דער אַרבעט. אַלע זענען זיי רויט, באַדעקט מיט ראָסט פון קאָפּ ביז די פיס. מיט די לאַמטערנדלעך אין די הענט, מיט די רויטע קליידער, שיך, היטלען, מיט די רויטע געזיכטער, הענט, פיס, מאַכן זיי אַ מאָדנעם איינדרוק. אויף

רויטע פעלדער שאַרן זיך רויטע באַשעפענישן, טייל גייען, קריכן,
רייטן אויף פערד, אַהין, אַהין צו די רויטע בערג און גרובן.

די פערד זענען רויט, די פאַרביילויפנדיקע הינט זענען רויט,
די געגנז, וואָס לאָזן זיך צום רויטן טייכל, זענען רויט, און אַפילו
אַלע פויערן און פויערטעס, וואָס פאָרן פאַרביי מיט זייערע פערד און
וועגן, זענען אויך רויט, באַדעקט מיט ראָסט.

איך גיב אַ קוק אויף זיך אַליין — און איך בין אינגאַנצן רויט,
באַדעקט מיט ראָסט.

דאָס רויטקייט עסט זיך איין, עס איז אומעטום, אין די
מענטשן, אין די בהמות, אין די הייזער.

אַ שווערקייט, אַ געוואַלטיקע שווערקייט ליגט אין דער גאַנצער
געגנט. אייזן, ראָסט, פאַרב, טיפע שאַכטן ציען זיך, היילן, דורכ-
גאַנגען, מאַשינען אַרבעטן, פייפן. דינאַמיט רייסט אויף. וואַגאָנעט-
קעס לויפן אַראָפּ און אַרויף, שלעפּן אייזן פון דער ערד און פירן
אַוועק צו וואַגאָנעס. אַרבעטער, ווי די פליגן קליין, קריכן טיף אין
דער ערד און גראָבן אייזן פאַר דער וועלט. און הונדערטער באַלאַ-
גאָלעס, רויטע, פאַרראָסטע, קריכן נאָך נאָך זייערע לאָסט-פערד און
טרייבן פון זיך און זייערע בהמות די כוחות אַרויס.

— וויאָ! וויאָ!

שווער איז דער אייזן, די רויטע ערד, דאָס מינדסטע וועגעלע
וועגט אָן אַ שיער און מען טרייבט מיט אַלע כוחות.

צווישן די הונדערטער באַלאַגאָלעס, די אייזן-פירער, זענען דאָ
טייל יידן-קאָלאָניסטן פון די נאָענטע קאָלאָניעס. עס איז ווינטער-צייט,
אין דאָרף איז נישטאָ וואָס צו טאָן. פערד דאַרפן עסן, צום ברויט
דאַרף מען האָבן נאָך עפּעס, און יידן פירן אייזן און פאַרדינען פאַר
אַ טאָג אַרבעט מיט אַ פאָר פערד דריי-פיר רובל.

— אָט דאָס זענען „אונזערע" — ווייזט מיר דער אַגראָנאָם —
אָט די, די.

נאָר ווער קאָן זיי דערקענען, אַז אַלע האָבן דאָ איין פנים —
רויט!

אַ רייכער געגנט דאָ, דער קריוואָראָגער. דאָ איז די ברכה פון
דער ערד. אויסער דער רויטער ערד, איז אויך דאָ שוואַרצע ערד,

ערד, וואָס מען דאַרף נישט מיסטיקן אַפילו, וואָס איז אַליין פּנט גענוג, און דאָס מיסט פון בהמות נוצט מען דאָ אויף ברענען אין די קיכן, ווייל קיין וועלדער זענען דאָ נישטאָ, בלויז סטעפּ.

און אָט אין דעם געגנט, וואָס איז געבענטשט פון איין זייט מיט אייזן, פאַרב, פאַבריקן, באַנען, און פון דער צווייטער זייט מיט שוואַרצער פעטער ערד, האָבן זיך אַמאָל, מיט העכער הונדערט יאָר צוריק, יידן אויף דער ערד באַזעצט און וואויגען דאָרט ביז היינ־טיקן טאָג.

זיבן אַלטע יידישע קאָלאָניעס זענען דאָרט פאַראַן. און אויף 75000 אַקער זיצן פופצן הונדערט פאַמיליעס, אַן ערך פון אַן אַכט טויזנט נפשות.

צו זיי האָבן אין די יאָרן 1922–23 אָנגעהויבן ציען זיך יידן פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך, פון פאָגראָמירטע, חרוב־גע־וואָרענע ערטער, און אין שכנות מיט די אַלטע קאָלאָניסטן אָנגעהויבן זיך באַזעצן אויף דער ערד, אויף דער שוואַרצער ערד, וואָס האָט פון איין זייט רויטע אייזן־גראָבן און פון דער צווייטער זייט שכנים יידן קאָלאָניסטן.

* * *

עס קומט אָפט אויס צו הערן וויכּוחים אין דער געזעלשאַפט, ווער עס איז געווען דער אמתער טאַטע פון דער יידישער קאָלאָני־זאַציע אין רוסלאַנד. די יידישע סעקציעס האַלטן, אַז זיי זענען גע־ווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך גענומען צו קאָלאָניזאַציע און דעריבער דאַרף די קאָלאָניזאַציאָנס־באַוועגוג פאַרשריבן ווערן אויף זייער קרע־דיט. אַנדערע טענהן, אַז דער עיקר האָט געאַרבעט דער „דזשאָינט", אונטער דער פירערשאַפט פון ד"ר ראָזין; פאַראַן נאָך אַנדערע, וואָס ווילן דוקא, אַז בראַגין, אַ געוועזענער ציוניסט און איצטיקער קאָלאָ־ניזאַציאָנס־טוער, איז דער אמתער טאַטע פון דער יידישער קאָלאָני־זאַציע, אַז ער, און נאָר ער, האָט די קאָלאָניזאַציע געשאַפן, און אַז די „יידישע סעקציעס" זענען גאָר געווען דאַגעגן, וועלנדיק בעסער אַריינפירן יידן אין דער אינדוסטריע.

אָבער דער אמת איז, אַז די שפּעטער פון דער יידישער קאָלאָ־ניזאַציע אין סאָוויעטן־רוסלאַנד זענען קודם־כּל די קאָלאָניסטן אַליין.

נאָך די שווערע פּאָגראָמען, בירגער־קריג אין אוקראַינע, האָבן יידן פאַרלאָזן זייערע פאַרוויסטע שטעט און שטעטלעך און אין גאַנצע גרופּן געלאָזט זיך זוכן ערד.

אַ שווערער וואַנדערמאַרש איז געווען דאָס זוכן ערד.

יידן, געוועזענע קרעמער, מעקלער, בעל־מלאכהס, לופט־מענטשן, מלמדים, באַלאַגאָלעס, אַרענדאַרן, יידן, וואָס זעלטן עמיצער פון זיי האָט געוווּסט, ווי אַזוי איינצושפּאַנען אַ פערד, ווי אַזוי צו האַלטן אַ פּאָר לייצעס אין האַנט, האָבן אָנגעקויפט פאַרן לעצטן ביסל געלט פערד און וועגעלעך, אַרויפגעפּאַקט זייער ביסל אָרימקייט, דאָס צע־ריסענע בעטגעוואַנט, די שבתדיקע לייכטער, עטלעכע ספרים אָדער ביכלעך, און געלאָזט זיך איבער אוקראַינער סטעפּעס, פאַרלאָזענע פּוסטע, כּדי צו באַזעצן זיך אויף ערד.

נישט אַלע האָבן געהאַט פאַרוואָס צו קויפן פערד און וואָגן, האָבן פילע דאָס פעקל געשלעפּט אויף די פּלייצעס, בויגנדיק זיך אין דרייען אונטער דער משא.

אַן אמתער וואַנדער־וועג איז דאָס געווען, אַ וואַנדער־וועג פון די קינדער פון ישראל.

נאַטירלעכער־ווייז האָט עס געצויגן צו יידן, צו אַלטע יידישע קאָלאָניעס אין קריוואָראָגער, כערסאָנער און אין ווייס־רוסישע ערטער, ווו יידן זיצן שוין אויף דער ערד פון העכער הונדערט יאָר אָן. בלויז אַרום אָדעס, ווו קיין אַלטע קאָלאָניעס זענען נישט געווען, האָבן זיך יידן באַזעצט ווו נאָר ס'האָט זיך געלאָזן.

אויף די יידן פון די אַלטע קאָלאָניעס האָבן געליטן פון פּאָ־גראָמען, פון באַנדעס, און האָבן אַ סך קרבנות און אַ סך האָב־און־גוטס מקריב געווען אין דער רעוואָלוציע און בירגער־קריג. נאָר זייערע קאָלאָניעס, זייער ערד האָבן זיי נישט פאַרלאָזן. די ערד, וואָס האָט איינגעזאַפּט דאָס בלוט פון זייערע ברידער, שוועסטער, עלטערן און קינדער, האָבן זיי אויף ס'ניי באַאַקערט און באַזייט און אַרויסבאַ־קומען ברויט צום לעבן.

און זייערע ברידער, די וואָגלער, האָבן זיי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס.

יאָ, נישט אַזוי צוליב רחמנות און ברודער-געפיל האָבן די אַלטע יידישע פויערן אויפגענומען די נייע. — האַרט איז דער פויער פונקט ווי די ערד זיינע, און אויך דער יידישער פויער איז ענלעך צו זיין ערד. סענטימענטן זענען אים ווייט. אָבער דער אַלטער יידישער קאָלאָניסט האָט זיך גענויטיקט אין דעם נייעם יידן. אויף די גרויסע יידישע שטרעקעס ערד האָבן איינפאַך געפעלט מענטשן, וואָרים זייערע ביינער האָבן שוין נישט גערוט אויף דער ערד, נאָר אין דער ערד. ערד האָט געפּוסטעוועט. שטייערן דאַרף מען צאָלן פון דער גאַנצער קאָלאָניע און ווער עס זאָל צאָלן פאַר דער פּוסטער ערד איז נישטאָ. דעריבער איז גוט, ווען נייע קומען באַאַרבעטן און אַריינטראָגן זייער חלק צו די שטייערן.

אויסערדעם, האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען פויערן און געוואָלט אָפּנעמען די פּוסטע שטיקער ערד, און די יידישע קאָלאָניסטן, די אַלטע יידישע פויערן, האָבן בעסער געוואָלט האָבן יידן ביי זיך. פּאַרט מיט אייגענע בעסער אויסצוקומען ווי מיט פרעמדע.

און די ערשטע יידן האָבן זיך באַזעצט אין די אַלטע קאָלאָניעס. די איבעריקע, וואָס האָבן שוין נישט געפונען קיין פּלאַץ אין די קאָלאָניעס, האָבן גענומען אין אַרענדע ביי דער רעגירונג שטיקער פּוסטן סטעפּ, אַמאָל אומזיסט, ווי עס האָט זיך געלאָזט, און אין שכנות, נישט ווייט פון די אַלטע יידישע דערפער, אויסגעלייגט זייערע געצעלטן.

שווער, ביטער איז געווען די ערשטע צייטן די נייע פויערן אויף דער נייער ערד!

וואָרים גרויס, ברייט און ווילד איז דער אוקראַינישער סטעפּ. מען זעט נישט קיין בוימל, קיין קוסט, בלויז סטעפּ און סטעפּ. וויסט איז געווען די ערד, די פאַרלאָזענע, פון יאָרן-לאַנג נישט געאַקערט, נישט באַזייט, און אין די הויכע ווילדע גראָזן האָבן זיך געפּלאָדעט שלאַנגען.

קיין וואַלד איז נישטאָ אין גאַנצן געגנט, קיין שטיקל האָלץ, קיין שפּענדל, און מען האָט אויפגעקלאַפּט געצעלטן פון וואָס נאָר

עס האָט זיך געלאָזט. ווי די מוראַשקעס, האָט מען געבראַכט צו־שלעפּן פון דער ווייט אַ געקויפטע ברעטל, אַ פלאָקן. פון שבתדיקע טישטעכער, לייַלעכער, פון אַן אַלטן בגד האָט מען אָנגעצויגן ביידלעך, אייַנגעפּעסטיקט אין דער ערד און דאָרטן געוווינט.

אָבער ווינטן בלאָזן שטאַרקע אין ברייטן סטעפּ, און זיי האָבן די ביידלעך אויסגעריסן, איבערגעקערט.

איז מען שעהן לאַנג אַרומגעקראָכן איבער די פעלדער, אויס־געריסן גראָזן, אויסגעגראָבן אַ גרוב, די טרוקענע גראָזן אָנגעצונדן און געקאָכט אַן אָרימע וועטשערע נאָך אַ גאַנצן טאָג האָראָוואַניע אויף דעם פעלד. האָט זיך אַ שלאַגס-רעגן פּלוצלונג אַראָפּגעלאָזן, אַ שלאַגס-רעגן אַ געדיכטער, אַ פעטער, ווי עס טרעפט אין סטעפּ, און אויסגעלאָשן דאָס פייַער אין פעלד.

איז מען הונגעריקע אַרונטערגעקראָכן אונטער דעם ביידל, וואָס האָט נישט געקאָנט ביישטיין דעם רעגן, און אויף דער נאַסער ערד, צוזאַמען מיט ווערים, זשוקעס און אַ פאַרבלאָנדזשעטער שלאַנג, זיך געמאַכט אַ נאַכטלעגער.

די פערד, די קי, וואָס טייל האָבן מיטגעבראַכט, האָבן גע־בעצט זיך אויף די רעגנס, קראַנק געוואָרן און אַוועקגעלייגט זיך. פון אַרומיקע דערפער האָבן גנבים, ווי די וועלף, זיך געדרייט און מיט הונגעריקע אויגן אויסגעקוקט נאָך אַ גנבה, אַנטלויפן מיט אַ פערדל, אַוועקפירן אַ קו. מען האָט שטענדיק געמוזט היטן, וואַכן.

און פאַרטאָג שוין איז מען פון די ביידלעך אַרויס, געקראָכן איבער דער האַרטער, וויסטער ערד, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט רירן, און מיט אַקעראייזנס, מיט לאָפּעטעס, מיט פלאָקנס און אַפילו מיט בלויזע הענט געקעמפט מיט דער אייַנגעשפּאַרטער ערד, צע־גראָבן זי און פאַרזייט.

אַזוי האָבן יידן זיך באַזעצט אויף ערד.

ערשט דערנאָך איז געקומען די געזעלשאַפט, דער דזשאָינט, דער „געזערד“, וואָס יידן, סתם יידן, נישט פאַרטיי־מענטשן, האָבן אים געגרינדעט, כדי בייהילפיק צו זיין די איבערוואַנדערער; און די יידישע סעקציעס און „אָרט“ און „איקאָר“ און „יעקא“ און די

זאָך גענומען אין די הענט אַריין, אָנגעהויבן שטיצן די קאָלאָניזאַציאָנס-באַוועגונג.

ווער עס האָט מער חלק, ווער עס האָט מער געטאָן — זאָלן זיי, די אינסטיטוציעס צווישן זיך, דורכקומען.

אָבער די בכורה קומט בלויז זיי, די יידן, די איבערוואַנדערער אַליין.

זיי זענען געווען די פּיאָנערן — און דאָס דאַרף מען געדענקען.

## מאָיסעי אַבראַמיטש

איך פּאָר איצט איבער די יידישע דערפער און דערפלעך, וואָס זענען איצט שוין אויסגעבויט מיט הייזער, מיט ברייטע גאַסן, מיט קוימענס, וואָס ווייסע רויכן שלענגלען זיך פון זיי.

מיר שטעלן זיך אָפּ ביי איין הייזל, ביי אַ צווייטס, אַ דריטס,— יידן אין פּעלצן באַגעגענען:

— פּאָזשאַלסטע, קומט אַריין!

אויף דעם צוזאַמענפּאָר פון „געזערד" האָט איינער אויסגעדריקט זיין מיינונג, אַז שוין צופיל באַזוכט מען די קאָלאָניעס, און דאָס טויג נישט. איך האָב אַליין אויך געטראַכט, אַז די קאָלאָניסטן זענען מסתמא נישט צופרידן מיט די אָפטע וויזיטן, וואָרים באמת, זיצן מענטשן, מאַטערן זיך, האָרעווען, קומען קוים אויס מיט דער חיונה, און דאָ קומען דעלעגאַטן מיט אויטאָמאָבילן און קוקן אויף ביי-וווּנדער!

אָבער ווי נישט ריכטיק דאָס איז.

— אַדרבה — זאָגן די יידן — קומט אַריין. גוט, וואָס מען זעט אַ מענטשן פאַר די אויגן.

דער יידישער קאָלאָניסט קאָן נאָך נישט, ווי דער רוסישער פּויער, אַוועקלייגן זיך ווינטער אויפן אויוון און שלאָפן ווי אַ בער.—

ער האָט ליב צו רעדן מיט אַ מענטש אַ וואָרט, דערוויסן זיך נייס הערן פון דער וועלט, און ווי נאָר עס קומט עמעצער, אַ זשורנאַליסט צי אַ דעלעגאַט, איז עס אַ שטיק שמחה אין דאָרף. פון אַלע הייזלעך קומט מען זיך צוזאַמען און מען ווייזט דאָס ביסל פאַר-מעגן.

אין די קאָלאָניעס „נאָוואַיאַ זאַריאַ" און „נאָווי פוט". שיינע דערפער און אַ סך הייזער, וואָס זענען מערסטנס באַוווינט. מען באַקענט מיך מיט איינעם אַן עלטערן קאָלאָניסט מיט אַ שטרענג האַרט געזיכט און כמורנע אויגן.

— מאָיסעי אַבראַמיטש — דערהער איך. דעם פאַמיליען-נאָמען כאַפּ איך נישט.

ווען מען זאָל מיר נישט זאָגן מאָיסעי אַבראַמיטש, וואָלט איך געשוווירן, אַז דאָס איז אַ גוי פון גוים-לאַנד. קיין ברעקל פון יידישקייט נישטאָ, נישט אין די קליידער, נישט אין געזיכט, נישט אין די באַוועגונגען. אין אַלגעמיין מערקט זיך אַ מאָדנע זאַך, יידן ווערן ענלעך צו גוים.

— פאַרוואָס זענט איר נישט געקומען פריער, מיט דריי יאָר צוריק? — האָט צו מיר טענות מאָסעי אַבראַמיטש.

— וואָס האָב איך דען איצט פאַרשפּעטיקט? — פרעג איך צוריק.

— פאַרשפּעטיקט גאָרנישט, נאָר איצט קומען אַלע צום גרייטן. מיט דריי יאָר צוריק האָט מען געדאַרפט קומען און זען, ווי אַזוי מיר האָבן דעם דאָרף געבויט.

אַן אינטערעסאַנטער ייד, מאָסעי אַבראַמיטש. — ביז דער רע-וואָלוציע איז ער געווען אַ ייד אַ גביר, געהאַט אין קריוואָי-ראָג אַ גרויסן מויער, געהאַלטן אין אַרענדע צוויי טויזנט דעסיאַטין ערד, מילן, געשעפטן. — אַלע פּריצים און פויערן האָבן פון אים גע-האַלטן אַ וועלט.

אַז די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן, האָט ער אָנגעהויבן פאַרלירן אַלץ מער און מער. צוערשט, די ערד, דערנאָך די מילן, דערנאָך דאָס הויז. מאָסעי אַבראַמיטש איז שוין נישט קיין יונגער-מאַן, שוין אַ ייד אין די עלטערע יאָרן. נאָר מאָסעי אַבראַמיטש איז

ניִשט פון די, וואָס זעצן זיך אַוועק קלאָגן אויף דעם, וואָס איז געווען. צו דערזעלבער ערד, וואָס ער האָט אַמאָל געהאַלטן עטלעכע און צוואַנציק יאָר אין אַרענדע, קערט ער זיך אום. ער נעמט צונויף אַ גרופּע יידן, וואָס זענען אויך פּונקט ווי ער, אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון זייערע אַלטע פּאָזיציעס, פּאָרט אַרויס אויף די פּוסטע פעלדער, וואָס זענען שוין דריי יאָר ניִשט פאַרזייט, און הויבט אָן זיי באַאַרבעטן.

שווער האָט געאַרבעט מאָסעי אַבראַמיטש, ביטער. די יידן מיט וועלכע ער איז געקומען, זענען שוין גאָרניִשט געווען קיין גלייכע שותּפים מיט אים. זעלטן אַז עמיצער האָט געוווּסט, ווי אַזוי אַ פערד איינשפּאַנען, ווי אַזוי אַן אַקער אַוועקשטעלן, ווי אַזוי האַלטן אַ לאָפּאַטע אין האַנט. און מאָסעי אַבראַמאָוויטש איז געוואָרן אַ מלמד, אַ דרדקי-מלמד און געקנעלט מיט די שטעטלשע יידן די תּורה פון דער אַרבעט; געלערנט ווי אַזוי אָנטרייבן, ווי אַזוי גיין מיטן אַקער, ווי אַזוי גראָבן אַ גרוב, ווי אַזוי פאַרזייען.

קיין אָנשטאַלט צו העלפן די קאָלאָניזאַציע איז נאָך דעמאָלט ניִשט געווען. אַלץ האָט מען געמוזט אַליין באַקומען, אַליין איינקויפן פערד, בהמות. געשלאָפן איז מען אויפן פעלד, אונטער שטורעמס און רעגנס. קיין פעלד-געצייג איז ניִשט געווען, און מאָסעי אַבראַמיטש איז געגאַנגען צו די אַרומיקע פויערן, די אוקראַינער, און געליִהען דאָ און דאָרט אַקער-אייזנס, דאָ אַ שנייד-מעסער, דאָ אַ לאָפּאַטע.

זיי האָבן אים געגעבן, די גוים, וואָרים זיי געדענקען נאָך מאָסעי אַבראַמיטשן פון די גוטע צייטן, ווען ער האָט טויזנטער דעסיאַטין געהאַט, פויערן האָבן ביי אים פאַרדינט, און מאָסעי אַבראַמיטש האָט זיי קיין עולה ניִשט געטאָן, און נאָך אַ גוטע עצה אין אַ נויט געגעבן.

שווער האָט מאָסעי אַבראַמיטש געאַרבעט, נאָר ניִשט מיד געוואָרן, ביז עס איז געקומען די גרוזעלשאַפט און אָנגעהויבן פאָרטזעצן דאָס, וואָס ער, מאָסעי אַבראַמיטש, האָט אָנגעהויבן.

איצט איז ער דער טאַטע פון דער שיינער, גרויסער קאָלאָניע, דער פאָרזיצנדער, און אַלע האָבן גרויס אָפּשיי פאַר אים.

— ווּ זייט איר דעמאָלט געווען? — פרעגט ער — הא?

אָבער ער איז גאָרנישט אזא בייזער, ווי מען מיינט, א יידישער גזלן! — ער רעדט זיך פאנאנדער, ווערט ווייכער, ווייזט זיינע אָפּגעהאָרעוועטע הענט, וואָס האָבן שוין אלץ דורכגעמאכט, אי געבויט, אי געלט געקליבן, אי געשיצט זיך בעת רציחות און רויבערייען, אי א קאָלאָניע געבויט.

— איצט האָפן מיר אויף ווייטער — זאָגט מאָסעי אבראמיטש. — דאָ, די ערד, איז איצט אונזער לעצטע קאָרט. דאָ לעבן און שטארבן.

דאָס איז נישט קיין מליצה, קיין שיינע פראזע. מאָסעי אבראמיטש איז נישט קיין פראזע-מענטש — ער האָט ליב צו שווייגן און טון, נאָר טאָמער רעדט ער שוין, איז דאָס אָפּגעוויגן.

* *

*

דער עולם פרעגט — וואָס מאכן יידן ערגעץ אנדערש, ווי אזוי לעבט זיך? צי ווייסט מען אין אויסלאנד וועגן די יידישע קאָלאָניעס? אלץ וויל מען וויסן. און מיט וועגדונגען קומט מען א סך, אָן א שיער.

טאטעס ווילן, אז אין דאָרף זאָל זיין א שולע. קיין פערציק קינדער זענען אין „נאווי-פוט" נישטאָ. און די רעגירונג גיט נישט קיין שולע פאר ווינציקער פון פערציק קינדער. אליין אויסהאלטן א לערער מיט א שולע איז שווער, און שיקן די קינדער אין דער דערבייאיקער יידישער קאָלאָניע „נאָוואיא זאריא" איז צו ווייט, עטלעכע וויאָרסט, און ס'איז קאלט.

— גיט אונז פערד, וועלן מיר רייטן — זאָגן די יאטן.

דאָס קאָנען זיי אלע, די קינדער, דער מינדסטער יינגעלע זעצט זיך רייטן אויפן גרעסטן פערד, און דאָס פערד וועט אים נישט אראָפּווארפן, ווייל זיי קענען די מלאכה, די יאטן אין דאָרף.

— אנדערש נישט! — זאָגן טאטעס, — פערד גיב אים! — און מיר וואָס וועלן טאָן? זאָגן תהלים? די פערד דאַרף מען צו דער ארבעט.

די יוגנט וויל אַ ראַדיאָ. די נעכט זענען גרויס, נישטאָ וואָס צו טון, און אַ ראַדיאָ פֿאַרבינדט מיט דער גאַנצער וועלט: קאָנצערטן, רעדעס, רעפּעראַטן; אַנדערע ווילן עלעקטריע, מען וואָלט געקאָנט איינפֿירן גוטע ווירטשאַפֿט.

אַלץ גערעכטע פֿאָדערונגען, נאָר הלוואי וואָלטן שוין אַנדערע קאָלאָניעס געהאַלטן ביי אַזעלכע פֿאָדערונגען. אין אַ סך ערטער, איבערהויפּט אין די נייע דערפֿלעך, וואָס האָבן זיך ערשט איצט געגרינדעט, איז נאָך דאָ פֿאָדערונגען צו האָבן אַן אייגן קיעלע, וואָס זאָל געבן פֿאַר די קינדער אַ ביסל מילך, און אָפֿטמאָל איז די פֿאָדערונג אַ שטיקל ברויט.

## פֿאַרשידענע יידן פֿאַראַן

אין דער קאָלאָניע „קראסני קוסטאַר". — אַ גאַנצע חברה יידן ווייבער, קינדער באַגעגענען מיך.

— וואָס הערט זיך, יידן?

— שלעכט דערווייל. נישטאָ קיין פּרנסה.

דאָס איז אַ נייע קאָלאָניע. די מענטשן זענען געקומען ערשט היינטיקן פֿרילינג און גענומען זיך צו דער אַרבעט. דאָס ביסל תּבֿואה, וואָס מען נעמט אַראָפּ דעם ערשטן מאָל, איז נישטיק, קליין. פֿערד האָבן נאָך נישט אַלע; און די, וואָס האָבן פֿערד, האָבן זיי נישט מער ווי איינצלנע. מיט אַ פּאָר פֿערד קאָן מען פֿירן שטיינער, אייזן און פֿאַרדינען דריי רובל אַ טאָג — מיט איין פֿערד קען מען נאָך גאָרנישט נישט טאָן.

— איר ווילט אפשר זען אונזער גאַרבאַרניע? — פֿרעגט מען מיך.

— ביטע זייער.

ווייזט זיך אַרויס, אַז מערסטנס זענען דאָס געוועזענע גאַרבאַרעס,

זיי האָבן אָנגעהויבן שאַפן אַ גאַרבעריי און ביי די ארומיקע פויערן געקענט פאַרדינען. אָבער נישטאָ קיין געלט אָריינצולייגן.

אַלע רעדן, בעטן ביים פאָרשטייער פון דזשאָינט, דעם אַגראָנאָם:

— איך האָב נאָך נישט קיין קו, די קינדער ווערן פאַרדאַרט אָן מילך! איך וואָלט געקענט האָדעווען גענז! איך הינער! — איך האָב קיין ברויט נישט.

אין ערשטן יאָר כמעט אומעטום דאָס זעלבע, אויפן צווייטן, דריטן, ווערט מען פאַרפעסטיקט. די ערד גיט מער, מען אָרדנט זיך איין.

דערווייל באַקומען אייניקע, די סאַמע אָרעמסטע, צו אַ פוד תבואה אַ חודש אויף אַ מענטשן פון „דזשאָינט", כדי איבערצוקומען די שלעכטע צייט.

פאַרשטייט זיך, אַז דערביי הויבט אָן שפּילן אַ ראָלע די „קצבה" — אויב מען גיט, פאַרוואָס נישט נעמען?

אַזוי קלאָגט זיך אַ ייד מיט ביטערע טענות:

— נישטאָ וואָס צו עסן.

איך גלויב אים, נאַטירלעך, און האָב מיטלייד אויף דעם באַיאָרטן ייד, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט קינדער, אָבער דער אַגראָנאָם קען אים און שטעלט אים אַ פראַגע:

— איר האָט דאָך אַ הויז אין שטעטל ביי אייך, אַ מויער, קענט איר דאָך האָבן געלט!

— וואָס־זשע עסן די מויער?

— ניין, פאַרקויפן זי און קויפן עסן.

— מען וויל מיר נישט געבן וויפל זי איז ווערט...

נישט אַלע זענען אַזעלכע. פאַראַן אַ סך, וואָס האָבן טאַקע גאָרנישט, אָבער שווער צו דערגיין צווישן עולם, ווער עס האָט באמת נישט און ווער עס וויל נישט פאַרקויפן דאָס הויז.

— עס מאַכט נישט אויס! — זאָגט אַ יונגערמאַן מיט אַ העלבאַוואַקסן בערדל, — מירן שוין דורכקומען, נאָך אַ ביסל, נאָך אַ ביסל — אַבי מיר זיצן שוין אויף אַן אָרט, אין די הייזער.

פאַראַן אַ סך, וואָס האָבן נאָך אינגאַנצן נישט קיין הייזער־

און ווינען דערווייל ביי שכנים קאַלאָניסטן און צאָלן דירה-געלט. ביי אַנדערע זענען די הייזלעך נישט פאַרענדיקט. די פאַמיליע מוז זיצן אין די שטעטלעך און איינער אַליין זיצט דער קאַלאָניסט אין דאָרף.

פאַראַן אַ סך ווונטשן, טענות. אָבער דאָס מוז זיין. וואָרים שווער איז די ערד, שווער ביי איר ברויט אַרויסצובאַקומען. „מיט שווייס וועסטו דיין ברויט באַקומען" — און נישט אַזוי לייכט קומט אָן צו מאַכן פון שטאָטישע יידן ערד-אַרבעטער.

אָבער זיי לערנען זיך אויס, זעצן זיך איין. און אַ גאַנץ קליינער פראָצענט גייט אַוועק.

אין דער צייט ווען גוים, וואָס באַזעצן זיך אויף נייע ערד, גייען אַוועק פון דער ערד פערציק-פופציק פראָצענט, גייען יידן אַוועק נישט מער ווי צוואַנציק פראָצענט, און די, וואָס באַקומען באַלד הייזער, גייען כמעט אינגאַנצן נישט אַוועק.

מערסטנס איז געקומען אויף דער ערד דער, וואָס האָט שוין אין שטעטל גאָרנישט וואָס צו טאָן, וואָס האָט שוין דאָרטן נישט איבערגעלאָזן קיין זאַך — און די ערד איז זיין לעצטע רעטונג. דאָ גייט נישט אין סענטימענטן, אין ליבע צו ערד, ווי טייל מיינען, נאָר פראָסט פשוט, אין ברויט, אין עקזיסטענץ. און ווילנדיק, נישט ווילנדיק, מוז מען בלייבן.

און אַז מען בלייבט שוין, באַקומט מען דערנאָך ליב די ערד, ליב די בהמה, דאָס פערד, און מען ווערט טאַקע צוגעבונדן אויך.

אויף אַ סטעפּ שטייען עטלעכע הייזלעך, ביי יעדער הייזל גרויסע קופּעס שטרוי. אַלע הייזלעך זענען לעדיק, די פענסטער פאַרקלאַפּט מיט ברעטלעך. דאָס איז אַ ניי דאָרף, און די קאַלאָניסטן, נאָכדעם ווי זיי האָבן באַאַרבעט די פעלדער און פאַרזייט ווינטערתבואה, זענען זיי אַהיימגעפאָרן אין די שטעטלעך, כדי צו מאַכן אַ טאָלק מיט די הייזלעך, מיט די מסחרים, מ'שטיינס געזאָגט.

נאָר איין הייזל שטייט צווישן זיי אַ באַוווינטס. אַ רויך גייט פון קוימען.

מיר פאָרן צו — אַ יידישע שטוב מיט קינדערלעך. עס איז שבת, און אַז איך זאָג „גוט שבת", דערפרייט מען זיך. דערהערט אַ

יידישן גרוס אין איינזאַמען דאָרף. דער באַלעבאָס, אַ קליין יידל דרייט זיך אַרום אין פעלצל און פאַרקעט זיך.

— איינער אַליין וווינט איר דאָ?

— יאָ. אַלע זענען זיך צעפאָרן — און איך בין געבליבן אַליין.

— נו, איז אייך נישט אומהיימלעך?

— שייך זאָגן! — זאָגט דער ייד — אָבער נישקשה!

— נו, און מיט פרנסה וואָס הערט זיך?

— מען קומט דורך. אַ ביסל תבואה פאַראַן. אַ בהמהלע, וואָס מעלקט זיך. דערצו היט איך.

דאָס היט ער איינער אַליין דאָס גאַנצע פאַרלאָזענע דאָרף. די געביידעס, דאָס שטרוי און אַלץ וואָס מען האָט איבערגעלאָזן. נאַכט ביי נאַכט גייט ער אַרום מיט אַ שטעקן. דרייט זיך אַרום איבער אַ פאַרלאָזן דאָרף מיט פאַרהאַקטע פענסטער איין קליין יידל מיט אַ שטעקעלע אין האַנט, איין ייד איבער אַ סטעפּ, וואָס איז וויאָרסטן ווייט אָפּגערוקט פון אַרומיקע דערפער, און היט, און דערפאַר באַקומט ער דרייסיק רובל אַ חודש.

— דאָס — זאָגט ער — העלפט צו, מען קומט דורך.

— און ניט סקוטשנע?

— שייך סקוטשנע! זאָגט דער ייד — עט!

## טאַגאַנטשא

פאָרן מיר אַזוי מיטן אויטאָמאָביל פון „דזשאָינט" איבער די יידישע קאָלאָניעס; דער וועג איז אַ צוגעפרוירענער, אַ האַרטער, מיטאַמאָל גוט געוואָרן נאָך די עטלעכע טעג רעגנס און זומפּן.

דער אויטאָמאָביל פליט, שרעקט איבער פויערשע פערדלעך, וואָס צולאָזן זיך אין גאַלאָפּ גלייך פון וועג אַראָפּ אין דער כאַר־אַקערטער ערד אַריין.

מיטאַמאָל באַווייזט זיך אַרויס אויפן גלייכן סטעפּ, אָן איין בוימל, אַ דערפל, מיט גלייכע נייע הייזלעך, גלאַטיקע, ריינע ווענט,

נייע שינדעל-דעכער, אַלץ אַזוי פּינקטלעך און סימעטריש ווי אויף אַ שאַך-ברעטל

— שטיין! — באַפעלט דער אָגראָנאָם דעם שאָפער

אַ יידישע קאָלאָניע איז עס, און „טאַגאַנטשא" איז איר נאָמען. עפּעס אַ פרעמדער נאָמען! — נאָך די פאַרשידענע דערפער און קאָלאָניעס מיט די שיינע קלינגנדע נעמען, ווי „נייער שטערן", „רויטער קוסטאַר", „לעקערט", „אמת", „נייער וועג" איז דער נאָמען „טאַגאַנטשא" עפּעס אַ פרעמדער, אַ ווייטער.

פון דעם ביסל יידן, וואָס רינגלען אַרום דעם אויטאָמאָביל, דערוויס איך זיך די סיבה פון נאָמען „טאַגאַנטשא".

ס'איז געווען אין קיעווער גובערניע אַ שטעטעלע טאַגאַנטשא, אַ שטעטעלע מיט אַ מאַרק, מיט געסלעך, מיט שיינע יידן, מיט בעל-מלכה'ס, מיט אַ רב, מיט אַ שוחט, מיט אַ חזן, מיט אַ בית-עולם און מיט אַ קהלשער חופה אויף דרעגנגלעך. אַ שטעטל ווי אַלע שטעטלעך.

איז געקומען פּעטלורא מיט זיינע באַנדעס און דאָס שטעטעלע אומגעבראַכט, אויסגעראָטן עס.

געווען אַ שטעטעלע טאַגאַנטשא און נישטאָ מער קיין שטע-טעלע טאַגאַנטשא.

אָפּגעמעקט.

זענען געבליבן בלויז עטלעכע מנינים יידן, וואָס האָבן אַלץ אין שטעטעלע פאַרלוירן, נאָר בלויז דאָס לעבן איז זיי דורך אַ נס געבליבן. האָבן זיי זיך צוזאַמענגענומען, זיך אָרגאַניזירט, פאַר די לעצטע קאָפּיקעס אַוועק אין קריוואָראָגער געגנט, ווו די ערד איז פעט, שוואַרץ, און דערביי איז פאַראַן יידישע אַלטע קאָלאָניעס. מען האָט זיך באַזעצט אויף דעם ברייטן סטעפּ, וואָס האָט געפּוסטעוועט, אַריינגעקליבן זיך אין די נייע אויסגעהובלטע הייזלעך פון דזשאָינט, אַריינגעשטעלט אַ פערד, אַ בהמה, טייל אפילו עטלעכע הינער, קאַטשקעס, גענדז, — און מען האָט דאָס נייע אָרט אַ נאָמען געגעבן „טאַגאַנטשא".

זאָל נישט ווערן אָפּגעמעקט פון דער וועלט דער יידישער ישוב „טאַגאַנטשא". אויב נישט אין קיעווער געגנט, איז אין קרי-

וואָראָגער געגנט, אויב נישט קיין הונדערטער יידן, איז כאָטש העכער אַ מנין; אויב נישט קיין מאַרק, מיט קיין שול, מיט קיין באָד, מיט קיין קלייטן, איז כאָטש אַ צוויי מנינים הייזלעך מיט ווייסע ווענט און מיט נייע שינדל־דעכער.

וואָס פאַר אַ רירנד בילד פון אַנטרורענע יידן אין זייער אַנטרורענער שטאָדט!

## דער אַלטער גלעזער

פאָרט מען ווייטער און ווייטער. קיין פערד צו שרעקן איז נישטאָ. בלויז הינט באַגעגענען מיט אַ בילעריי, געבנדז לאָזן זיך פליען דערשראָקענע, און דאָרפישע קינדער פאַררוקן די גרויסע וויג־טער־היטלען און באַטראַכטן מיט חידוש דעם וואָגן אָן פערד.

קומט מען אָן אין אַ יידישן דאָרף „ניוואַ“. — אַ ברייטע גאַס, נייע הייזלעך, ווי אומעטום, נאָר שטיין שטייט דערווייל אַלץ אויף סטעפּ, נאַקעט נאָך דערווייל, אָן אַ פלויטל, אָן אַ בוימל — בלויז די ערד די שוואַרצע איז צעאַקערט. אויף דער שיטערער ערד פּאַשעט זיך נאָך אַ בהמהלע, צופּט די לעצטע גראָזן, איידער דער שניי פאַרדעקט זיי; עטלעכע יידן אין פעלצן גראָבן ערד, כדי צו פאַרזעצן וויינגערטנער.

גייט מען אַריין אין אַ הייזל, — באַגעגנט אַן אַלטער ייד אַ זקן.

— גוט מאָרגן, זיידעשי!

— גוט מאָרגן, גוט יאָר. רעדט אַביסל העכער, איך דערהער נישט!.

פיר און אַכציק יאָר איז ער אַלט, דער קאָלאָניסט, פון אומאַן שטאַמט ער, און ביי די יאָרן איז ער נאָך אַ גלעזער.

— וואָס הערט זיך, זיידעשי?

— נישט גוט נאָך דערווייל, אָבער ס'וועט ווערן בעסער. — אָט דאָס איז מיין ווייב, רעדט מיט איר, איך דערהער נישט.

זיין ווייב, וואָס איז מסתמא פונקט אַ העלפט אַלט ווי איר מאַן, פירט אונז איבערן באַלעבאַטישקייט. זי פירט אריין אין שטאַל, פון דעם פערדל מיט דער קו שמעקט מיט מיסט, זויערקייט.

— זי גיט ווינציק מילך איצט, די בהמה — קלאָגט זי זיך — זי דאַרף זיך באַלד קעלבן.

און מיט פרנסה איז אויך נאָך נישט אַזוי גוט. דאָס גערעטע־ניש איז געווען נישט קיין געהויבנס, ווינטער פאַרדינט מען נישט, און עסן דאַרף מען.

— האָט איר זיך אויך פריער פאַרנומען מיט ערד?

— אָן! — דער אַלטער איז אַ גלעזער געווען, פאַרדינט. דער זון האָט געאַרבעט, געלעבט זיך, נאָר די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן חרוב געמאַכט. דעם אַלטן די ציין אויסגעהאַקט.

דער אַלטער ווייזט זיין מויל אָן ציין, ווי אַ קבר.

אָבער מען דאַרף נישט מיינען, אַז ער איז אַלע מאָל געווען אַזעלכער.

— אָט זעט די פאָטאָגראַפיע — ווייזט ער — דאָס בין איך מיט מיין ווייב מיט צוואָנציק יאָר צוריק, ווען מען האָט התונה געהאַט.

אויף דער פאָטאָגראַפיע שטייט דער אַלטער, וואָס איז שוין מיט צוואָנציק יאָר צוריק אויך אַלט געווען פיר און זעכציק יאָר, נאָר אויפן בילד איז ער יונג, געזונט, שיין. נעבן אים שטייט זיין צווייטע פרוי, אַ יונג געזונט מיידל.

— אָט דאָס זעענן מיר — זאָגט דער אַלטער. — זי האָט מיר אַ זון געבוירן. ער איז איצט נישטאָ, דער זון, אַוועקגעפאָרן אין שטאָט.

ער אַליין אַרבעט נישט ביים פעלד, דער אַלטער. אויסער דעם, וואָס ער איז שוין פיר און אַכציק יאָר אַלט און קיין פעלד־אַרבעט איז נישט מער פאַר זיינע יאָרן, האָבן אים אויך די רוצחים גע־שלאָגן אין אומאַן בעת די פּאָגראָמען און אים געמאַכט פאַר אויס מענטש. בלויז דער זון מיט דער פרוי זיינער באַאַרבעטן די גאַנצע

צוועלף דיעסאַטין ערד, גייען אַרום די בהמות און אַרבעטן שווער אויפן שטיקל ברויט.

וואָלט כאָטש געווען אין באַלעבאַטישקייט אַ ציגעלע, אַ קעלבל, וואָלט דער אַלטער דערביי אַרומגעגאַנגען. דערווייל אין נאָך קיין קעלבל נישטאָ! עס ווערט ערשט זיין שפּעטער, אָט נאָר, ווי די קו וועט זיך קעלבן.

אָבער זיצן אין שטוב ביים אויוון קאָן אויך נישט דער זקן פון פיר און אַכציק יאָר, און ער בעט זיך:

— אפשר פאָרן שויבן אריינשטעלן. איך בין אַ גלעזער, אַ גוטער גלעזער. זעט, די פענסטער האָב איך פאַרגלאָזט...

## גייט אַ יידל זוכן אַ פערדל

דער אויטאָ לויפט אַלץ ווייטער, ווייטער. קאָלאָניעס פאַראַן היפש. אַלץ דאַרף מען זען, אַלץ באַקוקן, און דער ווינטער-טאָג איז קליין, באַנאַכט קאָן מען נישט פאָרן, און דאָס וועטער קאָן זיך אויך בייטן. עס איז דאָך דעצעמבער, די צייט פון רעגנס און בלאָטעס, און אויף דער שוואַרצער ערד קאָן מען גאָר פאַרזינקען.

לויפט אַזוי דער אויטאָ איבערן סטעפּ, און אין אַ זייט גייט אַ ייד אין אַ שטאָטיש לייכט מאַנטעלע, מיט אַ דאָרפיש קרום שטעקעלע פון אַ צווייג אָפּגעשניטן. ביי דער האַנט פירט ער אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר צוועלף מיט אַ גויש צעריסן פעלצל.

— פון וואַנען גייט איר, ר' ייד?

— מיין פערדל גיי איך זוכן. — פאַרלאָרן געוואָרן אייערנעכטן!

— ווייט גייט איר?

— נאָך אַ וויאָרסט צוועלף און צוואָנציק — אפשר איז עס אין דאָרף!

— זעצט זיך אַריין אין אויטאָמאָביל!

— אַ דאַנק!

אַ קיצווער איז ער אַליין, דער ייד מיטן שטאָטישן מאַנטעלע,

אַ בעל-מלאכה געווען אין דער היים, און איצט זיצט ער אין קאָלאָניע און באַאַרבעט ערד.

מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז ער צו אַ סטאַנציע צוגעריטן מיטן פֿערדל. ער האָט עפּעס געדאַרפֿט באַזאָרגן. דאָס יינגעלע זיינס האָט ער מיטגענומען מיט זיך. ער איז אַריין אויף אַ ווײַלע אין איינפֿאָר-הויז ביים וועג און דאָס פֿערדל צוגעבונדן פֿאַר די שטריקענע לייצן ביי די טיר.

און מיטאַמאָל, ער גייט אַרויס, אַן אומגליק! דאָס פֿערדל איז נישטאָ!

אַ גאַנצע נאַכט איז ער אַרומגעקראָכן איבער די ברייטע סטעפּעס, געשניטן זיך אין די ווינטן, געקראָכן מיטן יינגעלע איבער די וועגן און יעדן פֿויער געפֿרעגט:

— אפֿשר האָסטו געזען אַ פֿערדל אַזאַ און אַזאַ, ליבער מענטש? זאָג!

נאָר קיינער האָט דאָס פֿערדל נישט געזען.

נאָך דער נאַכט האָט ער געוואַנדערט אַ טאָג, ווייטער אַ נאַכט. איצט גייט ער אַהיים צופֿוס מיט זיין קליין יינגעלע. איין טרייסט איז אים נאָך פֿאַרבליבן: — אפֿשר האָט זיך דאָס פֿערדל אָפּגעריסן און אַליין אַוועק אַהיים.

— דאָס שטריקל איז אויך נישט געווען?

— ניין, נישט געווען.

קלאָר, ווי דער טאָג, אַז דאָס פֿערדל האָט זיך נישט אָפּגעריסן. נאָר מען האָט עס צוגעגנבעט. ווען עס זאָל זיך געווען אָפּרייסן, וואָלט אַ העלפֿט שטריקל פֿאַרבליבן.

נאָר זאָגן דאָס דעם קיעווער יידן אין לייכטן שטאָטישן מאַנטעלע דאַרף מען נישט.

איין טרייסט טליעט נאָך אין זיין האַרץ — איין קליינע טרייסט, וואָס וועט דויערן אַזוי לאַנג ביז ער וועט נישט אַהיים קומען. דערווייל איז אים דאָס שטיקל טרייסט פֿאַרבליבן צוזאַמען מיטן קרומען שטעקעלע, דאָס בייטשל...

און ווער האָט דאָס אַזאַ האַרץ ביים אומגליקלעכן יידן דאָס קליינע פּיצעלע טרייסט צוצונעמען? וואָס איז ער דען אָן דעם פֿערדל איצט!

# אָקסן און פערד

געדענקט איר נאָך אַ זומער־טאָג ביים רבין אין חדר?

דער רבי זיצט מיט דער יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, די קינדער אַרום אים צונופגעקוועטשט, צוזאַמענגעדריקט, מען קוקט אין די צע־ריסענע חומשים און מען לערנט מיט א ניגון:

— און זאָלסט נישט טאָן גיין קיין שעטנז, וואָל מיט פלאַקס צוזאַמען, און זאָלסט נישט טוען טאָן אַקערן מיט קיין אייזל און אָקס צוזאַמען...

מיר, ווי אַלע יינגלעך, האָט זיך אויסגעוויזן דער דין גלאַט אַזוי זיך אַ דין, נישט ווייל מען דאַרף אים, וואָרום וועלכער ייד אַקערט דען? — און וועלכער ייד וועט דאָס פאָרן מיט אַ פערד און אָקס צוזאַמען? ווי פיל באַלאַגאָלעס איך האָב געקענט, יידן, איז נאָך קיינער נישט געפאָרן מיט קיין פערד און אָקס צוזאַמען.

וואָס איז, קאַרג פערד פאַראַן?

איצט פאָרט זיך איבערן סטעפּ אַ ייד אין אַ וואָגן, געשפּאַנט אין אַ פערד מיט אַן אָקס צוזאַמען.

— צאַ־בע! — שרייט דער ייד — צאָ־בע!

דער ייד האָט נישט ליב קיין אָקס. דער אָקס אין לאַנגזאַם, שטאַרק, נאָר לאַנגזאַם. פאַר אַן אוקראַינער גוי איז ער פונקט צוגע־פּאַסט. ביידע, דער גוי ווי דער אָקס, זענען שטאַרק און פּאַמעלעך און האָבן צייט, און זענען שווער. און גייען טריט ביי טריט. דער גוי שלאָפט, רויכערט די פאַרלאָשענע ליולקע שלאָפנדיקערהייט, און דער אָקס שלעפּט זיך. דער סטעפּ איז גרויס, דאָס לעבן איז לאַנג און מען קאָן זיך שלעפּן. נישקשה, מען וועט קיין זאַך נישט פאַרשפּעטיקן.

דער ייד האָט נישט אַזויפיל צייט. ערשט נישט לאַנג, מיט צוויי יאָר, אַ יאָר, אָדער סך הכל גאָר אַ האַלב יאָר צוריק, איז ער נאָך געווען, דער ייד, אַ קרעמער, אַ מעקלער, געלאָפן, געיאָגט זיך,

געאיילט זיך, געהיצט זיך — און ער קען זיך נישט שלעפּן אַזוי לאַנג, פאָרן טריט ביי טריט. אים איז איילנדיק; ער דאַרף איצט אָפּטאָן אויפן פעלד אין חדשים, וואָס זיינע אור-עלטערן האָבן פאַרלאָזט קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר.

און דער ייד בייזערט זיך אויפן אָקס.

— צאָ-בע! — שרייט ער — צאָ-בע!

דאָס פערד איז צוגעפּאַסט צו אים. ביידע, דער ייד און זיין פערדל, האָבן גלייך אומרויק בלוט, האָבן ליב לויפן און מיד ווערן, ווייטער לויפן, ווייטער מיד ווערן, אַבי נישט שלעפּן זיך. אָבער דער אָקס איז רויק. ער וועט בעסער מאַכן אַ סך אַרבעט, נישט מיד ווערן, נאָר זאָל עס דויערן, טריט ביי טריט.

און דער ייד מיטן פערדל פירן מלחמה מיטן אָקס דעם קריכער, וואָס בלייבט דער זיגער.

ער וועט שוין פון זיין וועג נישט אַוועק, דער שווערער שטאַרקער אָקס. מעג זיך דער ייד מיטן פערדל היצן און לויפן.

— אוך, וואָסער פּאַסקודנע בהמה דאָס איז דער אָקס! — קלאָגן זיך יידן — פע!

זיי ווילן בעסער איין פערד איידער צוויי אָקסן. נאָר די אַגראָנאָמען האַלטן בעסער פון אָקסן.

— אָקסן וועלן זיי אויסלערנען נישט יאָגן — טענהן זיי — אַ פויער דאַרף נישט יאָגן, נישט היצן זיך. און דער בעסטער לערער דערויף איז דער אָקס.

איבעריגנס, קאָסטן אָקסן ביליקער. מען דאַרף אים נישט אַזוי אָפּהיטן ווי אַ פערד, דער טייוול נעמט אים נישט.

און דער ייד געוויינט זיך ביסלעכווייז צו, לייגט זיך אַוועק אין וואָגן, פּונקט ווי דער גוי, כאַפּט אַ דרעמל און מורמלט פון שלאָף:

— צאָ-בע! — צאָ-בע! — — —

# חזרים

שוין זייענדיק אַ דערוואַקסענער בחור און אַ שטיקל אַפּיקורס דערצו, פּלעג איך נאָך פונדעסטוועגן נישט אינגאַנצן באַגרייפן, ווי אַזוי גוים קענען עסן חזיר.

אָך, ווי מיך פּלעגט אָפּט מאָל עקלען, ווען נעבן אונזערע פענסטער פּלעגן זיך אין די יאריד-טעג אַוועקשטעלן די חזרים-קוילערס מיט זייטן חזיר און סאַלע! און וויפיל רחמנות פּלעג איך האָבן אויף די אומגליקלעכע גוים נעבעך, וואָס פּלעגן צוגיין, הייסן זיך אָפּשניידן אַ שטיק ווייסן שמאַלציקן פעטס, אויפעסן עס אויפן אָרט און נאָך באַצאָלן דערפאַר אויך.

איך דערמאָן זיך, אַז יידן אין בית-המדרש פּלעגן אפילו דער-ציילן, אַז נאָר פויערן עסן חזיר; פּריצים און גרויסע-לייט ווילן דערויף נישט קוקן, פונקט ווי יידן.

איך האָב אין דעם שטאַרק געגלויבט און דאָס פּלעגט מיך טרייסטן. און אַז איך האָב טאַקע דערזען דעם ערשטן מאָל, ווי אַזוי דער פּריץ פון שטעטל עסט יאָ חזיר, און דוקא אַ גאַנץ חזירל מיטאַמאָל, און אַ געבראָטנס, און אַזעלכעס, וואָס שטייט אויף פיר פיס, און דוקא מיט אַ פעטרישקעלע אין פּיסק, האָט עס מיך שטאַרק באַליידיקט. דעם זעלבן געפיל האָבן מסתמא אַלע יידישע יינגלעך אַמאָל געהאַט.

איצט באַגעגן איך כמעט אין אַ סך יידישע קאָלאָניעס חזירים, גרויסע, פעטע, ענגלישע, וואָס זענען אינגאַנצן אויסגעשמירט אין בלאָטע, וואָס רייבן זיך אָן אַלע ווענט, קוויטשען, זיפּצן, און גאַנצע סטאַדעס קליינוואַרג לויפן זיי נאָך, ניוכן מיט די פּיסקלעך און האַלטן אונטער דעם כאָר.

— ריץ, ריץ! — שרייט זיי נאָך אַ פויערטע און קוקט אויף זיי מיט פאַרליבטע אויגן.

איך בין תחילת געווען זיכער, אַז דאָס איז אַ גויע, וואָס אַרבעט ביי אַ ייד, נאָר באַלד האָט די פויערטע אָנגעהויבן רעדן מיטן אמתן פאָראָלער יידיש, מיט קמצן אנשטאָט פתחן.

— איך האָב אים אַליין אויסגעהאָדעוועט דעם חזיר — זאָגט זי מיט שטאָלץ — און איצט האָט זי אָפּט קליינע חזירלעך — אַז זיי וועלן „מערטשעם" אויסוואַקסן, וועט מען מאַכן אַ פּאָר רובל פון זיי...

— ווער האַלט נאָך ביי אייך אין דאָרף חזירים? — איז מיר אינטערעסאַנט צו וויסן.

— ווער האַלט נישט? — ענטפערט דער מאַן מיט אַ פראַגע.

ווייזט זיך אַרויס, אַז יידן אין פּאָלטאַווער גובערניע האָבן נאָך פאַר דער קריג געהאָדעוועט חזירים, און אַפילו אַליין געקוילעט און אָנגעגרייט זיך אויף ווינטער.

אודאי — זאָגט אַן עלטערער יידישער פויער, אין אַ רויטן פּעלץ, וואָס האָט שוין אַפילו קיין צורה פון קיין ייד נישט — אָט האָט איר מיינע. ריין! ריין! ריין!

אַבי איך האָב געמיינט, אַז איך קען יידן.

## אַלטע און נייע

שוין דריי טעג גיסט אַ רעגן. מיר זענען פאַרשטעקט. דער אויטאָ סאַפּעט, פּרוּווט זיך רירן איבער דער צעווייקטער ערד און זינקט אַלץ טיפער און טיפער. מען האָט שוין די רעדער אַרומגע-בונדן מיט קייטן. נישט דער אויטאָ פירט אונז, נאָר מיר פירן דעם אויטאָ — און דאָ איז נאָך דאָ אַזויפיל צו זען.

דער מאָגערער יידל, וואָס אַרבעט אין דער קעז-קוכעריי פון דער קאָלאָניע און זאָגט דערביי תהלים, וויל דורכאויס, מען זאָל זען וואָס פאַר אַ גוטן קעז ער אַרבעט אויס.

ער ברעכט אָפּ אַ שפּיצל פון קעז און גיט צו פאַרזוכן.

גלענצנדער קעז! און ריין איז אין דער קוכעריי, אַ מחיה!

דער אַגראָנאָם האַלט, אַז מען מוז דורכאויס זען דעם „מעדפּונקט", דעם אַמבולאַטאָריום, ווו עס זיצט אַ דאָקטאָר און היילט די קראַנקע קאָלאָניסטן.

אין וואַרטע-צימער זיצן אַרומגעזעצט היפּש חולאים, ווייבער, קינדער און אַפּילו מענער.

— מען קרענקט דאָ, דאָקטאָר?

— נישט צו פאַרזינדיקן.

— שלעכטע באַדינגונגען?

— נישט ערגער ווי אין רוסישע דערפער, נאָר אַ ייד האָט ליב זיך היילן. אַ גוי קומט ווען ער האַלט שוין ביים שטאַרבן... איב-ריקנס, האָט איר גוים אויך דאָ!

— יאָ, צווישן די פעלצן, וואָס פאַרדעקן די אָפּשטאַמונג, זענען אויך דאָ עטלעכע גוים פון די שכנותדיקע רוסישע קאָלאָניעס.

עס איז נאָך געבליבן צו זען די קאָלאָניעס פון „געזערד" אין שאַלכאַוועי ראַיאָן. די קאָלאָניעס זענען דאָרט אָרעמערע, די קאָלאָניסטן זענען מקנא די „דזשאַינט-מיוחסים" — אָבער זיי באַאַרבעטן די ערד נישט ערגער ווי אין די דזשאָינט קאָלאָניעס.

און דאָ, צו אַלדע רוחות, הערט נישט אויף גיסן און גיסן.

מיר נעכטיקן איבער אין די אַלטע יידישע קאָלאָניעס, וואָס עקזיסטירן שוין 115 יאָר. — מיר פאָרן פאַרביי קאַמיענקע, ניי-קאָוונע, ניי-וויטעבסק, איזלוטשיסטע, — די הייזער זענען ברייטע, גרויסע, די שייערן באַלעבאַטישע, די הינט געוווקסיקע. תחלת קען מען די קאָ-לאָניעס אָננעמען פאַר דייטשע. נאָר אָט זעט זיך אַ שול. יידן אין פעלצן קומען צו און באַגריסן זיך מיטן אַגראָנאָם:

— גוטמאָרגן, טאָוואַרישטש שוכמאַן!

אַלע קאָנען זיי אים, דעם שטרענגן און גוטן עקאָנאָם שוכמאַן, פּונקט ווי ער קאָן אַלעמען. עס הויבט אָן נאַכט-ווערן און מיר שטעלן זיך אָפּ אויף נאַכט-לעגער אין קאַמיענקע ביי אַ ייד אַ פויער.

אַ רחבות ביי די אַלטע קאָלאָניסטן. אויף די הילצערנע בעטן רוען הויכע פערינעס מיט קישנס, פאַר זיך, פאַר קינדער אויף חתונות און אַפּילו פאַר אַן אורח, אַז מען דאַרף. פון די שאַפעס קוקן אַראָפּ בייכיקע בוטלעס מיט ווייַן פון די אייגענע וויינגערטנער. אויף די ווענט הענגען פאָטאָגראַפיעס פון זעלנער, אָנדענקען פון צייטן, ווען מען האָט געדינט „פאָניען". צווישן די זעלנער מיט עפּאָליעטן, וואַרפן

זײַן דורך יונגעלײַט אָן עפּאָלעטן, זעלנער פֿון דער רויטער אַרמיי. צפֿילו די קעץ אין שטוב זענען פֿעטע, גרויס־האָריקע, באַלעבאַטישע.

ניט אומזיסט האָבן זיך ניט ליב די אַלטע קאָלאָניסטן מיט די נײַע — דאָס איז די שטענדיקע שנאה צווישן זאַטע און הונגעריקע.

— „זיי" וואָלטן שוין אַלץ וועלן — זאָגט אַן אַלטער געזונטער קאָלאָניסט — און בײַ אונדז פֿלעגט די נשמה אַרויסקריכן, ביז מען האָט זיך צו עפּעס דערלעבט.

אויך זיי, די ערשטע יידישע קאָלאָניסטן פֿון אַמאָליקע צײַטן, איז נישט אָנגעקומען גרינג, ביז זיי האָבן זיך אײַנגעאָרדנט. אַ סך ווינציקער פֿון די נײַע קאָלאָניסטן, האָבן די אַלטע קאָלאָניסטן אַמאָל געוווּסט, ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט דער ערד. אָקסן האָבן דעמאָלט אַלע געהאַט, אָקסן, גרויע, גרויס־הערנערדיקע, תּמעוואַטע, און האָט מען די אָקסן אַרויסגעטריבן צוזאַמען אויף דער פּאַשע, האָבן זיי זיך אויסגעמישט און קיינער האָט דערנאָך נישט דערקענט זײַנע. — ביז יעדער האָט אַ בענדעלע פֿון אַן אַנדער פֿאַרב צוגעבונדן זײַנע אָקסן צו די הערנער, — האָט דאָס די אָקסן געברייצט און איינער דעם צווייטן האָט די בענדלעך אַראָפּגעפּליקט.

אמת, אַז דאָס איז שוין לאַנג, זייער לאַנג, נאָר די אַלטע קאָלאָניסטן ווייסן עס און עס פֿאַרדריסט זיי, אַלמאַי עס קומט די נײַע אָן „גרינג".

— מיט „זיי" צאַצקעט מען זיך און מיט אונדז האָט זיך קיינער נישט „געצאַצקעט" — אַלץ אַליין!

פֿונדעסטוועגן, אַז מען נעמט אַ גלעזל ווײַן פֿון די גרויסע בוטעלס, ווערט דער עולם ווייכער. — דער עולם קומט זיך צוזאַמען, מען רעדט, דערציילט. שפּעטער קומט דער שוחט צוגיין. פֿריער איז געווען אַ רבֿ אויך, נאָר איצט איז ער מער נישטאָ. דער שוחט, וואָס שעכט, אַרבעט אין פֿעלד און לערנט אַ שטיקל עבֿרי, פּסקנט שוין צו אַ שאלה אויך.

גראָד האָט זיך דאָ פֿאַרהאַלטן אַ פֿאָרשטייער פֿון „איקאַ", דער אַגראָנאָם מירקין, וואָס איז ספּעציעל געקומען פֿון פּאַריז, כּדי אָרגאַניזירן די איקאַ־קאָלאָניעס אין זאַפּאַראָזשער געגנט. — די אַלטע

קאָלאָניסטן באַציִען זיך מיט גרויס דרך-ארץ צום גאַסט פון פּאַריז. צייטן לאַנג האָט ער אַמאָל געאַרבעט אין זייערע קאָלאָניעס.

איצט פילט זיך ביי זיי אַן אייפערזוכט צו די „נייע", וואָס „זייער" מירקין אָרגאַניזירט און שטיצט.

— גיט אונז כאָטש אויף אויפשטעלן אַ מקוה — בעט דער עולם.

דער אַגראָנאָם שמייכלט.

אַ געזונטער שוואַרץ-בערדיקער קאָלאָניסט באַליידיקט זיך :

— זאָל זיין אַ באָד, אויב אַ מקוה איז פּסול. נישקשה, מיר זענען אויך אַזעלכע מיוחסים, ווי די נייע.

אַ גאַנצע חברה קאָלאָניסטן קומט מיט טענות, אַלמאַי מען צאָלט זיי נישט אָפּ דערפאַר, וואָס זיי האָבן צעאַקערט די ערד ביי די „נייע", איידער יענע האָבן נאָך געהאַט פּערד און אָקסן.

— וואָס איז ? — עס פעלט צו צום קניפּל ? — פרעגט דער אַגראָנאָם.

— קניפּל נישט קניפּל ! אָבער מיר דאַרפן פאַר די „נייע" נישט וואַרטן מיטן געלט...

פונדעסטוועגן זענען זיי פאַראינטערעסירט צו וויסן, צי מען וועט טאַקע מיט דער צייט פאַראייניקן די אַלטע מיט די נייע קאָ-לאָניעס.

די טענדענץ איז דאָ. נאָר דערווייל טיילן נאָך אַלץ אָפּ רו-סישע דערפער די נייע קאָלאָניעס פון די אַלטע.

און ביי דער גאַנצער „שנאה" צווישן די „אַלטע" און די „נייע", וואָלט מען פונדעסטוועגן וועלן זיין צוזאַמען.

יידן ציט צו יידן.

# אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל

ווידער אַמאָל אין וואַגאָן. רוסן קייַען, שיילן אייער, שניידן קישקעס מיט קניפּערלעך. סך-הכּל איז מען נאָר אייַנגעזעסן אין וואַגאָן און שוין קייַט מען, אַנדערע דרימלען, שוין אַזאַ רוסישע טבע, זעט אויס, אין וואַגאָן דאַרף מען אָדער קייַען, אָדער שלאָפן.

איך פאָר צום קלייַנעם שטעטעלע סמאָלעוויץ בייַ מינסק.

פאַרוואָס פּונקט סמאָלעוויץ? — ערשטנס, איז סמאָלעוויץ גאָר אַ העק, אַ קליין שטעטעלע, און ס'איז אינטערעסאַנט צו זען, ווי אַזוי זעט אויס אַ קליין שטעטעלע אין איצטיקן רוסלאַנד. צווייטנס, איז עס אויפן וועג צו די יידישע קאָלעקטיווע-קאָלאָניעס אין ווייס-רוסלאַנד. אין אוקראַינע, קרים האָבן זיך תּחלת אויך געשאַפן קאָלעקטיוון אין די קאָלאָניעס. נאָר מען איז זיך פונאַנדערגעפאַלן. אַז מען דערמאָנט די קאָלאָניסטן וועגן די קאָלעקטיוון, זענען זיי גרייט צו דורסן. אַפילו קאָמוניסטן אַליין, וואָס זענען געווען פאַר קאָלעקטיוון, רעדן מער נישט דערפון. אין ווייס-רוסלאַנד האַלטן זיך קאָלעקטיוון — און מען דאַרף זען, ווי אַזוי זיי זעען אויס. דאָס וועטער איז דערווייל שלעכט, און איך נוץ אויס די צייַט און פאָר זיך איבער קיין סמאָלעוויץ.

ווי אומעטום, הויבן יידן סוחרים אָן מיט מיר אַ געשפּרעך. איך טראָג גראָד העלע מלבושים. אין רוסלאַנד זעט מען נישט קיין העלע קליידער — און גלייַך דערקענט מען אין מיר דעם „אינאָסטראַניעץ”.

— ווי לעבט זיך יידן?

— ניט וואַזשנע.

— וואָס, די מאַכט טויג נישט?

— גאָר! די מאַכט איז גראָד פאַר אונז יידן גוט. נאָך קיינמאָל אַ ייד זיך נישט געפילט דאָ אַזוי תּקיף ווי איצט. נאָר דער „נאַר-קאָמפּין”...

„נארקאמפין" איז דער קאָמיסאַריאַט פון פינאַנסן. און יידן סוחרים האָבן אים נישט ליב.

— איר פאַרשטייט — זאָגן מיר פארמעליקטע יידן — פון 22-טן יאָר ביזן 25-טן האָט מען געלעבט. די קאָאָפעראַטיוון האָבן ביי אונז אַ סך מאָל געמוזט קויפן סחורות. איצט איז געוואָרן אוממעגלעך צו האַנדלען. מען גיט נישט קיין וואַגאָנעס פריוואַטע סוחרים צו ברענגען פון אוקראַינע תבואה, מען פאַרקויפט נישט קיין סחורות, און ס'איז ביטער.

אַן עלטערער ייד מיט צוויי גרויסע וואָנסן, ענלעך אַ ביסל צו באגדאן כמיעלניצקין, גלעט זיך איבער ביידע וואָנסן און זאָגט מיט אַ הייזעריקער שטים:

— וואָס ווילט איר? — אַמאָליקע צייטן האָבן מיר מיט אַ בעל-מלאכה זיך געשעמט; מען האָט זיך מיטן אַרבעטער נישט געוואָלט משדך זיין, נישט געהאַלטן אים פאַר קיין מענטש. היינט האָט ער די מאַכט, וויל ער אונז אָפּצאָלן. וואָס איז?

אַזוי שמועסנדיק און דיסקוסירנדיק קומט מען אָן צו פאָרן. אַ יונגער ייד אַ באַלאַגאָלע כאַפּט מיך גלייך אין פאַיעטאָן אַריין און מיר פאָרן אַן אַנדערטהאַלבן וויאָרסט ביזן שטעטל אַריין.

— עפּעס פאַראַן יידישע טוערס ביי אייך אין שטעטל? — פרעג איך דעם באַלאַגאָלע.

— ניין, אַלץ רוסישע.

איך קריך אַרום איבערן שטעטעלע, אייגנטלעך, איבער אײן לאַנגער אומעטיקער בלאָטיקער גאַס מיט קליינע איינגעהויקערטע הייזלעך, און פאַר גרויס לאַנגווייליגקייט גיי איך אַריין אין דער סאָוויעטישער „סטאָלאָווקע".ביים גרויסן טיש זיצן פויערן אין לאַפּטיעס און אין צעריסענע פעלצלעך און טרינקען טיי.

די סטאָלאָווקע איז ענלעך צו די אַמאָליקע רוסישע „טשאַיניעס", וווּהין די פויערן פלעגן זיך צוזאַמענקומען און אויסשמועסן זיך. אויף די הילצערנע ווענט הענגען אַ סך פאָרטרעטן פון באָלשעוויסטישע טוער, אַגיטאַציאָנס-פּלאַקאַטן און אַ פאַרביקער פּלאַקאַט מיט צייכנונגען און גראַמען, ווי אַזוי מען זאָל אויסאַרבעטן גוטע פעל.

אַ יידיש קליינגעוווקסיק מיידל שטייט אַרומגערינגלט פון אַלע

זייטן מיט פויערן און פויערטעס. זיי פארלאנגען, מ'זאָל זיי עפענען דעם קאָאָפּעראַטיוו און פאַרקויפן זיי סחורה. דאָס מיידל, די פאַר־קויפערין פון קאָאָפּעראַטיוו, טענהט, אַז ס'איז נישט איצט די צייט, צווישן איינס און דריי איז מיטאָג, נאָר די פויערן רעכענען זיך נישט דערמיט, פאַרלאַנגען זייער'ס.

— עפן, עפן! — זאָגן זיי — קאַלט צו שטיין אין גאַס.

איך גיי נאָכאַמאָל אַרויס איבערן שטעטל, שפּאַציר דורך אַלע בלאָטעס און מער ווי חזירים באַגעגנט מען כמעט גאָרנישט. עפּעס אַ גאַנצע וועלט מיט חזירים האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן דאָ, לויפן אַרום, קוויטשען, און די ייִדן מיט די ייִדענעס, די קרעמערס, וואָס שטייען מיט טישלעך סחורה, מיט געבעקס, טרייבן די דברים־אחרים פון זיך: — אַ טשו!

אַ שטעטעלע אַלט ווי דאָס ייִדישע גלות. פּונקט ווי אַמאָל, קריכן ייִדן צו די פויערשע פורלעך, טאַפּן אַ זעקל און קייען אַ שטרוי. פּונקט ווי אַמאָל, קריכן אַרום די פויערן און פויערטעס, אָרעמע ווייסרוסישע פויערן און פויערטעס, זיי טאַפּן די סחורות אויף די ייִדישע טישלעך, פּונקט ווי די ייִדן טאַפּן בײַ זיי די זעקלעך תבואה. דאַכט זיך, אַז אי די ייִדן, אי די גוים קומען אָפּ מיטן טאַפּן — קויפן קויפט מען נישט.

עטלעכע בלאָנדע רוסן, אין שינעלן און אין שטיוול, די באַאַמטע פון שטאָט, מסתמא, שלעפּן זיך איבער די בלאָטעס אין „סטאַלאָווקע" אַרײַן נאָך אַ „גלעזעלע" — און דער איינציקער מיליציאָנער געניצט און זוכט חטאים בײַ די פויערן, וואָס פאַראומרייניקן די בלאָטיקע גאַס מיט שטרוי, בײַ די קרעמער, וואָס שטופּן זיך צופיל אַרויס מיט די ביידלעך.

ווען נישט די רויטע פינף־שפּיציקע שטערנס מיט דעם האַמער און סערפּ וואָלט מען דאָס שטעטל געקענט אָננעמען פאַר אַ טונע־יאַדעווקע פון פופציק יאָר צוריק.

פון גרויס לאַנגווייליקייט, האָב איך שוין געטראַכט אַרײַנצו־כאַפּן זיך צום רב און כאַפּן אַ שמועס מיט אים מכוח ייִדישקייט און כלל־ישראל זאַכן. — נאָר אָט קוקט עפּעס אַראָפּ פון אַן איינגעהוי־קערט קרעמל אַ קליין שילדל אין די באַקאַנטע פיר שפּראַכן. — אויף

יידיש איז אָנגעשריבן „קוסטאַרן-פֿאַריין פון יעכידים״ — גיי איך שוין בעסער אין קוסטאַרן-פֿאַריין.

— עס איז איצט קיינער נישטאָ — זאָגט מיר אַ קליין עלטער יידל אין אַ שלאָפּראָק. — מען גרייט זיך אויף יום-טוב, מען קאַלכט די שטוב.

— צו וואָסער יום-טוב?

— וואָס, איר ווייסט גאָרנישט? — ווינדערט זיך דאָס יידל אין שלאָפּראָק — דאָס פייערט מען דאָך זונטיק, וואָס קומט, דעם יאָר-טאָג פון דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע. אָט קאַלכט מען ביי אונז די שטוב. אַ פֿאַרזאַמלונג וועט דאָ זיין, רעדעס.

— און ווער זענט איר אַליין, ר׳ ייד?

— איך בין דער „קוריער״ ביי די קוסטאַרן — זאָגט דער ייד — ר׳ ישראל רופט מען מיך.

— זייער אנגענעם. וויפל קוסטאַרן ציילט דער פֿאַריין אייערער?

— ניינציק, קיין ביז אויג.

— און ווי אַזוי לעבט זיך?

— אָט, מ׳קומט דורך! איינער איז אַ שניידער, אַ צווייטער אַ שוסטער, אַ דריטער אַ קושניר, אַ פערטער אַזוי. . . מ׳אַרבעט און מ׳פֿאַרקויפט צו אַרומיקע פויערן, ווי אַלעמאָל ס׳איז געווען. איך בין אַליין אויך אַ קושניר, נאָר איצט האָב איך מער קיין כוח נישט צו אַרבעטן, שוין אַריבער זעכציק, און איך בין אַ קוריער ביי די קוסטאַרן, גיי אַ שליחות, באַזאָרג...

— און וואָס נעמט איר געהאַלט?

— ווינציק, אַכצן רובל אַ חודש, אָבער קיין סך אַרבעט איז נישטאָ, און איך בין צופרידן. אַלץ בעסער, ווי אַמאָל.

— אַמאָל איז אייך געווען אַזוי שלעכט, ר׳ ישראל?

— ניין, שלעכט נישט! נאָר אַמאָל בין איך געווען אין דער קאַסע אַ קוריער און איך האָב געהאַט צרות פון דער פּאָליציי, ימח שמה!

— פֿאַרוואָס?

— פֿאַר גאָרנישט. אַריינגעקומען צו אַ ליאַדע גאָרניסט, אַ צינאָווניקל, געמוזט אַראָפּנעמען די היטל, געזאָגט האָט מען מיר „די״

געפֿרעגט ווי צו אַ הונט. הייסט, אַז איך קום אין „ראיקאם“ בין איך ווי בײַ זיך אינדערהיים. אַפֿילו די היטל נעם איך נישט אַראָפּ!

— נו, און די קרעמער ווי אַזוי לעבן בײַ אײַך, ר׳ ישׂראל?

— דער אָרעמסטער קרעמער — זאָגט ר׳ ישׂראל — לעבט נאָך בעסער פֿון רײַכסטן קוסטאַר. נאָר דער קוסטאַר איז אַלעמאָל געוווינט צו צרות, איז קוים האָט ער צו עסן, איז ער צופֿרידן. דער קרעמער איז געוווינט צו גוטס, האָט אַ געשמדטן האַלדז, טאָמער קוועטשט מען אים אַביסעלע, שרײַט ער געוואַלד.

דער ייִדל אין שלאָפֿראָק פֿאַראינטערעסירט מיך און איך פּרוּוו מיט אים אַוועק ווײַטער:

— נו, און אַ רב האָט איר דאָ בײַ אײַך? אַ שוחט?

— פֿאַראַן — זאָגט ר׳ ישׂראל בייז — די סחורה פֿעלט נישט...

— עפּעס האָט איר אַ בייז האַרץ, ר׳ ישׂראל, אויפֿן רב מיטן שוחט, אמת?

— אָט! גלאַט אַזוי איבעריקע פֿאַרשוינען... דאַרמאָיעדניקעס — זאָגט ר׳ ישׂראל.

— פֿאַרוואָס, ר׳ ישׂראל?

— אַז נישטאָ מער דער קייזער, וואָס-זשע דאַרף מען נאָך זיי?

— ווי קומט דער קייזער צו זיי?

— וואָס איז, איר ווייסט נישט? געווען דער קייזער, האָבן זיי אים אַלעמאָל געמאַכט אַ מי שברך... הייסט, צו וואָס דאַרף מען זיי הײַנט? די „גדולים“ דאַרפֿן נישט קיין מי-שברכס...

— נו, און אַ שאלה פֿסקענען? שעכטן אַ בהמה, אַן עוף?

— עט — מאַכט ר׳ ישׂראל אַוועק — זיי וועלן אײַך הײַנט עסן, די ייִדעלעך אונזערע, אַפֿילו בשׂר-קוויטש אויך, אַבי גיב זיי נאָר...

— וואָס הייסט בשׂר קוויטש?

— איר פֿאַרשטייט נישט? — חזיר! איר הערט נישט ווי ער קוויטשעט?

— איר זענט דאָך עפּעס גאָר אַן אַפּיקורס, ר׳ ישׂראל — זאָג איך אים.

— פֿאַרוואָס זאָל איך נישט זײַן קיין אַפּיקורס, אז מ׳האָט מיר די אויגן געעפֿנט.

— ווער?

— קיינער נישט! אַליין זע איך. איר מיינט, אַז איך זע נישט? כ׳קען נאָר נישט רעדן. מ׳האָט מיך נישט געלערנט. אָבער איך האָב שטענדיק געזען, ווי די רבנים און די גבירים האָבן אונז, בעל־מלאכהס, גערודפט, קיין גלייך וואָרט צו אונז נישט אויסגערעדט... אַ מצווה אויף זיי! וואָס מ׳גיט זיי איבערן קאָלנער, איז נאָך אַלץ ווינציק.

— ר׳ ישראל, זעט אויס, אַז די יונגעלייט האָבן אייך גענומען אין דער אַרבעט?

— זיי געפעלן מיר טאַקע — איז זיך ר׳ ישראל מודה און ער ווייזט אויף זיין קליין שטעקעלע — איר זעט דעם שטעקעלע? אַט דערמיט דאַרף מען דעם רב און דעם שוחט שלאָגן.

— פאַרוואָס?

— הערט אַ מעשה: מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט מיר מיין ווייב געבוירן אַ מיידל.

— מיט עטלעכע וואָכן צוריק? ביי אייערע יאָרן?

— נישקשה — זאָגט ר׳ ישראל — זי איז אַ צווייטע ביי מיר, אַ יונגע, און זי וועט נאָך האָבן ביי מיר, האָבן און האָבן...

— נו?

— בקיצור, גיי איך קוילן אַ הינדל, גיי איך אַוועק צום רב, וואָרים שעכטן אַן עוף קאָסט ביי אונז אַכט קאָפּיקעס. דריי קאָפּיקעס נעמט דער רב און פינף קאָפּיקעס דער שוחט. אָבער איך קען נישט צאָלן אַזויפיל, גיי איך אַוועק צום רב, ער זאָל מיר געבן אַ קוויטל צום שוחט, מ׳זאָל ביי מיר נעמען בלויז פינף קאָפּיקעס, ווילן זיי נישט. דאַרף מען זיי נישט שלאָגן מיט דעם שטעקעלע, האַ?

אַן אינטערעסאַנטער יידל, ר׳ ישראל. די יונגעלייט פון שטעטל האַלטן פון אים אַ וועלט און די עלטערע יידן זענען אויף אים בייז, בלויז די בעל־מלאכהס האָבן אים ליב.

— וואָרים ער איז דען נישט גערעכט? — זאָגן זיי.

מיט דער ביידער פּאָליטיק, וואָס די סאָוויעטן האָבן אָנגעווענדט צו די קוסטאַרן, האָבן זיי די בעל־מלאכהס אינגאַנצן געקויפט.

די קרעמער ווארטן נאָר אויף דעם מאָמענט, מ'זאָל צו זיי אָנווענדן אַ מילדערע פּאָליטיק.

— דעמאָלט — זאָגן זיי — וואָלט שוין גאָר גוט געווען, און אַזוי טויג נישט. דעמאָלט וואָלטן מיר זאָגן: זאָל לעבן די ראַטנמאַכט און דער „קאַמפּין", הייסט זאָגן מיר: זאָל לעבן די ראַטנמאַכט און זאָל איינגעמען אַ פּגירה דער קאָמפּין...

ר' ישראל האָט מיך שוין געפּירט אומעטום, און געברומט בייז אויפן באַלעגאָלע, וואָס האָט געזאָגט, אַז סמאָלעוויץ האָט נישט קיין יידישע טויער.

— ווייס איך, וואָס אַ באַלעגאָלע רעדט? — אַ „ניע-סאזנא-טעלנע".

— קומט וועל איך אייך ווייזן אונזער יידישע שול — האָט ער געזאָגט מיט שטאָלץ און געפּאָכעט מיטן קליינעם שטעקעלע.

דאָס קליינע שטעטעלע סמאָלעוויץ, וואָס ציילט 500 יידישע פאַמיליעס, האָט אַ זיבן-יאָריקע יידישע שול מיט צוויי הונדערט פופציק תלמידים און מיט ניין לערער, וואָס כמעט אַלע קומען פון די יידישע טעכניקומס און „פּעדפּאַקן" (פּעדאַגאָגישע פאַקולטעטן).

אין שול איז טומלדיק. די דערוואַקסענע יינגלעך און מיידלעך שרייבן לאָזונגען, וואָס מען דאַרף אויסהענגען צום 9-טן יאָר-טאָג פון דער רעוואָלוציע. איך באַמערק, ווי אויף אַלע לאָזונגען איז אָנגע-שריבן „זאָל לעבן דער אַלטוועלטלעכער פּראָלעטאַריאַט".

איך מאַך זיי אויפמערקזאַם, אַז זיי מיינען מסתמא „אַלוועלט-לעך" — זיי פאַרשטייען נישט דעם חילוק. ענדלעך קלערט זיי דער לערער אויף.

— און ווער זענט איר? — פרעגן מיך די דערוואַקסענע שילער.

— אַ יידישער שרייבער פון פּוילן.

— ווי הייסט איר?

איך זאָג מיין נאָמען.

די שילער קוקן מיך אָן מיט חשד. זיי האָבן קיינמאָל אַזאַ נאָמען נישט געהערט, אויך די לערער ווייסן נישט פון מיר. זיי האַלטן מיך מסתמא פאַר אַ באַרימער. נאָר איך בין נישט קיין

אויסנאַם, מען ווייסט נישט אויך פון עלטערע און וויכטיקערע יידישע שרייבער. אמת, אַז שילער פון זיבעטן שול־יאָר און יידישע לערער דאַרפן יאָ זיין באַקאַנט מיט יידישע שרייבער — אָבער דאָס מינערט נישט אויף קיין האָר די גרויסע באַדייטונג, וואָס אין פאַרוואָרפענעם העק סמאָלעוויץ לערנען אַלע יידישע קינדער אין דער יידישער שול אויפן חשבון פון דער מלוכה.

אין שבת לערנט מען דאָ נישט. די עלטערן ווילן נישט. דערפאַר זאַמלען די עלטערן אַליין צונויף יעדער יאָר אַ היפּשע סומע און גיבן צושטייער צו רעמאָנטירן די שול.

ביים אַוועקפאָרן פון שטעטל איז געקומען צו מיר אויפן וואָקזאַל אַ בחור אין לעדער אָנגעטון און מיר אַ פאָרוווּרף געמאַכט, אַלמאי איך בין נישט אַריינגעקומען אין „ראַיקאָם".

אים קומט שוין אויס אַמאָל לייענען אויסלענדישע צייטונגען און ביכער, מיין נאָמען איז אים באַקאַנט און ער האַלט פאַר אַן עוולה, וואָס כ'בין נישט געקומען באַזוכן דעם ראַיקאָם, ווו ער איז, דוכט זיך, דער פאַרזיצער, אָדער פאַרנעמט אַן אַנדער פּאָסטן.

ווען איך האָב, צוריקפאָרנדיק מיטן זעלבן באַלעגאָלע צו דער באַן, געפרעגט אים, אַלמאַי ער האָט מיר געזאָגט, אַז אין שטעטל זענען קיין יידישע טוער נישטאָ, האָט ער געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— איך האָב געמיינט, אַז איר ווילט צו די גבאים — און זיי זענען, דאַכט זיך, נישטאָ...

אין וואַגאָן דריטער קלאַס כאַפּט מען ווידער אַ שמועס. אין וואַגאָן איז געדיכט, ענג, יונגט פאָרט, רוסישע און יידישע, און מ'שמועסט וועגן אַרבעט און אַרבעטסלאָזיקייט.

— ביי אייך אין פּוילן — פרעגט מען — איז פאַראַן אַרבעטסלאָזע?

— ס'זאָל אַזוי פעלן, ווי ס'פעלט נישט. און ביי אייך?

— ביי אונז — מאַסן.

— וויפל, אַ שטייגער, האָט מינסק אַרבעטסלאָזע?

— צוואַנציק טויזנט — זאָגט אַ יונגער גוי אין אַ לעדערן היטל.

— פינף טויזנט, נישט מער — רופט זיך אָן אַן אַנדער רוס מיט אַ בלאָנדן-געקרייזלטן קאָפּ.

— און איך זאָג, אַז מען וועט אנציילן מער ווי דרייסיק טויזנט — רופט זיך אָן אַן עלטערער אַרבעטער, וואָס פירט אַ קעסטל מיט צוואַנגען, האַמערס און נעגל, — זעט אויס אַ סטאָליאַר.

— נישט אמת, רעדט נישט, וואָס איר ווייסט נישט, פאַרשפּרייט נישט קיין קלאַנגען — שרייט איינער אַ פאַרשוין מיט פולע רויטע באַקן. — מיר ווייסן שוין צוליב וואָס אַזעלכע קלאַנגען ווערן פאַר־שפּרייט..

דער סטאָליאַר לאָזט זיך נישט אָפּשרעקן.

— נאָ-נאָ —זאָגט ער — שרעקט נישט אָפּ, חבר!

עס ווערט אַ גאַנצער טומל אַרום דער פראַגע. איינער אַ סאָלדאַט אין אַ לאַנגן שינעל ביז די טריט פאַרציט טיף אַ פּאַפּיראָס און זאָגט געמיטלעך:

— צווישן אונז קען מען זאָגן, וואָס מען וויל. נישט פון זאָגן ווערט מען טראָגן... אָבער פאַר אַן אויסלענדער דאַרף מען זיין פינקטלעך, נישט שמירן מיט דער צונג. קיין קוואַליפיצירטע אַרבע־טער זענען אינגאַנצן נישטאָ קיין ליידיקגייער. און ליידיקגייער, פּוסטע הענט, זענען אומעטום פאַראַן אַ סך.

— און איך בין אַ קוואַליפיצירטער — שרייט איינער פון באַנק אַראָפּ — און בין אָן אַרבעט...

— רעדט נישט, וואָס איר ווייסט נישט!

— וואָס זענט איר, חבר?

— אַ מעכאַניקער.

— אוממעגלעך, מ׳זוכט מעכאַניקער, ווי מיט ליכט!

— און אָט האָט איר דאָך!

זייער אַ סך קומט אויס צו הערן אַזעלכע געשפּרעכן. לויט ווי עס גיבן אָן די פאַראַנטוואָרטלעכע טוער, איז די צאָל פון אַרבעטס־לאָזע זייער קליין. לויט ווי עס גיט אָן די באַפעלקערונג, איז די צאָל אַרבעטסלאָזע משונה גרויס. ביידע טרייבן איבער.

דער עולם גייט איבער צו אַנדערע געשפּרעכן, צו פילם-בילדער.

— עך, מיליאָני, מיליאָני! — באַלעקט זיך אַ מיליטער-מאַן — טשודיעסנא!

דאָס דערציילט ער מיט אַנטציקונג וועגן שלום-עליכמס מיליאָנען, וואָס ער האָט געזען אויפן פילם.

אַנדערע רימען פּושקינס „סטאַנציאָנני סמאָטריטעל" אויפן לייוונט.

ביים אַראָפּגיין גייט צו מיר צו דער זעלבער סאָלדאַט, וואָס האָט געהייסן זיין פאַרזיכטיק פאַר אויסלענדער מיט ידיעות, און זאָגט מיר שטיל:

— איר דאַרפט נישט אַלץ גלויבן, וואָס מען זאָגט אייך. פאַראַן שעדלעכע עלעמענטן, באַקאַנט!

און אין שותּפותדיקן אויטאָ, ווו מען ליגט איינגעפּרעסט, ווי אין אַ פּעסל, האָט מיר אַ בלאָנדער שיינער בחור איינגערוימט אין אַ גרייזיקן פאַררוסיפיצירטן פּויליש:

— לאָזט זיך נישט אַריין, לאַנדסמאַן, מיט יעדן איינעם... שפּיאָנען אויף יעדער טריט...

## אין קאָלעקטיוו „אַרבעט"

נישט קיין לייכטע רייזע אין די יידישע קאָלעקטיוון אין ווייס-רוסלאַנד. קודם כל דאַרף מען פאָרן פון מינסק קיין באָברויסק. גראד איז קיין צווייטע קלאַס נישטאָ און מען מוז אַרויפקריכן אויף דער האַרטער באַנק און אָפּהעצקען זיך אַ נאַכט.

אפילו ריין אין די וואַגאָנעס. פאַר שפּייען, וואַרפן מיסט אויף דער ערד אָדער רויכערן אין וואַגאָן פאַר נישט-רויכערער צאָלט מען דריי רובל — און אַ דרייערל איז אַ שאָד. אָבער דאָך איז נישט שטאַרק באַקוועם צו שלעפן זיך אַ נאַכט.

מיינער אַ שכן, אַ יונגערמאַן, וואָרנט מיך, איך זאָל נישט דרעמלען.

— אויב איר ווילט מען זאָל אייך אַראָפּציען דעם מאַנטל, —

זאָגט ער — דאַרפט איר נאָר כאַפּן איין דרימל, אויף אייער מאַנטל וועלן קיין בעלנים נישט פעלן.

— מען שלעפט ?

— אָהאָ ! אַפילו אַן ערגערן מאַנטל נעמט מען אויך. ביי מיר יענע וואָך אַראָפּגעצויגן אַ מאַנטל אין וואַגאָן.

איך קעמף מיט זיך און שלאָף נישט.

פון באָברויסק ביז דעם קאָלעקטיוו „אַרבעט" איז אויך אַ קימאַ־לן פון אַ קנאַפּע פערציק וויאָרסט, און קאַלט איז אויך. נאָר פאָרן מוז מען.

מיר פאָרן מיט די וועגנס פון די קאָלאָניסטן, וואָס זענען גראָד געקומען אין שטאָט אַריין איינקויפן, און באַלד טאַקע, ביים זעצן זיך אין וואָגן, דערקען איך שוין, אַז דער קאָלעקטיוו דאַרף זיין אַ גוטער, אַ זאַטער.

די פּאָר פערד זענען אויסגעפּאַשעט, ריין. דער וואָגן איז גוט באַלאַבאַטיש אויסגעבעט מיט שטרוי און היי. דער קאָלאָניסט, וואָס טרייבט אָן, איז אָנגעטון אין אַ וואַרעם רויט פעלצל, אין גוטע פאַר־בלאָטיקטע שטיוול — און וואָס פאַר אַ באַלאַבאָס ער איז !— ער פאַר־גינט זיך נישט אַ שמיץ צו טאָן די פערד. ער פאָכעט בלויז אויף זיי מיט דער בייטש. און יעדער מאָל, וואָס עס גייט באַרג אַרויף, קריכט ער אַראָפּ פון וואָגן.

אויפן וועג באַגעגענען מיר פאַרשידענע דאָרפס־יידן. אָט איז אַ וואַסער־מיל. אַ גאַנצע כאָפּטע פויערן אין רויטע שעפּסענע פעלצן שטייען און אַרבעטן, שלעפּן זעק פון די פורן, איך וואָלט שווערן, אַז דאָס זענען איוואַנעס, נאָר מיין קאָלאָניסט שרייט:

— ר' ישעיה ! מוליע ! חיים !

און די „איוואַנעס" אין די רויטע פעלצן קומען אַרויס און רעדן זיך פאַנאַנדער.

דאָס האַלט אַ ייד אַ וואַסער־מיל אין אַרענדע ביי דער רע־גירונג, און אַ גאַנצע קאָמפּאַניע דאָרפס־יידן פון די נאָענטע דערפער זענען געקומען מיט וועגעלעך קאָרן און באַצאָלט מיט קאָרן פאַר מאָלן זיי מעל.

— וויפיל האָט איר „פּאַלוטשעט ?" — פרעגט איינער דעם אַנדערן.

— פינף דעסיאַטין. — ענטפערט מען.
— איך נאָר אַנדערטהאַלבן דעסיאַטין.
— און מיר גיט מען אין „פּאַסיאַלאָק”.
— מען וועט דאַרפן די הייזקע איבערטראָגן...

דאָס זענען מערסטנס דאָרפס-יידן, שניידערס, שוסטערס, קירזשנער, וואָס אַמאָל האָט מען זיי געטריבן פון די דערפער. זייט פיר-פינף יאָר זענען זיי געקומען צוריק, און די רעגירונג גיט זיי שטיקלעך ערד אין פאַרשידענע ערטער.

היפש אין אָוונט קומען מיר אַריין אין קאָלעקטיוו „אַרבעט”. — דאָס איז אַ געוועזענער גוט, אַ מאַיאָנטעק פון אַ פּריץ, וואָס נעמט אַרום אַ הונדערט דעסיאַטין. די ערד איז נישקשה. די שייערן זענען גרויסע, פריצישע, די הייזער הויכע, נישט מיט שטרוי געדעקט, נאָר מיט שינדלען, די סעדער זענען גרויסע, די אָנגעשיטע קעלערס מיט קאַרטאָפל זענען הויכע, פולע, און אַפילו די הינט, וואָס באַפאַלן אונז און וועלן גלייך פריינטלעך, זענען גרויסע, פעטע, פריצישע.

מיר זענען פיר פרעמדע. אויסער מיר, זענען מיט דערזעלבער פור מיטגעקומען צוויי יידישע אַגראָנאָמען, זייער סימפּאַטישע און געטרייע, און איינער אַן אַגראָנאָם אַן אוקראַינער, אַ ריזיקער פאַרשוין אין אַ פעלץ, וואָס פאָרט אַרום איבער די קאָלאָניעס און קאָלעקטיוון אַלס אינסטרוקטאָר.

נאָר עס מאַכט נישט אויס. שוין גרייט מען פאַר אונז ביים „סטאַראָסטאַ” קאַהאַנאָוויטש אַ טיש מיט אַ הייסן סאַמאָוואַר, מיט פּריש ברויט, מיט ווייסע חלה, מיט פרישע אייגענע פּוטער, מיט געדיכטע סמעטענע, און אַפילו אַ פלעשל בראָנפן מיט סאַרדינען פעלט נישט.

מען פרעגט מיך נישט, ווער איך בין, וואָס איך בין, צוליב וואָס איך קום.

אַ „גאַסט”, אַ „פּרעדסטאַוויטעל”, און מען דערלאַנגט פון שענסטן און בעסטן.

די „פויערטע”, די פרוי קאַהאַנאָוויטש, האָט אַלץ מורא, אַז אירע מאכלים זענען נישט גענוג גוט פאַר מיר, דעם „אויסלענדער” און זי האַלט זיך אין איין פאַרענטפערן:

— האָט נישט פּאַראיבל, מיר זענען דאָרפישע...

פון אַלע אַרומיקע הייזלעך קומען זיך אָן די איינוווינער צום „סטאַראָסטאַ" קאַהאַנאָוויטש, כדי צו כאַפּן אַ שמועס מיט אַ פרעמדן מענטש, הערן נייעס.

געזונטע, אָפּגעהאָרעוועטע, אין גרויסע שטיוול, אין רויטע פּעלצן, זיצן זיי שווייגנדיק אויף די הילצערנע בענק און הערן וואָס מען רעדט.

ווער זענען זיי?

דער געזונטער יונגער סלאַווין, מיט די ברייטע פּלייצעס און געזונטע פּאַנאַנדערגעוואַקסענע הענט, שטאַמט פון דערפער און האָט אַלעמאָל געקענט אַקערן און זייען. אָבער דער קלוגער באַברויסקער ייִד שוב, מיטן פּנים פון אַן אינטעליגענט, איז טאַקע אַלעמאָל געווען אַ שטאָט-מענטש, געווען שוין אַן אָנגעשטעלטער, אַ קרעמער, אַ הענדלער מיט וואַליוטע און וואָס נישט! און איצט איז ער אַ דאָרפס-מענטש אין קאָלעקטיוו „אַרבעט" און איז איינגעאָרדנט. לעבט פון אייגענעם ברויט, וואָס ער אַרבעט אויס מיט די הענט, גאָרנישט שלעכט, הלואי אויף אַלע דאָרפס-ייִדן געזאָגט.

יאָ, פאַרשידן זענען זיי. צוועלף פאַמיליעס מיט ווייבער און קינדער, באַאַרבעטן זיי אַליין מיט די אייגענע הענט הונדערט דעסיאַטין ערד, אַ גרויסן סאָד, גרויסע גערטנער, האַלטן העכער פערציק מילך-בהמות, אַנדערטהאַלבן מנינים פערד, מאַכן פּוטער צום פאַרקויף, שניידן, זייען, אַקערן, און נישט נאָר וואָס מען האָט פאַר זיך אַלץ, וואָס מען דאַרף, נאָר מען צאָלט אויך אויס די קרעדיטן, וואָס מען האָט באַ-קומען אויף איינצואָרדנען זיך, און מען מאַכט ריוח אין פאַרלויף פון איין יאָר העכער זעקס טויזנט רובל.

ווי לאַנג אַרבעטן זיי? נישט לאַנג, צוויי יאָר סך-הכל. פריער האָבן דאָ ווייס-רוסישע פּויערן, שטענדיקע דאָרפס-לייט, געהאַלטן דאָס זעלבע גוט אין אַרענדע ביי דער רעגירונג, נאָר זיי האָבן אַזוי שלעכט געלעבט, אַז נישט נאָר וואָס זיי האָבן נישט געהאַט קיין ברויט פאַר זיך, נאָר זיי האָבן נישט געקענט באַצאָלן דער רעגירונג דאָס געלט פאַר דער אַרענדע און, שולדיק בלייבנדיק אַלץ, זענען זיי אַוועק פון דער ערד.

די צוועלף יידן, וואָס אַ טייל פון זיי זענען געוועזענע שטאָטלייט אָדער דאָרפישע אַרענדאַרן און סאַדאָווניקעס, זענען צוגעגאַנגען מיט קליינע מיטלען, סך-הכל צו צוויי הונדערט רובל האָט יעדער אַריינגעלייגט. די רעגירונג האָט געגעבן קרעדיט אויף פיר טויזנט רובל אויף אויסצוצאָלן אין פאַרלויף פון אַ יאָר דרייסיק, און אין פאַרלויף פון קנאַפּע צוויי יאָר שאַצט זיך אָפּ דער קאָלעקטיוו אין העכער צען טויזנט רובל (בלויז די ווירטשאַפט, נאַטירלעך, אָן באָדן). מען האָט שוין אָפּגעצאָלט אַ טייל פון די גענומענע קרעדיטן, און מען איז זאַט, באַזאָרגט מיט מעל און קאַרטאָפל, און מיט גרינס און מיט פרוכטן, און מיט מילך, פוטער און אייער, און אַרומיקע פויערן קומען כסדר מיט וועגעלעך און קויפן קרויט פאַר זיך אויף עסן.

— וואָס איז, די פויערן האָבן ווינציק ערד?

— גאָר! — זאָגן די יידן פון קאָלעקטיוו „אַרבעט" — קיין ערד פעלט נישט, נאָר ביים ערל וואַקסט נישט קיין גרינס.

— פאַרוואָס?

— ווייל ער קען נישט באַאַרבעטן. ער מאַכט שמאָלע בייטן, פאַרזייט אַ סך מינים, און עס קומט גאָרנישט אַרויס.

נו, און ביי אייך?

— ביי אונז, קיינע אָרע וואַקסט. מיר קענען אַלע דערפּער פאַרטיילן מיט קרויט.

און די אַרומיקע פויערן, וואָס זייערע עלטער-עלטער-זיידעס פון הונדערטער יאָרן זענען אויף דער ערד, באַוווּנדערן די גרויסע הייפּטלעך קרויט, וואָס זיי קויפן אין יידישן „אַרטעל", און זאָגן:

— אַני-זשע יעוורעי...

* *

*

נאָכדעם ווי די יידן אין קאָלעקטיוו האָבן פאַרטאָג אויסגעקעמט און אָפּגעפּוצט אַלע זעכצן פערד, און אַ סך שענער און ריינער ווי די פויערן טוען עס; נאָכדעם ווי מען האָט אַ ביסל אַרומגעקוקט דעם הויף, געבראַכט היי און אַנדערע אַרבעטן אָפּגעטאָן — איז מען זיך צונויפגעקומען צו איין ייד אין שטוב, אויף אָפּצוהאַלטן די-

יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, וואָס איז פונקט אויסגעפאַלן בעת מיין אָנקומען.

אויסער די מיטגלידער פון קאָלעקטיוו מיט זייערע ווייבער, דערוואַקסענע קינדער און אפילו קליינוואַרג, האָבן אויף דער פאַרזאַמלונג אָנטייל גענומען אויך זייטיקע פערזאָנען:ביידע יידישע אַגראָנאָמען, דער רוסישער אַגראָנאָם, דער קאָמוניסט, וואָס פאָרט אַרום אַלס אינסטרוקטאָר איבער די דערפער, אַ יידישער קאָמוניסט, וואָס אַרבעט אין אַ רעגירונגס-מאַיאָנטעק, וואָס ווערט באַאַרבעט דורך ווייס-רוסן, און איינער אַ יונגער רוס אַ קאָמוניסט, וואָס אַרבעט אין דאָרפישן קאָאָפּעראַטיוו.

וואָרים אין רוסלאַנד איז אַ מנהג איצט, אַז יעדער קען קומען אויף אַ פאַרזאַמלונג און אַריינטראָגן פאָרשלאַגן און רעזאָלוציעס, נאָר קיין שטימרעכט האָט דער זייטיקער נישט.

די עטלעכע קאָמוניסטן האָבן באַמיט זיך אַריינצופירן אין קאָלעקטיוו פאַרשידענע אויסבעסערונגען, טייל גערעכטע, טייל אומגערעכטע.

די זיצונג איז פאָרגעקומען אין האַלב-רוסיש, האַלב-יידיש, ווייל דער פאָרזיצנדער איז געווען דער אוקראַינער, דער אַגראָנאָם. איבעריקנס, דאַרף מען זאָגן, אַז אויך די יונגעלייט, די דערוואַקסענע זין פון די קאָלאָניסטן, רעדן אַ סך, אַ סך בעסער רוסיש ווי יידיש, אָבער ווי איינער האָט געוואָלט אַזוי האָט ער גערעדט. די שפּראַכןפראַגע איז בכלל דאָ קיין פראַגע נישט.

נאָר אינטערעסאַנט איז מיר געווען דאָס, וואָס די קאָלאָניסטן האָבן מיט אַ געוואַלדיקער עקשנות זיך געהאַלטן ביי זייערס און אַבסאָלוט נישט נתפעל געוואָרן דערפון, וואָס דער אָפיציעלער פאָרשטייער פון קאָמיסאַריאַט פאַר ערד האָט געוואָלט איינפירן אייגענע אויסבעסערונגען.

— מיר האָבן רעכט צו טאָן מיט אונזער קאָלעקטיוו וואָס מיר ווילן, נישט וואָס מען וואַרפט אונז אָן, — האָבן זיי געטענהט — און זיי האָבן אַלע רעזאָלוציעס פון קאָמוניסטישן אינסטרוקטאָר אָפּגעוואָרפן.

געגאַנגען איז עס אין דעם, וואָס דער קאָמוניסטישער אינסטרוקטאָר

האָט גערעטן, אַז אַלע בחורים און מיידלעך פון 18 יאָר אָן, קינדער פון קאָלאָניסטן, זאָלן נישט נאָר לעבן אויפן חשבון וואָס זיי אַרבעטן ביי די עלטערן, נאָר זיי זאָלן אויך פאַררעכנט ווערן אַלס מיטגלי־ דער פון קאָלעקטיוו און האָבן אַ חלק אין פאַרמעגן.

די יונגע באַלעבעסלעך, וואָס האָבן נאָך נישט קיין דערוואַקסענע קינדער, האָבן בשום אופן נישט געוואָלט נאָכגעבן, מען זאָל די דערוואַקסענע קינדער פון זייערע שותפים געבן אומזיסט חלקים אין קאָלעקטיוו, סיידן זיי וועלן איינצאָלן פאַרן פאַי לויט דעם באַטרעף פון איצטיקן פאַרמעגן.

דעם אינסטרוקטאָר דעם קאָמוניסט איז עס געגאַנגען אין לעבן דורכצופירן זיינס. ער האָט אויך פאָרגעלייגט, אַז דער קאָלעקטיוו זאָל אַרויסהעלפן אָרעמע מענטשן, וואָס ווילן צו אים אַריינטרעטן, און ערלויבן אויסצאָלן אין דער קאַסע פון קאָלעקטיוו ביסלעכווייז די סומע, וואָס אַזאַ נייער מענטש דאַרף אַריינטראָגן.

דער עולם האָט נישט נאָכגעגעבן.

— מיר'ן זיך נישט לאָזן! — האָט דער עולם געשריגן — דער קאָלעקטיוו איז אונזערער, מיר האָבן די דעה.

אַפילו דער ארגומענט, וואָס דער אוקראַינישער קאָמוניסט האָט אַרויסגערוקט, אַז מער פון אַלע אַנדערע דאַרפן יידן האָבן אַ געפיל פאַר גערעכטיקייט, ווייל מען האָט זיי לאַנג גערודפט און דעריבער דאַרפן זיי נישט טון קיין עולה די יונגע אַרבעטער, האָט אויך נישט געהאָלפן.

זעלטן־ווו מיר איז אויסגעקומען צו זען, אַז דאָרפישע יידן זאָלן זיך אזוי פעסט האַלטן קעגן אַן אָפיציעלער פערזאָן.

זיי זענען שוין אַזוי געווען קעגן די נייע רעזאָלוציעס, אַז ווען דערזעלבער אינסטרוקטאָר האָט פאָרגעלייגט צו גרינדן אַ פאָנד פאַר אייגענע קראַנקע און אינוואַלידן, האָבן זיי אויך זיך אָפגעזאָגט אָנצונעמען.

איך האָב פאַר עטלעכע פון די יידן אויסגעדריקט פריוואַט מיין פאַרווונדערונג.

— פאַרוואָס זאָלט איר אַזאַ זאַך נישט אָננעמען, קיינער פון אייך איז דאָך נישט זיכער, צי ער וועט אַליין נישט דאַרפן אָנקומען אַמאָל?

— מיר גיבן סיי־ווי־סיי, — האָבן זיי מיר געענטפערט, און אָנגעוויזן אויף איינעם אַ שותף: אָט, איר זעט דעם ייד, איז ער דעם זומער קראַנק געוואָרן, האָבן מיר אים צוועקגעשיקט אויפן חשבון פון קאָלעקטיוו קיין קרים און אים אויסגעהאַלטן מיט אַלעמען.

— אָט, — ווייזן זיי מיר אָן אויף אַ יונגער פרוי — זי האָט געדאַרפט חתונה האָבן, האָבן מיר איר געגעבן אויף אַן אויסשטייער גאַנצע 300 רובל.

— אָבער דערפון ווייסט קיינער נישט, — מאַך איך זיי אויפמערקזאַם — און וועגן דעם וואָס איר זאָגט זיך אָפּ אָפיציעל צו שטיצן אייערע קראַנקע און אינוואַלידן, וועט יעדער וויסן, ווייל דאָס ווערט פאַרעפנטלעכט. פּאַסט דאָס דען פאַר אַ יידישן קאָלעקטיוו? וואָס וועלן פויערשע רוסישע קאָלעקטיוון זאָגן?

— איר זענט גערעכט, מיר זענען פּראָסטע מענטשן, מיר האָבן זיך נישט געכאַפּט, — האָבן די יידן געענטפערט מיט בושה.

זיי האָבן דעם פּונקט צוריקגעצויגן און געבעטן דעם אוקראַינער, דעם אינסטרוקטאָר, ער זאָל פאַרצייכענען, אַז דערויף זענען זיי יאָ מסכים.

די איבריקע פּונקטן האָבן זיי בשום אופן נישט נאָכגעגעבן.

זעלטן צו באַמערקן אַזאַ זיכערקייט, ווי עס הערשט דאָ ביים עולם, דיזעלבע זיכערקייט הערשט אין דער באַציונג צו די אַרומיקע שכנים, די גוים.

— מיר לעבן מיט זיי בשלום, — טענהט דער עולם — און זיי דאַרפן מיט אונז לעבן בשלום.

און אַז עס האָט געטראָפן טאַקע, אַז פויערן פון אַרום האָבן אַריינגעלאָזן פערד אין די יידישע לאָנקעס, האָבן יונגע בחורים פאַרנומען די פערד, און אַז עס איז געקומען צו אַ קליינעם געשלעג, האָבן די בחורים פון „אַרבעט“ געגעבן פּעטש גלייך ווי די גוים.

— מיר לאָזן נישט צו צו זיי די בהמות, און זיי דאַרפן צו אונז אויך נישט לאָזן.

דער יידישער קאָמוניסט מוסרט דערפאַר:

— מען דאַרף זיך נישט באַלד שלאָגן, מען דאַרף מיט גוטן.

נאָר די יידן וואַרפן אָפּ:

—מיר זענען אַלע גלייכע מיוחסים ביי דער „סאָוויעטסקע וולאַסט״! נישטאָ קיין מיוחסים...

מען דאַרף נישט קיין טעות האָבן און מיינען, אַז די יידן מיט די גוים לעבן נישט בשלום אין דאָרף. פאַרקערט, עס הערשן די בעסטע באַציונגען, נאָר אין דאָרף טרעפט אַמאָל אַ סכסוך, צווישן רוסישע פויערן אַליין טרעפט עס אויך גאַנץ אָפט — און מיר געפעלט דער זיכערער ענטפער פון די יידן — „אַלע גלייכע מיוחסים״.

אין דער הינזיכט זענען זיי שוין אַפילו איבערגעוואַקסן דעם יידישן קאָמוניסט, וואָס מיינט, אַז „מען דאַרף מיט גוטן״.

דאָסזעלבע האָט אויך געטראָפן אין אַן אַנדער געגנט ביי מינסק ווו עס איז געקומען צו אַ שטיקל מחלוקה. און זאָל די יידן נישט זיין צו קיין גנאי, אַז זיי האָבן אַפילו די דאָרפישע מיליציאַנטן געטיילט קלעפּ און דערפאַר געהאַט אויף זיך אַ געריכט.

פונדעסטוועגן האָט דער קאָלעקטיוו געשטיצט די אַרומיקע פויערן אויך. בעת אַ שרפה אין אַ נאָענטן דאָרף, האָבן זיי געשענקט פאַר די נשרפים היבש תבואה, קאַרטאָפל, געליהען פּראָדוקטן א. ז. וו.

די זיכערקייט, די היימישקייט פילט זיך נישט נאָר אין קאָלעקטיוו, נאָר אויך אין די דערפער, ווו עס וווינען געציילטע יידן.

— לעבט איר גוט מיט די שכנים? — פרעג איך ביי יידן דאָרפסלייט.

— מיר טשעפּען זיי נישט און זיי טשעפּען אונז נישט,—ענטפערט מען מיר.

דאָס ערשטע זאָגט מען: „מיר טשעפּען זיי נישט״

אַ ביסל איז נאָר שלעכט מיט יידישקייט.

— זיי גייען, די קינדער, אין די „ביעלאָרוסקע״ שולן, — קלאָגן זיך טייל יידן, — וועלן נישט קענען קיין יידישע זאַכן.

— וואָסערע יידישע זאַכן וואָלט איר וועלן? — איז מיר אינטערע־סאַנט צו וויסן — דאַווענען, חומש?

— רעכט „פּאָ סאָוויעטסקאָמו״ — ענטפערן די יידן — אָבער זאָלן זיי קענען איבערלייענען אַ גאַזעט אַ יידישע, אַ בריוול שרייבן...

אין אַ סך אָרטעלן האָט מען אַרויסגעשיקט יידישע לערער אָדער

לערערינס, וואָס די קאָלאָניסטן אַליין האַלטן זיי אויס. אַזוי האָט מען אַרויסגעשיקט אַ לערערין אין דעם קאָלעקטיוו „נייַלעבן", אין אַנדערע קאָלעקטיוון, ווו עס איז פֿאַראַן אַ גרעסערע צאָל קינדער. אין אַרטעל „אַרבעט" איז פֿאַראַן ווינציק קינדער. די רעגירונג מאַכט נאָר שולן אין אַזוינע ערטער, ווו עס איז פֿאַראַן כאָטש פערציק קינדער. און די עלטערן אַליין קענען פֿאַר עטלעכע קינדער קיין לערער נישט אויסהאַלטן.

בנוגע פרומקייט איז אויך געמישט. טייל כאַפּן נאָך אַמאָל אַרויף אַ טלית און תּפֿילין, אַנדערע טוען עס אַמאָל, די יוגנט אינגאַנצן נישט. — נאָר שבת אַרבעט קיינער נישט, שבת רוט מען.

## אויף האַרטער ערד

נישט אין אַלע קאָלעקטיוון איז גלייך.

— מיר ווילן — האָבן מיר די אָגראָנאָמען פֿון „אָרט-געזערד" געזאָגט — איר זאָלט נישט בלויז זען די גוטע קאָלעקטיוו, נאָר אויך די שלעכטע.

האָב איך טאַקע געדונגען אַ ייד אַ באַלעגאָלע אויף אַ טאָג צייט און מיט אַ יונגן אַגראָנאָם איבערגעפֿאָרן זיך איבער די עטלעכע קאָלעקטיוון, וואָס געפֿינען זיך אַרום מינסק, הינטער דער שטאָט.

— אָט דאָס איז אונזער — ווייזט דער אַגראָנאָם אויף צעפּאַקערטע פעלדער, וואָס ציען זיך פֿוןביידע זייטן וועג.

אַמאָל האָט די ערד געהערט צו אַ פּריץ. בעת דער רעוואָלוציע האָט די ערד געפּוסטעוועט. עס האָבן געוואַקסן בלויז צעבראָכענע ציגל, שטיינער, גלאָז און בהמישע קנאָכנס. איצט האָבן יידן אָפּגערייניקט די ערד, צעפּאַקערט און פֿאַרזייט ווינטער-קאָרן.

דערווייל מאַכט נאָך אַלץ דאָ אַן אומעטיקן איינדרוק. די ערד איז שלעכט. קיין הייזלעך זעט מען נישט. די יידן, וועמען מען האָט די ערד אָוועקגעגעבן, וווינען נאָך דערווייל אין מינסק און אַרבעטן. זומער אַרבעטן זיי אויף דער ערד. ענדלעך דערזעט מען עפּעס יאָ

צוויי הייזלעך, איינס אַ נישט־פאַרענדיקטס, פון צווייטן גייט אַ רויך, אַ סימן, אַז מען וווינט.

מיר גייען אַריין אין אַ הייזל. אַ שוואַרץ־הנוודיקער יונגערמאַן זיצט ביי אַ טיש און פאַרריכט אַ פויערישן פעלץ. אַ דרייצן־יעריק ייִנגל העלפט אים אין דער אַרבעט. ביי דער קיך שטייט אַ פרוי און קאָכט און שיילט קאַרטאָפל.

— ווי גייט עס?

— אָט, פאַרזייט ווינטער־קאָרן. דערווייל מאַכט מען אַ גוי אַ פעלץ, צו פאַרדינען אויף חיונה.

עס קומט אַריין אַן עלטער יידל. דאָס איז דער באַלאַבאָס פון שכנהשן נישט־פאַרענדיקטן הייזל.

— פאַרוואָס זעצט איר נישט אַרויף דעם דאַך? — פרעגט דער אַגראָנאָם.

— ניטאָ קיין האָלץ — זאָגט דער אַלטער — מען זאָל לאָזן שניידן פון וואַלד, וואָלט מען פאַרענדיקט די הייזל און זיך אַריינגעקליבן.

אין שכנות מיט דער ערד איז דאָ אַ וועלדל, וואָס געהער טאַקע צום קאָלעקטיוו. נאָר די אַגראָנאָמען ערלויבן נישט אויסהאַקן. דאָס איז אַ דאַטשע־ערט, זומער וווינט מען דאָ. אָט טאַקע האָט דער קושניר פאַרדונגען זומער אַ שטיבל, האָט ער שיין פאַרדינט. אויסער דעם, איז נישט אַלע וועלדער מעג מען האַקן. דעם אַלטן פאַרדריסט, אַלמאי מען לאָזט אים נישט האַקן. ווייטער אין די וועלדער קען מען יאָ האַקן האָלץ, אָבער עס איז צו ווייט צו פירן, און דער אַלטער האָט נאָך קיין פערדל אויך נישט.

נאָך עטלעכע יידן קומען אַריין.

— אונז הייסט איר נישט האַקן — האָבן טענות די יידן — און די גוים האַקן אונזער וואַלד.

— פאַרוואָס לאָזט איר?

— וואָס איז, מען וועט זיך גיין שלאָגן מיט די גוים?

— נישט שלאָגן, נאָר היטן.

— די כלבים האָבן העק — מישט זיך אַריין די יידענע — מיר זענען אַליין אין פעלד.

— פּוסטיאַקי — מאַכט אַוועק אַ יונגערמאַן — גיט מיר אַ ביקס, וועל איך היטן.

נישטאָ דאָ וואָס צו זען און מיר פאָרן ווייטער עטלעכע קילאָ־מעטער צו אַן אַנדער קאָלעקטיוו. דאָרטן איז שוין דאָ אַ הויף, אַביסל אַ צעבראָכענער, אָבער מיט הייזער, שטאַלן. אַ הונט בילט אויף אונז. פּאָרט אַ בּאַלעבּאַטישקייט. דאָ זיצן שוין די יידן אויף אַן אָרט. די ערד איז דאָ בעסער, מער אין אָרדנונג. אין די שטאַלן ברומען בהמות, הינער פּיקען אין מיסט. נאָר עס איז נאָך אויך אומעטיק. די מענער זענען אַוועק אין שטאָט מיט די פערד, זיי פירן געהילץ. די קינדער זענען אַוועק אין שטאָט אין שול, די ווייבער זענען אויך אין שטאָט ביי עפּעס אַן אַרבעט. עפּעס אַ דערשלאָגענע יידענע באַגעגנט קאַלט, געפרווירן, ווייל אַפילו נישט ענטפערן.

— אַריינגעפּאַקט זיך דאָ — ברומט זי בייז.

ביי די בהמות דרייט זיך אַרום אַן אַלטער אָפּגעריסענער ווייס־רוס, אַ באָרוועסער אין ווינטער, און פּאָרקעט זיך.

— אויך פון קאָלעקטיוו?

— ניין, אַן אַרבעטער.

— פאַרוואָסזשע אַרבעטן נישט די יידן אַליין?

— זומער אַרבעטן זיי אַליין, נאָר ווינטער לוינט נישט. ביים פירן געהילץ פאַרדינט מען מער, און דער גוי נעמט אַ קליינקייט.

אויב איך האָב קיין טעות נישט, נעמט דער „אַרבעטער" גאַנצע צוועלף רובל אַ חודש. דאָס זעלבע האָב איך געזען אין אַנדערע ערטער. אין קאָלעקטיוו „אַרבעט" נעמט אַ גויע פּאַר אויסמעלקן אפשר צוואַנציק קי צו צוויי דריי מאָל אין טאָג גאַנצע צען רובל אַ חודש.

— פאַרוואָס זאָלט איר נישט אַליין מעלקן?

— עס לוינט נישט. אָט די גוים אַרום האַלטן אויך מענטשן און צאָלן נאָך ערגער.

— אָבער יידן וואָלטן אפשר נישט געדאַרפט האַלטן קיין מענטשן, נישט אַרויסווייזן קיין פּריצישקייט...

— פאַראוואָס? — באַליידיקן זיך די יידן — פאַרוואָס מעגן די גוים האַלטן מענטשן און מיר נישט?

אַ גערעכטע טענה, נאָר עפּעס ווערט אומהיימלעך דערפון.

שוין פֿאַרנאַכט קומען מיר אָן צו דער יידישער פּויערן־שול, וואָס געפֿינט זיך אין אַ דאָרף הינטער מינסק פֿון אַ צווייטער זייט.

אַ גאַנצע חברה דאָרפֿישע בחורים און מיידלעך, געזונטע, רויטע, אין פּעלצלעך און אין שטיוול, באַגעגענען אונז. איינער אַ בחור פֿירט צו דאָס פֿערדל צום סטויג היי, און מיר גייען אַריין צום פֿאַרוואַלטער דעם אַגראָנאָם.

אַ סימפּאַטישע שטוב. אויף די פּנימער פֿון אַגראָנאָם און זיין פֿרוי רוט נאָך ביז איצט דער אַמאָליקער סטעמפּל פֿון רוסישער פּשטות, רעוואָלוציאָנערער איבערגעבנהייט און פּאָלקסטימלעכקייט, „נאַראָדני־טשעסטוואָ". — מען שטעלט פֿאַר אונז דעם סאַמאָוואַר. — אַ קליין רויט מיידעלע מיט פֿולע רויטע בעקלעך באַטראַכט מיט דאָרפֿישער נייגיריגקייט די פֿרעמדע.

— רעוומירא — רופֿט די מוטער — אַ רעוומירא!

רעוומירא איז אַ נייער נאָמען — „רעוואָלוציא מירא" הייסט עס — וועלט־רעוואָלוציע.

אין די גרויסע זאַלן פֿון דער שול, אינטערנאַט איז פֿינסטער־לעך, שאָטנדיק, ווי אין אַלע קאַזיאָנע ערטער. די שילער און שי־לערינס, מערסטנס קינדער פֿון יידישע קאָלאָניסטן, זיצן ביי די טישן און מאַכן די לעקציעס. אויף דער וואַנט הענגט אַ וואַנט־צייטונג, וואָס מען לאָזט אליין אַרויס. ווי אומעטום, איז דאָ אַ לענין־ווינקל, פֿאַרפּוצט מיט לאָזונגען, פֿענדלעך א. אַז. וו.

מיט אַ לאַמטערן אין האַנט קריכן מיר אַרום איבער די שייערן, שטעלער. מיר וועקן פֿון דרימל די אָנגעפּרעסענע קי, די פֿערד. — אַ מוסטערהאַפֿטע אָרדנונג אין די שטעלער. די בהמות זענען ריין, די שטעלער זענען גוט אויסגעבעט מיט שטרוי. דאָס מיסט איז אַרויסגעפֿירט. די בהמות הויבן זיך אויף, ווי פֿון דרך־ארץ־וועגן. בלויז דער ביק, דער הערשער און זכר פֿון צענדליקער קי, דער פֿאָטער פֿון אַ סך יאלעווקעס און קעלבער, שטייט אַ בייזער, אַ שטרענגער, וואַרפֿט פֿייערדיקע צאָרנדיקע בליקן פֿון די בלוט־פֿאַר־לאָפֿענע אויגן און לאָזט גרימצאָרן פֿון די ציטערנדיקע נאָזלעכער.

ווען מען לאָזט אים אַזוי אָפּ פֿון דער קייט, וואָלט ער מיך

שוין איינמאָל געלערנט דרך־ארץ ווי אַזוי צו קומען באַנאַכט צו גאַסט נישט געבעטענערהייט.

די בחורים, די יונגע פויערן, קוועלן פון נחת, קוקנדיק אויף אים. מיט די צערטלעכסטע נעמען רופן זיי אים.

— אָט — ווייזט דער אַגראָנאָם אויף זיי — פון דעם עולם וועט מען האָבן נחת, אַז זיי וועלן ענדיקן די שול און קומען אין די דערפער — יעדער פון זיי וועט זיין אַ גליק פאַרן דאָרף.

מיר פאָרן צוריק אין שטאָט. דער באַלעגאָלע קלאַפּט זיך אין די הענט פאַר קעלט, בויגט זיך אריבער און שמועסט זיך דורך.

— איך בין אויך פון קאָלעקטיוו — זאָגט ער — פון ערשטן, וואָס איר האָט געזען. — אָבער ס'איז גאָרנישט.

— פאַרוואָס?

— עט, מיין טאַטע איז געווען אַ באַלעגאָלע, מיין זיידע אַ באַלעגאָלע און איך וויל זיין אַ באַלעגאָלע — וואָס טויג מיר ערד?

— אָבער איר קאָנט דאָך איצט לעבן פון פערדל?

— איז טאָקע ביטער — ביי אייך לעבט מען פון פערדל?

— אויך נישט. — די אויטאָמאָבילן שטופן אַרויס.

— אָבער באַלאַגאָלעס האָבן נישט קיין קאָפּדרייעניש מיט ערד?

— צום באַדויערן, נישט...

— אומעטום שלעכט — זיפצט דער באַלעגאָלע און שמייסט צריין דעם פערדל.

— איצט קאָן מען זען פרייליכע קאָלעקטיוון — זאָגן מיר עטלעכע יונגע קאָלאָניסטן — קומט צו אונז אין קאָלעקטיוו „זאַנג".

— צו אונז אין „חירות!" צו אונז אין „ניי־לעבן" — איר וועט זען יידישע שולן...

— און אונז פאַרוואָס קומט צו „אַבידיען? — האָבן טענות יידן — אינטערעסנע צו זען, ווי מיר האָבן זיך אויסגעאַרבעט.

צום באַדויערן, מוז איך אָפּזאָגן. ווען איך זאָל זיין אומעטום, וואָלט איך בלויז אין ווייס־רוסלאַנד געדאַרפט פאַרברענגען חדשים.

איך האָב זיך דעריבער געמוזט באַקענען מיט דער גאַנצער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ווייס־רוסלאַנד בלויז אויפן פּאַפּיר, אַדאַנק ציפערן, טאַבעלעס און דיאַגראַמען.

צום טאָג פון מיין זיין אין רוסלאַנד, אָנהויב 1927, האָט די קאָלאָניזאַציע אין ווייס-רוסלאַנד — וואָס בויט זיך נישט אויף אַמערי-קאַנער געלטער, בלויז אויפן חשבון און קרעדיטן פון דער מלוכה און געזערד — אַזוי אויסגעזען.

אויף ערד זיצן 7336 יידישע פאַמיליעס, וואָס בילדן 39319 נפשות, האָבן אין זייער רשות 42216 דעסיאַטין ערד, אַ קימא-לן פון העכער אַ דעסיאַטין אויף אַ נפש.

פון דער אויבנדערמאָנטער צאָל זענען פאַראַן 5374 פאַמיליעס אַלטע קאָלאָניסטן, אַזעלכע, וואָס זייערע ישובים עקזיסטירן שוין הונ-דערט יאָר. די איבעריקע 2000 פאַמילעס זענען נייע, אַזעלכע, וואָס דער „קאָמזעט" צוזאַמען מיט „אָרט" און „געזערד" האָבן איינגעאָרדנט, באַקומענדיק ערד פון דער מלוכה.

די יידישע ערד-אַרבעטער בילדן איצט אויף אַזאַ אופן: 8 פראָצ. פון דער אַלגעמיינער צאָל יידן אין ווייס-רוסלאַנד, און פראָפּאָרציאָנעל צו די קליינע שטעטלעך בילדן זיי 15 פראָצ.

די נייע איינגעאָרדנטע ערד-אַרבעטער שטעלן מיט זיך פאָר לויט זייער פריערדיקער באַשעפטיקונג: געוועזענע דאָרפסלייט, וואָס מען האָט בעתן צאַריזם אַרויסגעטריבן פון די דערפער — 40 פראָצ.; בעל-מלאכהס, איבערהויפט נישט קוואַליפיצירטע, א. ג. „לאַטוטניקעס" 23 פראָצ.; קרעמער, מעקלער, כלי-קודש א. אַ. וו. 12 פראָצ.; באַלע-גאָלעס 5 פראָצ.; האָרעפּאַשניקעס, ד. ה. דאָרפסגייער, „קאַראַבייניקעס" א. אַנד. 14 פראָצ.; אומבאַשטימטע פּראָפעסיעס, אָדער לופט-מענטשן 3 פראָצ.

דערצו איז פאַראַן נאָך אַ סך יידן, וואָס זיצן אויף דער ערד צעוואָרפן און זענען נישט רעגיסטרירט.

די גרעסטע מערהייט בלייבט ביי דער ערד. אמת, אַז אַ סך פאַר-לאָזן די ערד, אָבער דאָס איז נישט כאַראַקטעריסטיש בלויז פאַר די יידן. די געדעטעניש איז אומעטום ביי די יידן העכער ווי ביי די גוים.

די מלוכה האָט נישט לאַנג אַדורכגעפירט אין אַ סך שטעט און שטעטלעך פון ווייס-רוסלאַנד אַ רעגיסטראַציע פון יידן, וואָס ווילן אַריבערגיין אויף ערד-אַרבעט. אין די שטעטלעך האָבן 20 פראָצ. יידן

געבעטן געבן זיי ערד, אין די שטעט 11 פראָצ. יידן, אין די דערפער 44 פראָצ.

עס איז באַשטימט געוואָרן אַ פּלאַן אין פאַרלויף פון פינף יאָר איינצואָרדנען די אַלע, וואָס בעטן ערד. אין פאַרלויף פון די לעצטע צוויי יאָר האָט מען געדאַרפט איינאָרדנען יידן אויף 16000 דעסיאַטין, איינגעאָרדנט זענען געוואָרן אויף 15270 דעסיאַטין, אַלזאָ 98 פראָצ.

אין 1923 יאָר האָט דער דזשאָינט געשטיצט די יידישע קאָלאָניזירונג אין ווייס-רוסלאַנד, וואָס האָט געוואַלדיק פאַרשטאַרקט די אַלטע ישובים. פאַר די לעצטע יאָרן גיט מער נישט דער דזשאָינט פאַר ווייס-רוסלאַנד קיין געלט. אַלץ מוז ווערן אויסגעפירט דורך די קרעדיטן פון דער מלוכה, 500 רובל אויף אַ קאָלאָניסט. און דאָס איז אין די קאָלאָניעס (נישט אין די קאָלעקטיוון) צו ווינציק אויף איינצואָרדענען זיך.

פאַראַן גרויסע פּלענער אויסצוטריקענען זומפּן, וואָס וואָלט יידן געגעבן גוואַלדיקע שטחים ערד. אַ סך זומפּן ווערן שוין געטריקנט. אָט האָבן די יידישע קאָלאָניסטן אין סטאַראָבין, סלוצקער געגנט, באַקומען אַ דיפּלאָם פון דער רעגירונג פאַר אויסטריקענען די זומפּן. טאָג-טעגלעך באַקומען יידישע ישובים דיפּלאָמען אויף די לאַנדווירטשאַפט-אויסשטעלונגען פאַר גוטע תבואה, פאַר גוטע מילך-ווירטשאַפט, פאַר האָדעווען בהמות.

אינטערעסאַנט זענען די דיפּלאָמען פאַר האָדעווען גוטע חזרים...

# אין באָברויסק

נישט איינמאָל האָבן יידן ליב צו טרעפן אין וואַגאָן מיין באַשעפטיגונג. פאָרנדיק איבער שטעט און שטעטלעך אין פוילן לייגן מיר יידן פאָר פאַרשידענע געשעפטן. טייל נעמען מיך אָן פאַר אַ האַנדלס-אַגענט, טייל פאַר אַ פוטער-סוחר, אַנדערע פאַר אַ לעדער-סוחר. אין באָברויסק האָט מען מיך כסדר אָנגענומען פאַר אַ האָלץ-מענטש.

— אַ ליעסניק? — האָט מיך דער באַלעגאָלע געפרעגט, פירנדיק מיך אין האָטעל.

דאָסזעלבע איז געווען אינם פריוואַטן האָטעלעכל אויף הירש-לעקערט גאַס. — „א ליעסניק"?

— אַ צימער וועל איך קריגן ביי אייך?

אַפילו צוויי — ענטפערט דער אייגנטימער, אַ ייד מיט אַ פנים פון אַ יורד, וואָס טוט זיך אָן פראָלעטאַריש — אין שטיוול און אין אַ קעפקע.

— נישטאָ קיין געסט?

— פון וואַנען זאָלן זיין? — פרעגט דער ייד צוריק — אַמאָל פלעגט מען אַ סך קומען אין באברויסק. פון דאַנען פלעגט גיין אַ סך האָלץ קיין אויסלאַנד. אויסלענדער פלעגן קומען, אַמאָל פלעגן קומען פריצים אין געריכט, הויכע טשינאָווניקעס. היינט איז נישטאָ קיין פריצים, נישטאָ ווער ס'זאָל קומען פירן פראָצעסן, און מאָמער קומט שוין יאָ אַ „סאָוויעטסקי סלוזשאשטשי" איז ער אַן אָרעמאַן, קוים וואָס ער האָט אויף הוצאות, און מען פאַרדינט נישט קיין געלט.

אויף דער ברייטער הויפט-גאַס, וואָס ווי אומעטום הייסט זי אָדער „קאַרל מארקס", אָדער „רעוואָלוציאָננאיא", אָדער „סאָוויעטסקאַיאַ", אָדער „לעבינא" שפאַצירן אַרום יידן ליידיקגייער און שמעקן מיט די נעזער אַ פאַרדינסטל. נאָר צוגיין פרעגן פרעגט מען נישט. גישט צו

יעדן ייד קען מען צוגיין פאַרלייגן געשעפטן. אַמאָל פלעגט מען צו אַ ייד קענען צוגיין, מיט אַ ייד איז מען געווען זיכער. „אַז מען הייסט מענדל, מעג מען עסן פון זיין פענדל".

היינט איז מענדל נישט מער קיין זיכערער מענטש. מענדל קען זיין אַ פאַרברעכטער קאָמוניסט, אַ קאָנטראָלער, אַן אַגענט, און מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק.

אַ ייד מיט אַ פנים פון אַ איוואַן, אַ שכן פון מיין האָטעל, כאַפט מיט מיר אַ שמועס.

— נישט גוט — זאָגט ער — אונזערן אַ מענטש, אַ „ניעטרו־דאוואַי", מ'האָט נישט קיין „פראַוועס" און מיט די קינדער איז שווער אין די שקאָלעס.

אַלע קלאָגן זיך דערויף, אַלע סוחרים, קרעמער, לופט־מענטשן, וואָס זייערע קינדער נעמט מען אָן שווער אין די שולן, איבערהויפט אין די העכערע שולן.

— טאָמער איז נאָך דאָס ווינציק — זאָגט מיין באַקאַנטער — לערנט מען נישט קיין רוסיש.

— וואָס דען לערנט מען?

— יידיש. איר הערט אַן עסק?

— אָבער רוסיש לערנט מען דאָך אויך דאָרטן!

— יע, נאָר מערסטנס לערנט מען אין זשאַרגאָן.

— וואָס־זשע איז דער אומגליק?

— וואָס הייסט? וואָסער תכלית איז דאָס?

שילער פון יידישע שולן נעמט מען אָן אומעטום. פאַראַן, אויסער דעם, יידישע טעכניקומס, פעדאַגאָגישע פאַקולטעטן, אָפטיילונגען ביי די אַלגעמיינע אוניווערזיטעטן. מיט יידיש קען מען ווערן אַ טעכני־קער, אַ באַאַמטער, נאָר יידן לעבן נאָך אַלץ מיטן אַמאָליקן תכלית.

— וואָס וועט זיין דער תכלית?

— וואָס־זשע טוט איר מיט די קינדער?

— זיי לערנען אויף „ביעלאָרוסקי".

— נו און ווייסרוסיש איז מער תכלית?

— אויך נישט.

— פאַרוואָס־זשע שיקט איר די קינדער אין די ווייסרוסישע שולן, נישט אין די יידישע ?

— מאַקע אויך שלעכט, נאָר אַלץ בעסער ווי יידיש.

— פאַרוואָס ?

— איך ווייס ? — ווייסרוסיש פאַרשטייט מען כאָטש נישט.

— וואָס־זשע איז די מעלה דערפון ?

— דאַרף מען כאָטש לערנען. יידיש פאַרשטייט מען, צו וואָס־זשע לערנען ?

* *
*

סך הכל עטלעכע טריט ווייטער, און אַן אַנדער וועלט.

איך קום אַריין אין הויז פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. מען פירט מיך אַריין צום פאָרזיצנדער פון אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון באָברויסק און פון גאַנצן קרייז.

אַ קאַבינעט אַ גרויסער, אַ ברייטער. אַ מאַשיניסטקע קלאַפּט אויף דער מאַשינקע, באַאַמטע גייען אַריין און אַרויס מיט פּאַפּירן. דער טעלעפאָן קלינגט.

דער פאָרזיצער איז אַ יונגער שיין־געבויטער, פולבלוטיקער יונג, איינער פון די יידישע שוואַרץ־האָריקע, שוואַרץ־אויגיקע בחורים, וואָס די ענערגיע שפּראָצט פון זיי פון אומעטום, פון די אויגן, פון די האָר, פון די שלאַנקע־אויסגעפּרעסטע פּיס, פון יעדער ריר און באַוועגונג.

— פון אַ מענשעוויסטישער צייטונג ? — פרעגט ער מיט אַ גוט־מוטיקן שמייכל — זאָל זיין אַזוי... איר ווילט וויסן וועגן די אַרבעטער, ביטע

ער נעמט אַרויס פּעק פּאַפּירן, סטאַטיסטישע ציפערן, ליסטעס און לייענט פאָר :

באָברויסקער קרייז האָט 20,000 אַרבעטער ; באָברויסק אַליין ציילט 8,000 אַרבעטער. יידן אַרבעטער בילדן אין גאַנצן באָברויסקער קרייז 36 פּראָצענט — די אַרבעט ביי אונז ווערט געפירט אין דער שפּראַך, אין וועלכער עס רעדט די מערהייט אַרבעטער אויף דער

פאַבריק. ביי די שניידער, טאַבאַק־אַרבעטער, פאָרניר־אַרבעטער, לעדער־אַרבעטער, שאַכטל־אַרבעטער א. א. וו. ווערט די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט געפירט אין יידיש. — ווו די מערהייט איז רוסיש, אויף רוסיש. — אָבער אומעטום קאָן יעדער, אפילו די מינדערהייט, אַרויסטרעטן איי זיין שפּראַך.

ער קלינגט אָן, הייסט זיך דערלאַנגען עטלעכע אַקטן און ווייזט מיר ווי איינע און דיזעלבע אינסטיטוציע, דער ראַט פון די פּראָפפאַריינען פירט זיין אָפיציעלע אַרבעט אין עטלעכע שפּראַכן — אין רוסיש, ווייס־רוסיש, יידיש, פּויליש.

— אין טייל ערטער — זאָגט ער — מוז מען אַפילו קעמפן ביי יידישע אַרבעטער פאַר יידיש. — זיי רעדן שלעכט רוסיש און ווילן נישט יידיש — קאָמעדיאַנטן !... אָבער מיר פירן דורך ווי די מערהייט וויל.

די ידיעות זיינע גיט ער פינקטלעך, גענוי, ווי ער וואָלט דאַרפן אָפּגעבן אַ באַריכט.

— מיר האָבן אַ סך יידן אַריינגעצויגן אין די פאַבריקן — זאָגט ער — מאַסן מיידלעך, פרויען, וואָס פלעגן זיך אַרומשלעפן מיט קאָשיקעס, געהאַנדלט, אַרבעטן איצט אין די פאַבריקן און זענען צופרידן.

נאָך די אָפיציעלע געשפּרעכן רעדן מיר זיך אַזוי אַ ביסל דורך, און איך זע אין דעם ענערגישן יידישן בחורעץ גאָר אַן אינטערעסאַנטן מענטש.

ווייזט זיך אַרויס, אַז אָט דערדאָזיקער באַאַמטער, וואָס פירט אָן מיט אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן, וואָס מוז פירן זיין אַרבעט אין עטלעכע שפּראַכן, אין רוסיש, ווייס־רוסיש און יידיש, איז סך־הכל מיט זיבן יאָר צוריק, נאָך אין 20־טן יאָר, געווען אַ פּשוטער שמיד, וואָס האָט זיך נישט געקענט אונטערשרייבן.

— אַלמאַי זאָל איך זיך שעמען — זאָגט דער שיינער געזונטער יונג — דער טאַטע מיינער האָט אויך נישט געקענט, און מיך האָט ער נישט געלערנט...

נאָר מיט אים איז געשען אַ צופאַל — איינמאָל איז אַ פרעמדע אַרמיי געווען אין מינסק, ווו ער האָט געוווינט. אַ זעלנער האָט אים

געטון אַ פּאַטש אומזיסט און אומגישט, בלויז דערפאַר ווייל ער איז אַ ייד, און דער שמיד האָט באַשלאָסן נקמה נעמען. ווי נאָר די באָלשעוויקעס זענען צוריק אַריין אין שטאָט, איז ער אַריינגעטרעטן צו זיי אין דער אַרמיי, כדי צו שלאָגן די, וואָס האָבן אים געפּאַטשט אומזיסט און אומגישט.

גאַנצע צוויי יאָר איז ער געווען אין דער אַרמיי, געווען אויף די פראָנטן. דאָרטן, אין דער אַרמיי, האָט ער דאָס ערשטע מאָל גענומען אַ פען אין האַנט און מיט דעם גאַנצן ברען פון אַ פשוטן בחור אן עם-הארץ גענומען זיך צו לערנען.

איצט איז ער דער פאָרזיצנדער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און טוט זיין זאַך גלענצנד. ער האָט אונטער זיך אַ גאַנצן פּער-סאָנאַל מיט מענטשן, מיט אינטעליגענטן, אַלע רעכענען זיך מיט אים, שעצן אים און האָבן פאַר אים מורא.

עס איז באמת צו באַוווּנדערן ווי אַזוי אָט דערדאָזיקער שמיד אַרבעט. אַלץ געדענקט ער, אַלץ ווייסט ער, אין אַלעמען אָריענטירט ער זיך, אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט האָט ער זיך שוין אויס-געלערנט די אָפיציעלע שפּראַך, ווייס-רוסיש, און ער רעדט גאָר פליסיק.

— איר רעדט דאָך ווי אַן אמתער ווייסרוס — זאָג איך אים.

— אַז מען דאַרף — זאָגט ער — ס'איז דאָך ווייס-רוסלאַנד...

צווישן די פאַרשידענע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען איז אויך פאַראַן אַ פאַריין פון קאָפּ-מענטשן, פון דאָקטוירים, אינזשיניערן און אַנדערע. אָט זיצט טאַקע איינער אַזאַ געבילדעטער און פירט מיטן פאָרזיצנדער אַ פּראָפעסיאָנעלן געשפּרעך. דער מינסקער שמיד אָריענטירט זיך אין אַלע העכערע מאַטעריעס, און מיט וויפל טאַקט און שכל ער באַציט זיך צו די דאָקטוירים און אינזשיניערן.

— נישט גוט — זאָגט ער מוסר דעם געבילדעטן פאָרשטייער — איר מוזט אָפּהאַלטן מער באַראַטונגען...

ער ווייסט, אַז מיט שוסטערס און שניידערס איז בעסער צו אַרבעטן. אינטעליגענטן קומען נישט אַזויפיל אויף באַראַטונגען. אָבער ער ווייסט אויך, אַז מען מוז האָבן די אינטעליגענץ.

— איצט — זאָגט ער מיר — וועל איך זיך באַמיען, מען זאָל

מיך באַכרייען פון דער אַרבעט. איך וויל אָנקומען אין „וואוז" (אוני-ווערזיטעט), אָבער איך גלויב נישט, אַז מען זאָל מיך באַפרייען..

* *
*

אַן אַנדער באַגעגעניש — שוין נישט מיט אַ בחור אַ העלד, נאָר מיט אַ געוועגלעך מיידל.

אַ קלײנע איז זי, דאָס מיידל, מיט וועלכער מ'באַקענט מיך, אַ נישט-אָנזעעוודיקע און פון אַ „נישט-מיוחסדיקער" אָפּשטאַמונג. אַז סך-הכל איז דער טאַטע אירער נישט קיין שוסטער, נישט קיין שניי-דער, נישט קיין פויער, נאָר אַ סוחר געווען. נאָר זי אַליין האָט פונדעסטוועגן אַ פּאָסטן ביי דער רעגירונג אַלס אַגראָנאָמקע.

פון וואַנען איז איינגעפאַלן דעם מיידל פון אַ באָברויסקער סוחר צו נעמען זיך אַזש צו אַגראָנאָמיע, ווייסט איין גאָט אין הימל.

ווי ס'זאָל נישט זיין, זי האָט זיך אויסגעלערנט לאַנדווירטשאַפט, גוט אויסגעלערנט, און באַקומען אַ פּאָסטן ביי דער רעגירונג אין דער אָפּטיילונג פון לאַנדווירטשאַפט.

גייט זיך אַרום אָט דאָסדאָזיקע יידישע מיידל פון באָברויסק איבער אַלע דערפער און לערנט ווייסרוסישע פויערן ווי-אַזוי צו אַקערן ערד, ווי-אַזוי צו זייען ווייץ, פאַרזעצן גערטנער, פלאַנצן פרוכט-ביימער און אומגיין אַרום בהמות.

אַ קליינעם פאַרדינסט האָט זי, דאָס מיידל, 70—80 רובל אַ חודש, נאָר אַרבעטן אַרבעט זי גאַנצע טעג און נעכט. נישט אַלע-מאָל קריגט מען אַ פערד און וואָגן אַרומצופאָרן איבער די דערפער. נעמט דאָס מיידל, די אַגראָנאָמקע, אַ פּאָר שטיוול אויף די פיס, אַ טיכל אויפן קאָפּ און גייט צענדליקער קילאָמעטער צופוס איבער די פאַרוואָרפנסטע ערטער.

— גוטמאָרגן, חבר! — באַגריסט זי דעם פויער — וואָס מאַכט די קו? ווי זעט אויס דער סאָד? וואָס הערט זיך אויפן פעלד?

פויערן פאָלגן אָט דאָס קליינע יידישע באָברויסקער מיידל, וואָרים ווער דען ווייסט אַזוי גוט ווי זי אין מיסטיקן פעלדער, אין אויס-ראָטן ווערעם פון די סעדער, אין זייען, אַקערן און שניידן?

קומט צו מיטאָג, שטעלט די פויערטע וועק אויף דער באַנק אַ גרויסע שיסל מיט קאַרטאָפל און חזיר-גריוון פאַר דער גאַנצער פאַמיליע, טיילט יעדן אַ הילצערנעם לעפל און אויך איין לעפל פאַרן גאַסט. זיצט די גאַנצע פאַמיליע, שעפּט פון דער גרויסער שותּפות-דיקער שיסל, און דאָס יידישע מיידל פון באָברויסק האַלט מיט.

און דערנאָך הילט זי זיך אַרום אין לייוונטענעם רעגן-מאַנטל און גייט פון דאָרף צו דאָרף, קריכט איבער וועגן און טאָלן, איבער זומפּן און בלאָטעס, איבער שנייען און רעגנס. און קומט אָן די נאַכט, גייט זי אַריין צו אַ פּויער און נעכטיקט איבער אין שייער היי, אויף דעם גרויסן אויוון, אָדער גאָר אויף דער האַרטער באַנק מיט די שטיוול אונטערגעלייגט צוקאָפּנס...

## צווישן בערשטער

פאַראַן אין באָברויסק גרעסערע פאַבריקן. דאָ אַרבעטן, דאַכט זיך, קנאַפּע הונדערט בערשטער. אין דער פאַרניר-פאַבריק אַרבעטן עטלעכע הונדערט יידישע אַרבעטער. נאָר עטלעכע בערשטער האָבן מיך געבעטן באַזוכן זייער פאַבריק. מערסטנס זענען זיי מיינע לאַנדס-לייט, מעזריטשער, ס׳רוב געוועזענע בונדיסטן, און איך האָב זיך באַקענט מיט די אַרבעטער און מיט דער פאַבריק. נאַטירלעך, איז די פאַבריק אַ מלוכהשע.

אין פאַבריק איז ריין און ציכטיק. אַלע אַרבעטער שטייען אין באָלשעוויסטישע היטלען מיט שפּיצן אין דער הויך און אין גרויע אַרבעטס-קאָסטיומען.

— וואָס עפּעס אַלע אין איין פאָרם? — ווינדערט מיך.

— דאָס זענען אַרבעטס-קליידער — זאָגן די אַרבעטער — מיר האָבן אַזאַ פאָרם.

אין אַלע פאַבריקן באַקומען די אַרבעטער אַרבעטס-קליידער צו דער אַרבעט, זיי זעען אויס אַלע ווי די רויטע אַרמייער.

— נישטאָ נאָך ביי אונז קיין ווענטילאַטאָר — פאַרענטפערן זיך די אַרבעטער — דאָס מוז זיין אין יעדער פאַבריק. ביי אונז וועט מען ערשט מאַכן.

—וויפל פאַרדינט מען ביי אייך אַ וואָך?

— פאַרשידן, לויט דער קוואַליפיקאַציע. דורכשניטלעך קען מען רעכענען עטלעכע זעכציק רובל אַ חודש.

— און מ׳קומט דורך?

— ענג, נאַטירלעך, אָבער מ׳שטופּט דורך. נאָר מיט קליידער איז שלעכט, ס׳קאָסט טייער. ביליקע סחורות קריגט מען נאָך, מען גיט אויף קרעדיט אין די קאָאָפּעראַטיוון. אַרבעטן אַרבעט מען דאָ נאָר זיבן שעה אַ טאָג, ווייל די אַרבעט איז אַ שעדלעכע צוליבן שטויב. ביי דער פאַבריק איז פאַראַן אַ „סטאָלאָווע”, ווו די אַרבעטער עסן די מאכלים, וואָס זיי ברענגען מיט פון דערהיים. טיי באַקומט מען פון פאַבריק.

יעדער אַרבעטער, ווי אין גאַנץ רוסלאַנד, איז פאַרשריבן אין „סטראַך-קאַסע” (קראַנקן-קאַסע). אָבער אין קאַסע צאָלט דער אַרבעטער גאָרנישט, בלויז די אונטערנעמונג, און טאָמער ווערט אַן אַרבעטער קראַנק, באַקומט ער אומזיסטע היילונג, מעדיצינען, און די קאַסע צאָלט אים אויס דעם גאַנצן געהאַלט דורך דער צייט פון זיין קראַנקהייט. טאָמער ווערט די קרענק ביי אים אַ כראָנישע, אַזוי, אַז ער קען מער נישט אַרבעטן, גייט ער אַריבער צו דער אינוואַלידן-קאַטע-גאָריע און די רעגירונג צאָלט אים אַזאַ וועכנטלעכן געהאַלט, וואָס זאָל זיין פּראָפּאָרציאָנעל צו אַ מיטעלן אַרבעטס-לוין פון אַן אַרבעטער אין דער אונטערנעמונג, ווו דער קראַנקער אַרבעטער איז געוועזן לעצטנס באַשעפטיקט.

פרויען אַרבעטערינס באַקומען 4 חדשים אורלויב מיט אַ פולן געהאַלט אין דער צייט פון געבוירן. צוויי חדשים פאַרן געבוירן און צוויי חדשים נאָכן געבוירן. אויב ביי אַן אַרבעטער ווערט געבוירן אַ קינד, באַקומט ער אַ סומע פון 18 רובל איין מאָל און פאַרן קינד אויף 9 חדשים צו 4 רובל 50 קאָפּיקעס אַ חודש. (אין מאָסקווע און אין אַנדערע גרעסערע שטעט—אַ העכערע סומע).

— אָט — זאָגט מיר אַן אַרבעטער — איז נאָך מיין קומען פון פוילן מיר אָנגעקומען פון מיין פרוי אַ בריוו, אַז זי האָט געבוירן אַ זון, — באַקום איך פאַר איר 18 רובל איינמאָל און צו 4,50 אַ חודש ניין מאָנאַטן צייט.

ביי שעדלעכע אַרבעטן (ווערדנע) באַקומען די אַרבעטער 4 וואָכן

אורלויב אין יאָר; אַלע אַנדערע אַרבעטער צו צוויי וואָכן. פאַראַן אויך אַפּרו-הייזער, סאַנאַטאָריעס א. ד. גל. פאַר אַרבעטער, ביי וועלכע עס הויבט זיך אָן מערקן טובערקולאז אָדער אַנדערע ענלעכע קראַנקהייטן.

יוגנטלעכע, יונגער פון 18 יאָר, אַרבעטן נאָר 6 שעה טעגלעך און באַקומען 6 וואָכן אורלויב אַ יאָר.

די אונטערנעמונג גיט אויך אויף קולטורעלע אַרבעט פאַר די אַרבעטער צוויי פּראָצענט און אויף אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט 1 פּראָצענט. אויף אויסבעסערן די אַרבעטס-באַדינגונגען, ווי שאַפן וווינונגען פאַר אַרבעטער, אַפּרו-הייזער, זומער-וווינונגען א. אַ. וו. גייט אַראָפּ 10 פּראָצ. פון דער אַלגעמיינער פאַרדינסט פון פאַבריק.

אין אַ ווינקל שטייט אַן אַרבעטער מיט אַ מאַסקע אויפן פּנים.

— וואָס איז דאָס?

— צו שיצן זיך קעגן שטויב, וואָס פאַלט פון די חזיר-האָר — ערקלערט ער מיר. — אָבער מען וועט מוזן זוכן בעסערע מאַסקעס. אָט די איז צו שווער...

פריער פלעגן די אַרבעטער דאָ באַקומען צו עטלעכע גלעזער מילך אַ טאָג ביי דער אַרבעט. איצט גיט מען מער קיין מילך נישט.

— פאַרוואָס?

— ווייל די מילך איז סיי-ווי-סיי קיין מילך נישט — זאָגט דער עולם.

אין אַנדערע ערטער, אין קרעמענטשוגער טאַבאַק-פאַבריקן, גיט מען נאָך מילך. דאָס איז אָפּהענגיק פון די אָרטיקע באַדינגונגען, נישט אומעטום גלייך.

איז דאָס כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע אַרבעטער? פאַר אַלע פאַבריקן? — ניין. פאַראַן בעסערע, ערגערע.

פאַראַן אַרבעטער גליקלעכע, ספּעציאַליסטן, קוואַליפיצירטע מעכאַניקער, מאַשיניסטן, וואָס פאַרדינען ביז 200 רובל אַ חודש; פאַראַן אַרבעטער, וואָס פאַרדינען נישט קיין זעכציק רובל אַ חודש אויך. פאַראַן מאַסן אַרבעטער, וואָס אַרבעטן אַפילו צען שעה אין

טאָג, איבער־שעהן, כדי צו פאַרדינען אויף לעבן, ווייל זיי קומען נישט אויס מיטן געהאַלט.

אָבער דורכשניטלעך זעט די לאַגע אויס ווי אין דעם באָברויס־קער באַרשטן־פאַבריק.

* *

*

ניין, ניט אַלע זענען אַרבעטער אין באָברויסק, און נישט אַלע זענען איינגעאָרדנט.

ביי דער יידענע, ווו איך האָב געגעסן מיטאָג, אַ געוועזענע גבירטע פון שטאָט, איז אומעטיק. דער זון אירער זיצט און לערנט זיך אין שטוב. אין קיין הויכשול נעמט מען אים נישט אָן צוליב זיין בורזשואַזער אָפּשטאַמונג, און די מוטער זיינע איז פאַרצווייפלט:

— וואָס טוט מען מיט אים? — ווי אַזוי קען ער זיך דערשלאָגן צו אַן אַרבעט?..

די גרעסטע שטרעבונג איז, ער זאָל קאָנען ווערן אַ מיטגליד פון אַ פּראָפעסיאָנעלן־פאַריין, ווערן אַן אַרבעטער. אָבער ווי אַזוי קומט מען דערצו?

דאָס איז די גרעסטע זאָרג. עס וואַקסט אונטער אַ דור, אַ נייער דור, וואָס שטרעבט צו לערע, אַרבעט, אַ דור, וואָס פילט מיט די באָלשעוויקעס, האָט פיינט די בורזשואַזיע, איז דורך און דורך פּראָלעטאַריש, און קיין אַרבעט באַקומט ער נישט. די גרעסטע זאָרג פון טאַטעס איז, וואָס טוט מען מיט די קינדער? ווי אַזוי מאַכט מען זיי פאַר „טרודאָוויע"?

מען ציט אַ סך אַריין אין דער אינדוסטריע, אָבער די אינ־דוסטריע איז קליין. די גרעסטע אינדוסטריע אין רוסלאַנד איז דער־ווייל — קינדלען. די שטעט וואַקסן, קינדער וואַקסן אונטער, און וואָס טוט מען מיט זיי?

— שלעכט — קלאָגן זיך טאַטעס פון די נישט־אַרבעטנדיקע עלעמענטן — ביטער, מען נעמט נישט אונזערע קינדער נישט אין שול, נישט אין פאַבריק, נישט אין דער אַרמיי — כאָטש וואַרף זיי אין טייך.

איין ייד האָט דוקא געוואָלט ביי מיר פועלן, אַז ענגלאַנד און

אַמעריקע זאָלן דאָ מאַכן אָרדנונג. אַז איך האָב דעם ייִד געזאָגט, אַז ענגלאַנד און אַמעריקע האַלטן נישט דערבײַ, איז ער מיר געוואָרן אַ דם שונא.

— וואָס-זשע — האָט ער געשריגן — זיי ווילן טאַקע אַזוי לאָזן הפקר אַ וועלט?

און איינער אַ ייִד האָט דערקלערט מיר מיט יאוש, אַז די אַלטע וועלט מוז אויסשטאַרבן, ווי דער דור פון מדבר, וועלכן מ׳האָט נישט געקענט אַרײַנפירן קיין ארץ-ישראל.

— איר פאַרשטייט — האָט מיר דער ייִד געזאָגט מיט אַ גמרא ניגון — „זיי" האָבן פײַנט אַלטע, זיי ווילן פון אונז, אַלטווארג, פּטור ווערן. די יונגע האָבן זיי ליב און זיי האָבן ליב די יונגע.

אין דעם ייִדס ווערטער איז פאַראַן אַ סך אמת. די יונגע זענען טאַקע מערסטנס צופרידן. פּונקט ווי אין אַמעריקע איז אַלט-קייט אין רוסלאַנד איצט נישט קיין כבוד. דער יונגערמאַן האָט דעם קלוב, פאָרשטעלונגען, לעקציעס, צייטונגען, קורסן. אים איז פרייליך. אַפילו עולם-הזה האָט ער פאַר גראָשנס. דער בופעט אין קלוב איז אַ ביליקער. און אַפילו דער יונגער נישט-אַרבעטער-עלעמענט איז נישט אַזוי מרה-שחורהדיק. ער באַמיט זיך צוצופאַסן, פּראָלעטאַריזירן זיך. דער עלטערער עולם איז אומעטיק. קיין געשעפטן מאַכט מען נישט. קיין ששי אין שול, ווי אַמאָל, קריגט מען אויך נישט (כ׳איז נישט דער אַמאָליקער ששי). קיין אָפּשיי פאַר זײַן ווייסן קאָפּ און באָרד אויך נישט. קיין איבעריקן כבוד פון די קינדער אוודאי נישט — וואָס-זשע האָט ער?..

* *
*

פאַר מײַן אָפּפאָרן פון באָברויסק זענען געקומען צו מיר עטלעכע ייִדישע לערער און אײַנגעלאַדן מיך, איך זאָל האַלטן אַ פאָר-טראַג וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור און קולטור-לעבן אין אויסלאַנד.

מיר האָט זיך נישט שטאַרק געגלוסט, נאָר די לערער האָבן דורכאויס געוואָלט הערן אַ גרוס פון ייִדישן קולטור-לעבן.

— מיר זענען נײַנציק ייִדישע לערער — האָבן זיי געזאָגט — און איר פֿאַרשטייט אַליין ווי אונז אינטערעסירט די ייִדישע ליטעראַטור, קולטור.

עס איז געבליבן, איך זאָל מאַכן אַ שמועס מיט די לערער. שפּעטער איז געקומען אַ לערער אַ קאָמוניסט און געבעטן, אַז דער שמועס זאָל זײַן נישט נאָר מיט די לערער, נאָר אויך מיט די ייִדישע קולטור-טוער. עס איז געבליבן אַזוי. צומאָרגנס האָט מען מיך אײַנגעלאַדן אין דער ייִדישער סעקציע. אַ בלאָסער יונגערמאַן איז געזעסן בײַם טיש און נעבעך געהאָרעוועט בײַ שרײַבן אַן אַרטיקל אין ווײַס-רוסיש פֿאַר אַ צײַטונג. ער האָט אַוועקגעלייגט די פּען און זיך פֿאָרגעשטעלט.

— אפשר וועט איר לייענען שוין פֿאַר די ייִדישע אַרבעטער אויך?

— אָבער איך דאַרף אײַך אויפֿמערקזאַם מאַכן, אַז איך בין אַ מיטאַרבעטער פֿון „פֿאָרווערטס".

— איר וועט דאָך רעדן וועגן ליטעראַטור!

— וועגן ייִדישער ליטעראַטור, פּרעסע, שול, טעאַטער.

— גוט, מיר בעטן אײַך.

אַז מען האָט מיך געבראַכט שפּעטער אין קלוב פֿון די בויאַרבעטער, וואָס איז אַמאָל געווען אַ בית-מדרש, איז געווען פֿול געפּאַקט, מערסטנס מיט יוגנט.

איך האָב נישט דערציילט קיין נײַס. איך האָב בלויז דערציילט ווי אַזוי עס זעט אויס די ייִדישע ליטעראַטור, פּרעסע, שול, טעאַטער. מען האָט געשלונגען די ווערטער. יעדער בוך, וואָס איך האָב אויסגערעכנט, איז געווען אַ נײַס. פֿון אַשס „כשופֿמאַכערין פֿון קאַסטיליען", „קידוש השם", „מוטער" א. אַנד. האָט מען קיינמאָל נישט געהערט. פֿון מערסטנס ייִדישע ביכער, וואָס זענען ערשינען אויסער רוסלאַנד פֿון קריג ביז איצט, אויסער אין קליינע אויסנאַמען, ווייסט מען נישט. די לערער זענען געזעסן מיט אָפֿענע מײַלער.

— אָך, ווען מיר האָבן די ביכער — האָבן זיי געזאָגט — אַ גליק וואָלט דאָך דאָס געווען. מיר האָבן אַבסאָלוט נישט וואָס צו לערנען אין די העכערע קלאַסן. שטענדיק די זעלבע אייגענע

שרייבער און איבערזעצונגען פון רוסיש. די געציילטע עקזעמפלאַרן פון „אויכלענדישע“ ביכער, וואָס פאַלן אַריין, ליגן אין די רעדאַקציעס.

צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון דער לערערשאַפט, האָט אָנגעהויבן וואַקסן דער אומרו אין זאַל צווישן דער יוגנט, צווישן די בחורישע קעפּקעס און מיידלשע טיכלעך.

איך האָב דערציילט, אַז אין צפון-און-דרום-אַמעריקע פאַרשפּרייט זיך די יידישע פּרעסע אויף העכער דריי מיליאָן יידן אין אַ זיבן הונדערט טויזנט עקזעמפּלאַרן, אין פּוילן איז דער טיראַזש פון דער יידישער פּרעסע העכער הונדערט טויזנט עקז. און אין סאָוויעטן-רוסלאַנד צעגייט זיך די יידישע פּרעסע קוים ביז דרייסיק טויזנט עקז.

איבערן זאַל האָט געזשומט ווי אין אַ בינשטאָק.

— וואָס לאָזט מען אים רעדן? — האָבן זיך געהערט שטימען.

- רעדט! רעדט! — האָבן שטימען איבערגעריסן — מיר ווילן הערן!

איך האָב ווייטער גערעדט.

— איר האָט אויפגעטאָן דאָ וואונדער. הונדערט און פופציק טויזנט יידישע קינדער לערנען אין יידישע שולן. איר האָט געשאַפן יידישע פאַקולטעטן, טעכניקומס — אָבער אין דערזעלבער צייט טוט איר אַ זינד געגן דער יידישער ליטעראַטור. איר לערנט אין די שולן נאָר פון די אייגענע שרייבער כמעט. די שילער פון אייערע שולן לערנען געאָגראַפיע און אַריטמעטיק אין יידיש און בעלעטריסטיק מוזן זיי לייענען אין רוסיש. די יידישע ליטעראַטור לאָזט איר צו זיי נישט צו, אַ חוץ עטלעכע אייגענע — מיט איין האַנט בויט איר און מיט דער צווייטער צעשטערט איר...

— שווייגט! — שרייען קולות — קאָנטר-רעוואָלוציע — שווייגט!

— גערעכט! גערעכט! — רייסן איבער אַנדערע — ביטע זער, רעדט!

איך האָב גערעדט, אָנגעוויזן אויף אַלעם גוטן און אַלעם שלעכטן, און מען האָט מיך פונדעסטוועגן נישט געלינטשט, נישט אָפּגעשיקט אין „געפּעאו“ און נישט באַוואָרפן מיט שטיינער.

מען האָט נאָר געפירט מיט מיר דיסקוסיעס דערנאָך, אַביסל היסטעריש, איבערהויפּט די מיידלעך, אָבער אָן סכנות. און קוויטלעך

האָט מען מיר אָנגעוואָרפן אין די הונדערטער — ווי עס געפעלט מיר די רויטע אַרמיי? און וואָס זאָג איך וועגן שלום אַשס בריוו צו פּילסודסקין? — און ווי איז מיין מיינונג וועגן פּראָלעטאַרישע קולטור? — און צו בין איך אַ מענשעוויק?

פאַרשטייט זיך, אַז דערזעלבער אָנפירער פון דער יידישער סעקציע, וואָס האָט מיך איינגעלאַדן צו לייענען, כאָטש איך האָב אים דערציילט וועגן מיין מיטאַרבעטערשאַפט אין „פאָרווערטס", איז דער־נאָך אַרויסגעטרעטן קעגן מיר, דעם „פאָרווערטס"־מיטאַרבעטער, מיט גרויסע טענות און געשרייען פאַר מיין חוצפּה א. א. וו.

אָבער מען דאַרף אים נישט נעמען פאַר אומגוט. ער האָט זיך געמוזט ראַטעווען. ער איז פונדעסטוועגן געווען גענוג טאָלעראַנט, מיר צו לאָזן דערקלערן פאַרן עולם, אַז איך האָב וועגן מיין „פאָרווערטס"־מיטאַרבעטערשאַפט דערציילט און אויפמערקזאַם געמאַכט.

שפּעטער האָבן מיר לערער און ביבליאָטעקאַרן געדאַנקט.

— עס וועט זיך מוזן ענדערן — האָבן זיי זיך אַליין געטרייסט — די לעזער פאָדערן „אויסלענדישע" ביכער. פאַלט אַריין אַן עקזעמ־פּליאַר, צערייסט מען אים שיער נישט.

באַקאַנטע האָבן באַוווּנדערט מיין „העלדישקייט" מיין „וואַגונג". ווער ווייסט, צי איך טראָג נישט אַמאָל די פּירער פון שטאָט אויף מיין געוויסן?

# „כארקיוו"

דורך טרוקענע שטעט, הארטע, קומט מיר אויס צו פאָרן — שטעט מיט פאררויכערטע פאבריק־קוימענס, מיט שטיינערנע גלייכע מויערן, מיט רויך און מיט עיפּוש.

איך פאָר דורך כארקאָוו. כארקאָוו איז איצט נישט עפּעס א ליאדע שטאָט. דאָ איז די רעזידענץ פון אוקראינע.

אויף דעם גרויסן כארקאָווער וואָקזאל, וואָס איז פול געפּאקט מיט מענטשן, איז אָנגעשריבן מיט גרויסע אוקראינישע אותיות „כארקיוו".

מיינעם א מיטרייזנדן, א מיליטער־מאן, פארדריסט עס שטארק, אלמאי מען האָט אים א תּל געמאכט פון דער שטאָט און געענדערט דעם רוסישן „כארקאָוו" אויף אן אוקראינישן „כאַרקיוו".

— וואָט טשודאקי, קאָמעדיאנטי! — זאָגט ער מיר מיט כעס — „כארקאָוו" טויג נישט, נאָר „כארקיוו".

אויף די גאסן זענען אלע שילדן אין אוקראיניש. אויף א מאגאזין פון דאמען־היט איז אָנגעשריבן „זשינאָטשי קאפעליוכי" — דערנעבן וווינט א מענער־שניידער און אויף זיין שילד איז אָנגעשריבן „טשילאָוויטשי קראוועץ". מיין מיטרייזנדן מיליטער־מאן פּלאצט שיער נישט די גאל פאר אויפרעגונג.

— „טשילאָוויטשי קראוועץ" — חזרט ער איבער א סך מאָל. מען זעט, אז דאָס קאָסט אים געזונט.

מיך וואָלט עס גראָד ווינציק געארט. וואָרים, ווו שטייט עס געשריבן, אז „מוזשסקי פּאָרטנאָי" איז בעסער ווי „טשילאָוויטשי קראוועץ"? ערגער דערפון איז דאָס, וואָס אין שטאָט קאָן מען קיין האָטעל נישט באקומען, כאָטש לייג זיך אוועק אינמיטן גאס.

עס איז אין שטאָט גראָד א צוזאמענפאָר, א קאָנפערענץ פון טוער אין די אוקראינישע פּראָפעסיאָנעלע פאריינען. אלע האָטעלן זענען פארנומען דורך די דעלעגאטן.

נאָך לאַנגע אַרומשלעפּעניש און אַרומזוכעניש, באַקום איך ענדלעך אַ שטיקל האָטעל אין אַ פאַרוואָרפן געסעלע. פאַר זעקס רובל אַ טאָג באַקום איך אַ קאַלטן צימער.

— אפשר וועט מען איינהייצן?

— הייצט נישט.

— וואָס איז דער שכל?

— מען הייצט יעדן צווייטן טאָג. מאָרגן ערשט וועט מען קאָנען הייצן...

צום שלימזל, האָב איך געדאַרפט קומען מיט אַ טאָג פריער, איידער עס איז דער טערמין פון הייצן. אַזוי ווי איך בין געפאָרן אַ גאַנצע נאַכט, וויל איך זיך כאָטש אַ ביסל צולייגן, נאָר קיין בעטגעוואַנט איז אין בעט נישטאָ.

— איר האָט נישט קיין אייגן בעטגעוואנט? — פרעגט מיך דער דינער.

ענדלעך באַקום איך בעטגעוואַנט, וואָס שמעקט נישט איבעריק פריש.

— דאָס איז אַזאַ זייף ביי אונז, — זאָגט די פרוי, וואָס בעט דאָס בעט, — עס פילט זיך.

— נו, און אַ ליילעך? — פאַרשטיי איך נישט — אַ ליילעך צו דער קאָלדרע!

— מען גיט נישט ביי אונז.

— אָבער איך וועל דאָך נישט שלאָפן מיט אַ נישט-איבערגע-צויגענער קאָלדרע!

— עס וועט קאָסטן נאָך אַ רובל.

דאַנקען דעם, וואָס איך האָב זיך די הענט נישט געוואַשן, וואָס פאַר אַ רובל ווערט מען פונדעסטוועגן נישט פאַרפאַלן.

* *

*

כאַרקאָוו האָט אייגנטלעך אַלץ: אייגענע צייטונגען, און אַ יידישע צייטונג אויך. אַמאָל איז דער כאַרקאָווער „שטערן" געווען אַ

גרויסע צייטונג, איצט איז דאָס בלאַט איינגעשרומפּן געוואָרן אויף אַ העלפט.

פאַרוואָס? — פרעג איך — דער עולם וויל נישט לייענען קיין יידישע צייטונגען?

— אַן אייגפאַל! דער כאַרקאָווער „שטערן" איז גראָד גוט געגאַנגען, בעסער פון „עמעס", נאָר דער „שטערן" איז געווען לעבעדיק געמאַכט. פון צייט צו צייט זענען געווען געריכטס-בילדלעך, פעליעטאָנען, אַמאָל אַפילו אַ הומאָרעסקע, אַ וויץ. פאַרשטייט זיך, אַז אַלץ איז געווען הונדערט-פּראָצענט קאָמוניסטיש, נאָר אין אַ לייכטער פאָרם, נישט אין האַרטן הילצערנעם רעוואָלוציע-לשון. דעם עולם האָט עס פאַרשמעקט און מען האָט די צייטונג געשמאַק געלעזן, זי איז שוין געגאַנגען אין קנאַפּע צוואַנציק טויזנט עקזעמפּלאַרן, אין דער צייט ווען דער „עמעס" גייט קוים אין צען טויזנט עקזעמפּלאַרן

האָבן די אַסקעטן פון מאָסקווע דערזען און זיך דערשראָקן. אַזאַ גרינגע שפּראַך? אַזאַ לייכטע פאָרם? — און הומאָר גאָר? איז איינער פון די פירער, וואָס איז באַרימט מיט זיין שווערן סטיל, אַריבערגעפאָרן תיכף ומיד קיין כאַרקאָוו, כדי צו קעמפן מיט דער לייכטקייט, וואָס איז נישט צוגעפּאַסט צו די שווערע האַרטע פאָרמען פון דער רעוואָלוציע, און געמאַכט אָרדנונג.

מען האָט אויסגעקערט די לייכטקייט, איינגעפירט צוריק די הילצערנע רעוואָלוציע-שפּראַך, און מען האָט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון: דער טיראַזש איז גלייך געפאַלן אויף מער ווי אַ העלפט, און צוליב דעם טאַקע, האָט מען שוין געמוזט פאַרקלענערן דעם פאָרמאַט פון דער צייטונג אויף אַ העלפט.

פונדעסטוועגן איז די קאָנטררעוואָלוציאָנערע לייכטקייט נאָך נישט אינגאַנצן באַזיגט — פאַרט נאָך אַ לעבעדיק בלעטל דער „שטערן".

כאַרקאָוו האָט רוסישע, אוקראַינישע און יידישע טעאַטערס, פאַרלאַגן. אין שטאָט גייט אַרויס אַ חודש-זשורנאַל אויף יידיש „די רויטע וועלט", אַ וואָכנבלאַט פאַר יידישע קאָלאָניסטן, וואָס רופט זיך „דער פויער", פאַרשידענע אינסטיטוציעס פאַראַן דאָ, ווי פאַר אַ רעזידענץ-שטאָט פּאַסט, נאָר אַ מאָדנע זאַך, עפּעס איז אומעטיק אין שטאָט, לאַנגווייליק.

די שטאָט איז אַ האַרטע, אַ פאַבריקישע, אַ נישט-היימישע, און אַ מאָדנע זאַך, דוקא, ווייל מער ווי אומעטום איז דאָ די אַסימילאַציע גרויס, אי די אוקראַינער, אי די יידן, רעדן דאָ גערנער ווי אַלץ אויף רוסיש, איז פונקט דאָ די הויפט-שטאָט פון אוקראַינע.

דאָס איז אַ שטאָט אָן טראַדיציע, אַ פרעמדע, אַ מין דערווייליקע, מען איז דאָ אָנגעלאָפן פון אַלע זייטן, זעלטן אַז אַ כאַרקאָווער זאָל וויסן ווו אַ גאַס געפינט זיך, און עפעס אַ ברוגזקייט ליגט אויסגעגאָסן אויף אַלץ.

וואָסער געוואַלדיקער אונטערשיד איז פון גרויסן שטיינערנעם כאַרקאָוו, די רעזידענץ-שטאָט פון דער גרויסער אוקראַינע, ביזן קליינשטעטלדיקן מינסק, די רעזידענץ-שטאָט פון דער קליינער ווייסרוסלאַנד.

מינסק איז לעבעדיק, צאַפלדיק, פול מיט לעבן. כאַרקאָוו איז קאַלט, געפרוירן. אַפילו אין גרויסן יידישן קלוב, וואָס איז איבערגעמאַכט פון דער גרויסער יידישער כאָר-שול, איז קאַלט, נישט-היימיש, עפעס שמעקט נאָך ביז איצט מיט מקום-קדוש, מיט ספרים.

בלויז אין די פאַבריקן הודיעט און קלאַפט, צענדליקער טויזנטער אַרבעטער אַרבעטן אין די פאַבריקן. צווישן זיי אַרבעטן אויך טויזנטער יידן. אין דער פאַבריק פון לאָקאָמאָטיוון, ביי עלעקטריע און אין אַנדערע פאַבריקן, ווו יידן האָבן קיינמאָל נישט געאַרבעט, אַפילו קיין איינער איז אויף קיין רפואה נישט געווען, אַרבעטן איצט דריטהאַלבן טויזנט יידן, וואָס מען האָט אַריינגעפירט אין דער אַזוי-גערופענער שווערער אינדוסטריע. אויף 15 טויזנט יידן, מיטגלידער פון פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, זענען אַ העלפט באַשעפטיקט אין דער גרעסערער אינדוסטריע.

און אויך אויף פעלקער איז אַ גערעטעניש, קיין ביז אויג, אין כאַרקאָוו. איר האָט דאָ: אוקראַינער, יידן, רוסן, פאָליאַקן, ציגיינער, דייטשן, ליטווינער, עסטאָניער, אַרמענער, גרעקן, קאַרייער, אַסירייער, גרוזינער, כינעזער, טשעכן, און וועמען נישט!

די אַלע אַרבעטן אין די פאַבריקן, טייל האַנדלען — די אַסירייער זענען כמעט אַלע שטיוול-פוצער. שוואַרצע, אָפגעבריקענטע שטייען זיי

אויף אַלע ראָגן פון די גאַסן און גלאַנצן מיט די ברענענדיקע אויגן צו די דורכגייער, מען זאָל זיך פוצן די שיך.

איך פרעג ביי איינעם, ווו מען גייט אויף אַ גאַס, ער גיט אויף מיר אַ בליק מיט די צוויי שוואַרצע אויגן, ווי מיט קוילן, און רעדט גיך, מיט אַ מאָדנעם רוסיש.

— גייסט איין גאַס, — זאָגט ער, — נישט די! — גייסט ווייטער — נישט די! — גייסט ווייטער — נישט די! — גייסט ווייטער — דיינע! — אָט!...

דאָס דאַרף הייסן, אַז מען דאַרף דורכגיין דריי גאַסן און די פערטע גאַס וועט זיין די, וואָס מיר איז נויטיק.

די אַלע פעלקער האָבן דאָ זייערע קלובן מיט לענין-אויפשריפטן, מיט לאָזונגען, מיט אַלע איבעריקע זאַכן.

* *
*

אין צעקאַנאַצמענוואוציק

אַ שווערער נאָמען, נאָר זייער אַ וויכטיקע אינסטיטוציע. דאָס איז דער צענטראַל-קאָמיטעט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן ביים אוקראַינישן צענטראַל אויספיר-קאָמיטעט. די סאָוויעטן-רעפובליקן האָבן יעדער ביי זיך נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. אין אוקראַינע זענען דאָ פערציק אַזעלכע מינדערהייטן. אין יעדער שטאָט, ביי דער אָפּטיילונג פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, געפינט זיך שטענדיק אַ „נאַצמען", וואָס היט אָפּ די אינטערעסן פון די מינדערהייטן אין שטאָט און אין קרייז. די אַלע מינדערהייטס-קאָמיטעטן זענען אונטערגעוואָרפן דעם צ. ק. פון די נאַצ. מינדערהייטן אין כאַרקאָוו.

דער פאַרוואַלטער פון אַלע „נאַצמענען" אין אוקראַינע איז יעקל לעווין, אַ געוועזענער בונדיסט, אַן אַרבעטער.

עס איז גראָד יום-טוב, ווען די אינסטיטוציעס זענען געשלאָסן, נאָר דער ה׳ לעווין איז אַזוי פריינטלעך און גיט מיר ידיעות ביי זיך אין צימער, וואָס איז אויף אַ זיבעטן שטאָק פון אַ האָטעל.

— איר ווילט וויסן וועמען מיר באַדינען אַלץ? — אַלזאָ: רוסן,

יידן, פּאָליאַקן, דייטשן, בולגאַרן, מאָלדאַוואַנער, גרעקן, גרוזינער, אַרמענער, אַסירייער, טאַטערן, לעטלענדער, טשעכן, עסטאַנער, ציגיינער...

— ציגיינער האָט איר אויך?

— פאַראַן עטלעכע הונדערט טויזנט אויף אוקראַינע. מען באַזעצט טייל אויף ערד, אַנדערע קומען אָן אין די פאַבריקן.

— האָבן זיי אויך אַן אינטעליגענץ?

— געציילטע מענטשן. אַנומלט איז געקומען אַ דעלעגאַציע פון ציגיינער בעטן ערד. קיינער פון די דעלעגאַטן האָט זיך נישט געקאָנט אונטערשרייבן אויף דער ווענדונג. מיר ליקווידירן ביי זיי די עם-הארצות, מען לערנט זיי שרייבן, לייענען. אין טייל ערטער מאַכן זיי שוין אַפילו אַליין אַן אייגענע וואַנט-צייטונג.

— און די אַסירייער און קאָרייער פון וואַנען קומען דאָ אַהער?

— בעתן קריג האָבן זיי אַריבערגעוואַנדערט. מערסטנס פוצן זיי שיך. די אַרבעט אין קלוב פירן זיי אויף זייערע אייגענע שפּראַכן. די גרוזינער און אַרמענער באַקומען געלט אויף קולטור-אַרבעט צוגעשיקט פון זייערע אייגענע רעפּובליקן. די גרעקן געפינען זיך מערסטנס אין מאַריופּאָל און אין סטאַלינא (באַכמוט). זיי רעדן אויף צוויי שפּראַכן: טאָטעריש און גרעקיש. מען אַרבעט אויף צו אָרגאַניזירן ביי זיי שולן אין דער מוטער-שפּראַך, נאָר שווער צו שאַפן עפּעס, ווייל זיי קריגן זיך אַרום איבער די שפּראַכן.

— גאָר ווי ביי אונז יידן?

— ווי ביי אייך, מיינט איר, ביי אונז נישט.

די טאָטערן, מערסטנס קוילנגרעבער אין דאָנבאַס (דאָנער באַסיין) האָבן שוין יאָ אינטעליגענטן, אַ ליטעראַטור. זיי פירן אַ גאַנץ אינטערעסאַנטע קולטורעלע אַרבעט. די פּאָליאַקן זענען קאָנצענטרירט אין די דערפער, אין די פאַבריקן, האָבן אַ סך פּוילישע שולן, אַן אייגענעם נאַציאָנאַלן ראַיאָן אַפילו. די דייטשע קאָלאָניסטן האָבן אויף אוקראַינע עטלעכע ראַיאָנען, אַ וואָכנבלאַט אין דייטש. (דאָס איז אַלץ אין אוקראַינע. פאַראַן, ווי באַקאַנט, אַ דייטשע רעפּובליק אין פּאָוואָלזשע)

אויך אַלע איבעריקע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן פירן און שטרעבן צו פירן זייער קולטורעלע אַרבעט אין די אייגענע שפּראַכן, בלויז די

מאָלדאַוואַנער, וואָס רעדן מאָלדאָוואַניש, ווילן פֿונדעסטוועגן לערנען זיך אויף רוסיש. זיי האָבן נאָך אַפֿילו נישט קיין אייגענעם אַלף־בית און שרייבן מאָלדאַוואַניש מיט רוסישע אותיות. כמעט אַלע פֿעלקער האָבן אייגענע געריכטן אין די אייגענע שפּראַכן. בלויז די גרעקן פֿירן די געריכטן אין רוסיש.

די גרעסטע אַרבעט ווערט געפֿירט ביי די יידן, וואָס ציילן 1,750,000 נפשות, 31 פּראָצ. פֿון אַלע שטעט. אויף אוקראַינע זענען אין 1926 געווען 500 יידישע שולן מיט העכער 90 טויזנט קינדער. ייִד. ראַטן שטעטלדיקע און דאָרפֿישע ציילן זיך 120. אין גרעסערע יידישע שטעט, ווי למשל, אין בערדיטשעוו, בעלאַצערקאַוו, אומאַן, א. אַנד. ווערט דער ראַט געפֿירט אין אוקראַיניש און יידיש, אָפֿיציעלע מיטטיילונגען ווערן פֿאַרעפֿנטלעכט אין ביידע שפּראַכן. אין די קליינע שטעטלעך פֿירן די ראַטן אַ גרויסע יידישע אַרבעט. יידישע געריכטן אין גאַנץ סאָוויעט־רוסלאַנד זענען פֿאַראַן עטלעכע און פֿערציק.

עס ווערן אויך פֿעסטגעשטעלט ראַיאָנען פֿאַר די יידישע געריכטן. דאָס הייסט, נישט נאָר מען קאָן פֿרייוויליק גיין אין יידישן געריכט, נאָר אויב מען איז פֿון יידישן ראַיאָן, מוז מען גיין אין יידישן געריכט. פֿאַרשטייט זיך, אַז אויב אַ נישט־ייד קומט אויס צו שטעלן זיך צום יידישן געריכט, צו וועלכן ער געהער לויטן ראַיאָן, ווערט די פֿאַרהאַנדלונג געפֿירט אין אוקראַיניש אָדער רוסיש.

צום געריכט ווערט אויך צוגעפּאַסט די מיליציע, וואָס דאַרף פֿירן די אַרבעט אין יידיש. אָדעס האָט אַכט יידישע צירקלען (ראַיאָנען), בערדיטשעוו, בעלאַצערקאָוו א. אנד. האָבן יידישע צירקלען. פֿאַראַן קורסן פֿאַר מיליציאָנערן צו לערנען יידיש.

אין אַ סך קרייז־געריכטן פֿירט מען איין יידישע איבערזעצערבאַפֿולמעכטיקטע. די יידישע געריכטן שיקן איבער זייערע ענינים אין די העכערע אינסטאַנצן אויף יידיש.

די צאָל יידן אַרבעטער איז שווער איבערצוגעבן, ווייל נישט אַלע אַרבעטער גיבן אָן זייער נאַציאָנאַליטעט. פֿון די 1,585,000 מיטגלידער פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען, וואָס אוקראַינע ציילט, זענען בלויז אויסגעפֿאָרשט געוואָרן ביז 1926 62 פּראָצ. פֿון זיי זענען געווען 127,300 יידן, 12,8 פּראָצ. דערביי זעט מען, אַז אין אַזעלכע

אינדוסטריען, ווי יידן זענען ביז דער רעוואָלוציע אײנגאַנצן נישט געווען פאַרטראָטן, אָדער געאַרבעט אין אַ נישטיקער צאָל, זענען פאַר די לעצטע יאָרן אַ סך יידן צוגעקומען. אין 13 באַדײטנדע אינדוסטרי-פאַרײנען בילדן יידן 12 פּראָצ. אין מעטאַל בילדן יידן איצט 7 פּראָצ.; ביי כעמיע 14,1 פּראָצ.; צוקער-אַרבעטער — 9,3 פּראָצ.; ביי פּאָסט-טעלעגראַף 2½ פּראָצ.; באַן — 0,7 פּראָצענט אָדער 1000 מאַן; ביי מאַרין — 600 מאַן; שטאָט-טראַנספּאָרט (טראַמווייען, באַלעגאָלעס, באַן-טרעגער א. א. וו.) 15,8 פּראָצ. — דאָס זענען אַלץ (אַ חוץ באַלעגאָלעס) געווען פאַכן, צו וועלכע יידן האָבן ביז דער רעוואָלוציע כמעט קיין צוטריט נישט געהאַט.

אין נאָדל-אינדוסטריע בילדן יידן העכער 73 פּראָצ.; לעדער-אַרבעטער 48,6 פּראָצ.; דרוקער — 39,4 פּראָצ.; פּאַפּיר-אַרבעטער — 17,5 פּראָצ.; האָלץ-אַרבעטער 29,7 פּראָצ.; בויער — 9,8 פּראָצ.

צוזאַמען גענומען קומט אויס: פון 13 אינדוסטרי-פאַרײנען 60,818 מאַן, 12 פּראָצענט; טראַנספּאָרט, אײזן-באַן, מאַרין 4517 מאַן, 3,9 פּראָצ.; קאָמונאַלע און ערנערונג אַרבעטער (האַלב אַרבעטער, האַלב אָנגעשטעלטע) 6319 מאַן, 1,16 פּראָצ.; אָנגעשטעלטע, מעדיצין, בילדונג און קונסט-אַרבעטער 54716 מאַן 21,4 פּראָצ. אַלזאָ אַרבעטער מאַכן אויס 60 פּראָצ.; אַלע איבעריקע 40 פּראָצ.

אַזוי ווי דאָס זענען נאָר 62 פּראָצ. פון די אויסגעפּאָרשטע אַרבעטער, קאָן מען די צאָל יידן אין די פּראָפאַרײנען רעכענען ביז 200000 פּערזאָן, 13 פּראָצ. פון אַלע אַרבעטער אין אוקראַינע.

בלויז אין פאַרלויף פון צוויי יאָר זענען צוגעקומען אין די אינדוסטריעלע פאַרײנען 50,000 יידן מיטגלידער. אין כאַרקאָוו אַליין אַרבעטן אין די לאַקאָמאָטיוון-וואַרשטאַטן, עלעקטריע א. אַ. וו. 2½ טויזנט יידן. אויף 15000 מיטגלידער אין די פּראָפ. פאַרײנען אין כאַרקאָוו, איז אַ העלפט פאַרטרעטן אין דער שווערער אינדוסטריע.

אויף דער אַלגעמײנער צאָל 525000 קוסטאַרן אין אוקראַינע, (300.000 אין די דערפער און 225000 אין שטעט און שטעטלעך) זענען דאָ 150.000 יידן (אין די שטעט 135000, אין די דערפער 15000). אין די לײ- און שפּאָר-קאַסעס בילדן יידן 80 פּראָצ., אין די קוסטאַרן-פאַרײנען 80 פּראָצ. אויף ערד זיצן יידן איבערוואַנדערער 7000 משפחות,

קנאַפּע 40.000 נפשות, אַ חוץ אַלטע קאַלאַניסטן. אויסגעשלאָסן פון וואלן (נישט אַרבעטנדע עלעמענטן, צווישן זיי אַ סך קוסטארן, וואָס אַרבעטן אויך אַליין, נאָר האַלטן מענטשן) זענען 15,2 פּראָצ. פון דער גאַנצער ייד. באַפעלקערונג אין אוקראַינע.

די אַלע ציפערן זענען פון 1926. ביז איצט זענען מאַסן יידן צוגעוואַקסן אין דער אינדוסטריע, אויף ערד.

וואָסערע ליכטיקע קלאָרע ידיעות אין דעם קליינעם שטיבעלע אויפן זיבעטן שטאָק פון פאַרשטייער פון צעקאָנאַצמענוווצק"!

* *

אויף די שטיינערנע ווענט פון כאַרקאָווי אַ אויסנאַם פון אַלע אוקראַינישע שטעט מיט דער שטיינערדיקייט, הערשט אַ גרויקייט, אַן אומעט.

די שטאָט האָט טאַקע פאַבריקן, מען אַרבעט, אָבער נישט אַלע האָבן אַרבעט. דאָס דאָרף שיקט אין שטאָט ליידיקע הענט.

הענדלער, קרעמער קלאָגן זיך אויף די גרויסע שטייערן, אויף די קאָאָפּעראַטיוון.

אַ גרויסע מזל-ברכה איז דאָ אין די אַזוי-גערופענע „בעזפּריזארנע", די היימלאָזע קינדער, די פּלאָג פון רוסלאַנד. מאַסן זענען זיי דאָ. אין פאַרלויף פון אַ האַלבער שעה, וואָס איך האָב געגעסן אין אַ קאַפע, זענען אַריינגעקומען עטלעכע צענדליק אַ זעלכע, יינגלעך און מיידלעך, באָרוועסע, האַלב-נאַקעטע, און געבעטן נדבות. אויף דעם וואקזאַל איז פול מיט זיי. זיי ליגן אויף דער ערד, אין די ווינקעלעך. צוזאַמען מיט זיי ליגן דערוואַקסענע שלעפּערס, קראַנקע, זייער אַ סך ווייבער. זיי בעטלען, שלאָגן זיך, קריגן זיך. מיידלעך פון צוועלף יאָר, יתומות, לייגן פאַר זייער לייב.

— דיאַדיאַ, אידיאָם? דיאַדיאַ!

דריי ביינאַכט טרייבט מען אַרויס פון וואָקזאַל, כדי אויפצוראַמען, און ווי מחנות מייז צעשיטן זיי זיך איבער גאַסן און געסלעך.

ווי אין מערסטנס גרעסערע שטעט אין רוסלאַנד, איז דער מאַנגל אין וווינונגען גרויס. מען וווינט ענג, ביי יעדער טיר איז אָנ-

געקלעפּט אַ קוויטל מיט ציפערן, וויפיל מאָל מען זאָל קלינגען צו יעדן שכן. צו איינעם דאַרף מען קלינגען איינמאָל, צום אַנדערן צוויי מאָל און אַזוי ווייטער און ווייטער, ביז אַפילו צען מאָל, און נאָך אַלעמען עפנט מען ערשט נישט. אין די קליינע צימערלעך זיצן יידן, ווי אין אַלע איבעריקע אוקראַינישע שטעט, און לערנען אוקראַיניש. מען מוז קענען אוקראַיניש איצט אין אוקראַינע. ווער עס קאָן נישט די שפּראַך, ווערט דערווייטערט פון די אַמטן, און דער עולם זיצט און שוויצט ביים אוקראַיניש.

דער יוגנט קומט עס נאָך אָן גישקשה, מען לערנט זיך אויס. נאָר דעם עלטערן עולם קומט עס אָן מיט גריגע ווערעם.

— נאַדיר גאָר אַזאַ מין אומגליק, — קלאָגט זיך אַן עלטערער ייד, אַ בוכהאַלטער אין אַ רעגירונגס-אינסטיטוציע — אַז עס קריכט מיר נישט אין קאָפּ אַריין, נישט שוין פאַר מיינע יאָרן...

נאָר אין שיינעם ליכטיקן רעסטאָראַן זיצן געסט, פויערן, אַר-בעטער, פויערטעס, אַרבעטערינס אין טיכלעך און אין שטיוול, אינ-טעליגענטן, לאַנגוואָנסיקע אוקראַינער, יידן, זיי עסן מיט אַפּעטיט פון די גוטע מאַכלים, הערן זיך צו צו דער מוזיק, וואָס שפּילט

זיי זענען זיך צונויפגעקומען אויף אַ צוזאַמענפאָר פון די פּראָפעסיאָנעלע-פאַריינען, און מען גיט זיי עסן אין שענסטן רעסטאָראַן, מען האָט זיי באַזעצט אין די שענסטע האָטעלן.

זיי קוקן זיך אָן אין די גרויסע שפּיגלען, ווי זיי וואָלטן זיך אַליין נישט דערקענט, און שמייכלען צופרידן.

— אים כאַראָשאָ — זאָגט אַ בעטלער, וואָס שטייט ביי דער טיר פון האָטעל — דעלעגאַטן...

# יעקאַטערינאָסלאַוו

פון די רעוואָלוציע־יאָרן איז ביי מיר פאַרבליבן אין זכרון אַזאַ יעקאַטערינאָסלאַוו: אַ לאַנגער פּראָספּעקט מיט אַ סך קאַשטן־בוימער און אַקאַציעס, וואָס מאַכן שכור מיט די ריחות; אַ סך יונגען און מיידן, וואָס דרייען זיך אום פּוסט און פּאַסט איבערן פּראָספּעקט און קנאַקן קערלעך; אַ ברייטער דניעפּר, אין וועלכן נאַקעטע רויט־אַרמייער וואַשן די פערד; פּאָטיאָמקינס גאָרטן מיט צעצויגענע פאַרנאַכטיקע געזאַנגען פון אוקראַינישע שיקסעס און אַ שטענדיקע אומרו פאַר באַנדעס, וואָס לויערן אויף דער שטאָט.

איצט איז יעקאַטערינאָסלאַוו גאָר אַנדערש. איבערן לאַנגן פּראָספּעקט, פון וועלכן אַ סך בוימער זענען, זעט אויס, אַוועק אויף הייצן און ברענען, שטראָמען מאַסן אַרבעטער, פאַררויכערטע און יאָגנדיקע, איילנדיק צו די בריאַנסקער אייזן־גיסערייען; איבער די ברייטע טראָטואַרן ציען זיך אַ סך פּאָרטפּעלן, באַאַמטע און אָנגעשטעלטע, איילנדיק אין די אַנשטאַלטן.

די שטאָט אַרבעט. רויכן פון קוימענס ציען זיך. ביים ברעג דניעפּר ליגט אַ סך האָלץ, סחורות, און אנשטאָט פערד — שווימען אין טייך שיפן.

די שטאָט איז נישט גאַנץ — אַ העלפט איז זי פאַררויכערט, פאַרשטיינערט, ווי כאַרקאָוו, אַ העלפט — גרין, גאָרטנדיק, אוקראַיניש־ווייך, ווי פּאָלטאַווע.

פונקט ווי אין כאַרקאָוו איז דאָ דער עולם אַן אָנגעלאָפּענער, אַ פרעמדער, אַ פאַרגרעבטער, אַן אומוויסנדער, וואָס אַ חוץ קנאַקן קערלעך און רוסיש, האָט ער קיין שום טראַדיציע נישט. זייער פאַרגרעבט זענען דאָ די יידן.

דעם גרעסטן קאַמף, דערציילט מיר אַ יידישע לערערקע, קומט

אויס צו פירן מיט די יעקאַטערינאָסלאַווער יידן, זיי זאָלן אָפּגעבן זייערע קינדער אין די יידישע שולן אַריין.

— רוסיש, — בעטן זיי זיך, — נאָר רוסיש.

און אַז די קאָמיסיע, וואָס דאַרף באַשטימען אין וועלכער שולע די קינדער דאַרפן גיין, פרעגן ביי די קינדער, וואָסער שפּראַך איז זייער מוטער-שפּראַך, זאָגן די עלטערן אונטער:

— רוסיש זאָג, רוסיש!

קיין רוסישע שולן גיט מען נישט, מען קאָן לערנען אָדער אין אוקראַינישע שולן, אָדער אין יידישע. סיידן רוסן, וואָס באַקומען פאַר זייערע קינדער רוסישע שולן. און עס טרעפט, אַז יידן, וואָס מען פרעגט, אין וועלכער שפּראַך זיי רעדן מיט זייערע קינדער, ענט-פערן — אוקראַיניש...

פאַרשטייט זיך, אַז נישט זיי, נישט די קינדער זייערע, פאַר-שטייען קיין וואָרט אוקראַיניש.

די קינדער זיצן אין די אוקראַינישע שולן און פאַרשטייען קיין וואָרט נישט, וואָס מען רעדט צו זיי. נאָר דאָס שטערט נישט, אַז אַלע אוקראַינישע שולן אין שטאָט זאָלן זיין פול מיט יידישע „גרישקעס" און „מישקעס".

אויף אַ באַפעלקערונג פון 50000 יידן לערנען סך הכל 1500 יידישע קינדער אין די יידישע שולן.

פאַראַן אויך אין שטאָט אַ יידישע טעכנישע שולע מיט אַ הונדערט תלמידים, וואָס לערנען זיך שלאָסעריי, מעכאַניק א. ד. גל. עס האָט געקאָסט אַ סך אַרבעט, ביז מען האָט געקענט אַריינציען די יוגנט אין דער שולע אַריין. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס מען שטרעבט איצט צו ווערן אַרבעטער, איז מען נישט גערן געגאַנגען תחלת אין דער יידישער טעכנישער שול, נאָר דערפאַר ווייל מען לערנט אויף יידיש. איצט איז די שולע געוואָרן פּאָפּולער און מען קומט שוין גערן.

יעקאַטערינאָסלאַווער יידן האָבן זיך איבערצייגט, אַז לערנען אויף יידיש איז נאָרנישט אַזוי שרעקלעך. דאָסזעלבע געשעט מיט די על-טערן, וואָס די קינדער זייערע זענען „אַריינגעפאַלן" אין די יידישע שולן.

— עס איז גאָרנישט שלעכט, — זאָגן זיי — בעסער ווי אין די אוקראַינישע.

אינטערעסאַנט דערביי איז, אַז די גרעסטע געגנער פון דער יידישער שול צווישן די עלטערן זענען פוילישע יידן, וואָס מען האָט בעת דער קריג אַרויסגעטריבן פון די שטעטלעך און זיי זענען מגולג, געוואָרן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו.

— מיט וואָס ערקלערט עס זיך? — פרעג איך ביי די לערער.

— דאָס איז דערפאַר, וואָס זיי אַליין זענען שטומפּיק אין רוסיש, ווילן זיי, אַז זייערע קינדער זאָלן קאָנען גוט די שפּראַך.

דערביי דאַרף מען נישט מאַכן קיין אויספירן, אַז פוילישע יידן זענען מער געניגט צו אַסימילאַציע. וואָרים אין דערזעלבער צייט האָבן מיר די טוערס אין אַ סך שטעט און שטעטלעך געלויבט מיינע לאַנדסלייט, וואָס שטייען אומעטום אין דער שפּיץ פון יעדער יידישער קולטור-אַרבעט. ווו עפּעס אַ גוטער קולטור-אַרבעטער, אַן אָרגאַניזאַטאָר, איז עס אַ יידישער יונגערמאַן פון פוילן.

מיט איין זאַך מיט וואָס יעקאַטערינאָסלאַוו קאָן שטאָלץ זיין, איז דאָס, וואָס אין די אָרטיקע „בריאַנסקער אייזן-פאַבריקן”, ווו עס אַרבעטן עטלעכע צענדליק טויזנט אַרבעטער, געפינען זיך אויך צווישן זיי צוויי טויזנט יידן. דער „נאַצמען” אַרבעט אין קאָנטאַקט מיט די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און שטופּט אַריין אַ געוויסן פּראָצענט יידן אין די אייזן-פאַבריקן יעדער מאָל, ווען ס'איז דאָ אַ פאָדערונג אויף אַרבעטער.

דערווייל אַרבעטן די יידן ביי פּראָסטע אַרבעט, ווייל זיי זענען נישט קוואַליפיצירט. ביסלעכווייז, באַקומענדיק מער רוטין, גייען זיי איבער פון שוואַרצער אַרבעט צו קוואַליפיצירטער. איך האָב געוואָלט זען די יידן ביי דער אַרבעט, נאָר דאָס איז שווער. וואָרום, ערשטנס, זעען זיך די יידן נישט אָן, עס מאַכט אויס איין ייד אויף עטלעכע צענדליק נישט-יידן; צווייטנס, איז שווער דעם ייד צו דערקענען — אין די אַרבעטס-קליידער, פאַררויכט, פאַרברענט, האָבן אַלע איין פּנים. אַ סך יידן שוואַרצע-אַרבעטער גייען אויף קוואַליפיקאַציע-קורסן, כּדי צו ערלערנען די אַרבעט.

איך האָב אין קלוב אָנגעטראָפן אויף עטלעכע יידישע אַרבעטער

פון די אייזן-פאַבריקן און געפרעגט וועגן די באַציִונגען צווישן די יידן און די גוים.

— גאַנץ-גוטע — האָבן עטלעכע יונגעלייט געענטפערט — תּחלת זענען זיי נישט געווען צוגעוווינט, האָבן טייל געברומט. איצט זענען זיי, אַז מיר אַרבעטן גלייך מיט זיי.

עס ווערט אַ סך געטון אין דער הינזיכט. מען רעדט, מען קלערט אויף, דאָך פעלן נישט קיין אַנטיסעמיטן. ווי מען האָט מיר דערציילט, האָט געטראָפן, אַז בעת קאַלינין איז געווען אין די בריאַנסקער פאַבריקן אין יעקאַטערינאָסלאַוו, האָבן אים אַרבעטער, צווישן אַנדערע פראַגן, אויך צוגעשיקט קוויטלעך: „פאַרוואָס אַזויפיל „זשידעס" זענען אַרבעטער און באַאַמטע"?

* *
*

זונטיק אין אָוונט. איך שפּאַציר זיך איבער איבער די זייטיקע געסלעך, ווו עס וווינען מערסטנס אַרבעטער. פון אַלע זייטן שפּילן האַרמאָניקעס, שיכּורים שלעפּן זיך, שיקסעס זינגען. איך גיי אין אַ פּילצענעם הוט אויפן קאָפּ און מען מאַכט פון מיר חוזק:

— שליאפּא אידיאָט! — שרייט מען נאָך — בע, כע!

מיינער אַ פריינט ראָט מיך בעסער אַרויסגיין צום פּראָספּעקט.

— מען קען נאָך כאַפּן פּעטש — זאָגט ער מיר.

— פאַרוואָס?

— גלאַט אַזוי.

איך האָב ווייטער שפּאַצירט און קיין פּעטש נישט געכאַפּט. בלויז פון צייט צו צייט האָט אַן אַנדער אַרומגעצומען פּאָרל באַטראַכט מיין געווייגלעכן אומשולדיקן הוט, וואָס קרענקט, חלילה, נישט אויף קיין שום פּרעטענזיעס, און זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— שליאַ-פּאַ!

איך בין אַרויס אויף דעם פּראָספּעקט און אַריין אין אַ קלוב. פון אַלע זייטן שקאָצים, שיקסעס, אַ טומל, אַ גערודער. אויף די ווענט קלעבן אויפשריפטן, מען זאָל נישט קנאַקן קיין קערלעך, נאָר מען קנאַקט אויף וואָס די וועלט שטייט. בראָנפן שפּירט זיך פון

אַלצ זייטן. ריקאָוו, וואָס האָט צוריקגעגעבן די „מאנאפאלקע" און דערפאַר זוכה געווען, אַז דאָס פלעשל זאָל טראָגן זיין נאָמען „ריקאָווקא", קוקט אַראָפּ פון דער וואַנט און קלויבט נחת פון עולם.

אין די ווייטערדיקע זאַלן איז עפּעס אַ פּאָרלעזונג. מען הערט פון דאָרט אַפּלאָדיסמענטן. נאָר דאָ, אין דער פּאָדערשטער שטוב, טומלט מען, זינגט מען, פלירטעוועט מען און מען לאַכט. שיקסעס שטשירן מיט די ציין פון נחת פון זייערע „מאָלאָדצי". אָט ווערט עפּעס אַ שטיקל סקאַנדאַל. עטלעכע שקאָצים, אַרבעטער, צעשפּילן זיך אויף אַ האַרמאָשקע און גייען אַוועק אַ טענצל. זיי שטערן דערמיט אין צווייטן זאַל די פּאָרלעזונג. אַ יונגער רוסישער בחורל מיט בלאָנדע האָר, וואָס פאַלן אין די אויגן, אַן אידעאַליסטל, אַ באַוווסטזיניקער, בעט זיך ביי זיי:

— חברים, ווי שעמט איר זיך נישט? אין קלוב אַזאַ אומבאַוווסטזיין!

נאָר די פריילעכע יונגען וואַרפן מיט די קעפּ, זעצן אַרויס שכורע אויגן און גיבן אין דער מאַמען אַריין.

איך גיי אין אַ צווייטן קלוב, יידן דאָרט. אויך דאָ איז לעבעדיק, מען טרינקט טיי, מען שפּילט אין ביינדלעך, מען רעדט. נאָר מ'זאָל דאָס פילן אַ ריח פון בראָנפן כאָטש אויף אַ רפואה!

ביים גאַנצן אינטערנאַציאָנאַליזם, גלייכהייט און ברודערלעכקייט, וואָסער געוואַלדיקער אונטערשיד פון פאָלק ביז פאָלק!

# אַרום שוואַרצן ים

אויסלאַנד.

דאָס איז דאָס ערשטע, וואָס קומט אויפן געדאַנק, ווי נאָר מען קומט אַריין אין אָדעס. פאַר נישט רוסישע מענטשן איז „אויסלאַנד" אפשר נישט קיין באַגריף, רוסישע פאַרשטייען עס. עפּעס אַן אַנדער ווינטל גיט אַ בלאָז פון דער זייט פון ים, אַ ווינטל אַ פרעמדס, וואָס איז דאָך שטאַרק אייגן, וועקט, גיט האָפנונגען אויף עפּעס, רייצט.

נישט איינמאָל פלעגט מיר אויסקומען הערן פון אדעסיטן, אַז אָדעס אַליין איז אַ באַזונדערע מדינה, דאָס איז נישט רוסלאַנד, נישט אייראָפּע, נאָר אָדעס. איצט פאַרשטיי איך עס.

איך שפּאַציר איבער די גלייכע שיינע לופטיקע גאַסן, וואָס זעען אויס, ווי די קעסטלעך פון אַ שאַך-ברעטל; איך באַגעגן זיך אַלע מאָל מיט די גרינע לאַטעס ים, וואָס רייסן זיך אַריין אין שטאָט אַריין; איך באַטראַכט די האָטעלן, רעסטאָראַנען, קאַפעען, וואָס ביי זייער גאַנצער ירידה זענען זיי נאָך אַלץ אייראָפּעיש, אַפילו די אויסלענדישע אויפשריפטן זענען נאָך אויף זיי פאַרבליבן; איך טראָג זיך מיטן עולם אויף די טראָטואַרן, מיט די מענטשן, וואָס דורך אַלע שינעלן, פעלצלעך, טאָלסטאָישע בלוזן און קעפּקעס קוקט דורך דער אָדעסער עלעגאַנט — און איך גלויב זיך בשום אופן נישט, אַז איך בין אין רוסלאַנד, אין אַן אוקראַינישער שטאָט.

די אָדעסער אַליין, וואָס זענען גרויסע פּאַטריאָטן פון זייער שטאָט, קענען נישט הערן גלייכגילטיק מיין אַנטציקונג איבער אָדעס.

— אַך — קרעכצט מען דראַמאַטיש — ווען איר וואָלט געזען אָדעס אַמאָל! דעם אָדעסער פּאָרט!

איצט איז דער פּאָרט טויט. גאַסן-פרויען דרייען זיך אַרום, קוקן אויס די אויגן נאָך אַן אויסלענדישן מאַטראָס און געפינען

נישט. ביז דער קריג פלעגן דאָ טאָג-טעגלעך מאַסן שיפן אָנקומען אַ טאָג און ס'איז קיין בייס נישט געווען. היינט, אַז עס קומט אַ פראַנצויזישע אָדער אַ גריכישע שיף נאָך ווייַן, שרייבט מען וועגן דעם אין די בלעטער. נאָך דאָך פילט זיך אַלץ נאָך די פאָרט-שטאָט. די ריינקייט פון די גאַסן איז אַ סך אָפגעהיטענער ווי די ריינקייט פון דער רוסישער שפראַך. די מענטשן זענען נאָך אַלץ לייכט, באַוועגלעך, לופטיק, גלייך אָט, אָט זיצט מען אויף אויף אַ שיף און מען לאָזט זיך אין דער ברייטער וועלט.

אַ מאָדנע זאַך געשעט איצט מיט דער שטאָט.

אָדעס, ווי אַלע פאָרט-שטעט, איז געווען אייגנאַרטיק, רייך מיט איר אויסערלעכקייט און אָרעם מיט איר אינערלעכקייט. דאָס איז געווען די טיפּישע שטאָט פון אַ ווייל — אויסלענדער קומען אויף אַ ווייל, הוליען אויף אַ ווייל, פאַרפירן ליבעס אויף אַ ווייל, לאָזן איבער שפּראַכן אויף אַ ווייל, פאַרוואַרפן פרעמדע מנהגים אויף אַ ווייל. אויסערלעך אַ שטאָט פון פרייַלעכקייט, מוזיק, רעסטאָראַנען, קאַפעען, טעאַטערס, זינגערס, טענצערס, בראַדיאַגעס; אינערלעך פוסטקייט, אָפּערעטן-עלעגאַנץ, אָפּערעטן-פילאָזאָפיע, אָפּערעטן-חכמה.

איצט וויל מען אָדעס, — די פרייַלעכע אויסגעפוצטע, לעבנסדורשטיקע און לייכטזיניקע קורטיזאַנע — פאַרוואַנדלען אין אַן ערנסטע, שווערלייביקע, שווערגלויביקע און פרומע סאָציאַליסטקע מיט אַ סך ביכער, פרינציפּן, סאָציאַליזם און פּאָליטישער עקאָנאָמיע. און אָדעסיטן זענען באַליידיקט.

— אָך, ווען איר זעט אָדעס אַמאָל!

אָדעס איז רייך איצט מיט קלובן, קורסן, אַרבעטער-פאַקולטעטן, פאַרטיי-שולן, פּראָפעסיאָנעל-שולן. אַפילו די מאַטראָסן, די גרעסטע הוליאַקעס, האָבן זייער קלוב.

אמת, אַז אין פּאַלאַץ ביים ברעג ים, וואָס איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קלוב פון ים-אַרבעטער, זיצט מען נישט כסדר און מען לערנט. אָדעסער מיידלעך זענען דאָרט אָפטע געסט און פאַרברענגען מיט די ים-לייט גאָר ווי אַמאָל.

אָבער אומעטום, פון אַלע ווענט, קוקן אַראָפּ לענינס אויגן און מאָנען. לאָזונגען, פּלאַקאַטן, צייטונגען, בראָשורן לאָזן נישט בלויז

הנאה האָבן פון עולם-הזה, רופן צו געזעלשאַפטלעכקייט, אַרבעט. — און קאָמיסיעס זענען דאָ פאַראַן כּל-ערליי, און קעמערלעך, און רע-פעראַטן, און אַ ים-אויסשטעלונג.

דאָס יידישע אָדעס איז אויך גאַנץ רירעוודיק. קיין צייטונג קיין יידישע איז אפילו נישטאָ. דאָס טעאַטער דאָס יידישע איז אויך נישט קיין איבעריקס. מען גרייט ערשט אַ קינסט-לעריש טעאַטער. אָבער דערפאַר איז די פּראָפעסיאָנעלע בילדונג זייער אַ שטאַרקע. מען לערנט יידן זיין שלאָסערס און מעכאַניקער און טעכניקער. פאַראַן דאָ אַ גרויסער פּעדאַגאָגישער טעכניקום, וואָס איז זייער שיין אוועקגעשטעלט, אַ יידישע אָפּטיילונג ביים אַרבעטער פאַקולטעט. 4000 קינדער לערנען אין יידישע שולן. פאַראַן אַ גרויסער יידישער קלוב אויפן נאָמען פון ראָזאַ לוקסעמבורג, איבערגעמאַכט פון דער אַמאָליקער אָדעסער כאָר-שול, ביבליאָטעקן, אַ מענדעלע-מוכר-ספרים מוזעאום א. אַז. וו.

אויף 69709 אַרבעטער אין שטאָט, ציילן יידן 18739 מאַן. אויף 6247 מעטאַליסטן זענען פאַראַן יידן 2205. אין די צוקער-פאַבריקן אַרבעטן 500 יידן. ביי ים-אַרבעט זענען באַשעפטיקט יידן. און וואָס אינטערעסאַנטער פון אַלץ איז דאָס, וואָס גראָד שניידער און דרוקער, וואָס די גרעסטע חזקה דערויף האָבן שטענדיק יידן, בילדן אין אָדעס נישט-יידן אַ סך אַ גרעסערן פּראָצענט ווי יידן. אפילו יידישע צירקלען זענען דאָ.

נאָר דאָס אַלץ איז באַהאַלטן, צווישן ווענט.

דאָס אויסערלעכע אדעס, דאָס פאַרביקע, דאָס שרייענדיקע, דאָס ביליקע און רייכע — דאָס-טיפּיש אדעסישע, פאַרשווינדט. נישטאָ מער די לעבעדיקייט, דער האַנדל, די פאַרווילונגען, דער טומל.

אַפילו די באַרימטע „מאלדאַוואַנקאַ", די נעסט פון אדעסער אונטערוועלט, פון גנבים, שווינדלער מעסער-שטעכער, ווילדע-יונגען און רעוואָלוציאָנערן, פאַר וועלכע אַלע מאַכטן, וויפל נאָר אָדעס האָט אין די רעוואָלוציע יאָרן פאַרמאָגט, האָבן געציטערט, אַפילן אָט די דאָזיקע איינגאַרטיקע מלוכה פאַרשווינדט, גייט אַראָפּ.

שטיל איז דאָרט, מאָדנע שטיל און רויק. ווייניק מענטשן אויף די גאַסן זעט מען. אַ סך הייזער זענען אָפּגעבערענט, חרוב פון

דער צייט פון די באָמבאַרדירונגען. עס קוקן-אַרויס שטיקלעך לאַטעס, סמנים פון געפּאַרבטע און טאַפּעטירטע ווענט. ווו נישט ווו איז אַ קאָאָפּעראַטיוו, פאַרשריבן מיט גרויסע אותיות: „צעראבקאָאָפּ‟, עפּעס אַ פּריוואַט קרעמל, אַ סקלאַד פון קוילן, און דאָס איז אַלץ.

אָדעס איז אַזוי שיטער, אַז ווינציקער פון אומעטום איז דאָ דער מאַנגל אין וווינונגען. אין די האָטעלן לייגט מען פּאָר צימערן וויפל נאָר מ׳וויל אַליין און גאָרנישט טייער.

מיין האָטעל-אייגנטימער, וואָס האַלט זיין אייגענעם האָטעל אין אַרענדע ביי דער שטאָט, ליידט דערפון. נישט אין געלט גייט עס אים ווי אין שטאָט-פּאַטריאָטיזם.

— עך, אַ תּל געמאַכט פון אַ שטאָט...

דאָס הער איך פון יעדן: פון סוחר, פון שטיוול-פּוצער, פון קוטשער, וואָס פירט מיך אַרום פּאָרט, פון גרעק, דעם אייגנטימער פון קאַפע, וואָס קאָכט אַזאַ שטאַרקע קאַווע, אַז מ׳ווערט פון איר מער שכּור ווי פון בראָנפן, פון ראַזירער דעם טאָטער, וואָס האָט אַזאַ שאַרף גאָל-מעסער, וואָס אין דער וועלט איז דאָס גאָרנישט צו זען, פון די טרעגער ביים פּאָרט מיט די זעק אויף די קעפּ, פון בראָ-דיאַגע, דעם קבצן, וואָס בעטלט אַ נדבה אין עטלעכע שפּראַכן, און פון דער אָנגעפּאַרבטער גאַסן-פרוי, וואָס דערשמעקט אַן אויסלענדער פון אַ מייל די ווייט און באַגלייט אַ גאַנצע גאַס, כאָטש מ׳פאַר-לאַנגט עס נישט.

— אַז אָך און ווי — זאָגט זי — אַז אין אָדעס זאָל מען אַזוי דאַרפן אַרומקריכן אַ גאַנצן טאָג איבער די גאַסן. גיב, מסיע, פאַר-רויכערן!

בלויז דער ים איז געבליבן דערזעלבער, רייסט זיך אַריין אין שטאָט אַריין אין פאַרשידענע ערטער און קוקט אַן אָנגעכמורעטער, אַ בייזער, אַ גרינלעך-גרויער.

ער האָט וואָס צו זיין בייז. זינט דער מלחמה האָט ער זיך שוין גענוג שלעכטס אָנגעזען. וואָס האָט ער שוין דאָ נישט געהאַט? דעסאַנטן און באָמבאַרדירונגען, רויטע און ווייסע, געל-בלויע און שוואַרצע, וואָס איינער דעם צווייטן האָט געוואָרפן אין זיינע טיפענישן.

איצט שטייען אַפילו עטלעכע שיפן און לאָדן תּבואה. מעז בויט

אַ קעלטער פֿאַר מילכיקס ביים ברעג, אָבער שיפֿן שטייען ווינציק, ביים פּאָרט איז שיטערליך — און ער איז אָנגעכמורעט, דער שוואַר־צער און בייזער ים.

* *
*

אין אָדעסער „אינטערנאַציאָנאַל".

דאָס איז אַ גרויס הויז אויף טאַרגאָווע, אַ קלוב פֿאַר אַלע פֿעלקער, וואָס געפֿינען זיך אין שטאָט — און אַן אמתער טורעם פֿון בבל איז דאָ. רוסן, יידן, פּאָליאַקן, דייטשן, גריעכן, אַרמענער, טערקן, בולגאַרן, טשעכן, לעטלענדער, מאָלדאַוואַנער, טאָטערן.

יעדער האָט דאָ זיין צימער, זיין קולטורעלע אַרבעט, זיינע זשורנאַלן, ביכער, ציימונגען. אָפּטמאָל ווינען צוויי פֿעלקער צוזאַמען אין איין שטוב, און גראָד פֿעלקער, וואָס זענען זיך דם־שונאים.

די טאָטערן מיט די אַרמענער, וואָס שעכטן זיך שוין פֿון דורות, האָבן איין שותּפֿותדיקן זאַל. אַזוי אויך אַנדערע פֿעלקער.

אַ מיש־מאַש פֿון שפּראַכן, כלערליי לאָזונגען, צייטונגען, אויפֿ־שריפֿטן. איך גיי מיטן סעקרעטאַר פֿון שטוב צו שטוב. די פּאָליאַקן זיצן ביי אַ גרויסן טיש און לערנען פּאָליטישע עברי. אויף די ווענט הענגט אַ וואַנט־צייטונג, געשריבן פֿון די מיטגלידער. די שפּראַך איז נאָך דאָ אינגאַנצן ווי אין דער צייט פֿון מיליטערישן קאָמוניזם—בייז און גאַליק. מסתּמא ווערט זי געשריבן פֿון מענטשן, וואָס זענען ערשט איצט געקומען קיין רוסלאַנד און פּאָקן ערשט און מאָזלען. יעדער וואָרט איז פֿול מיט גרייזן.

די מאָלדאַוואַנער האָבן נישט ליב די קליינע אותיות. אַפֿילו קיין אַלף־בית האָבן זיי נישט קיין אייגענעם. דערפֿאַר שפּילן זיי גאָר פֿריילעך אויף די מאַנדאָלינעס. די דייטשן זיצן פּאַרטיפּט איבער שאך־ברעטלעך, ביינדלעך. די טאָטערן און די אַרמענער טרינקען טיי. די לעטלענדער זינגען זייער ערנסט אין כאָר.

און צווישן זיי אַלע דרייט זיך אַרום דער פּאַרוואַלטער פֿון קלוב, אַ יידישער יונגערמאַן, וואָס שטאַמט פֿון וואַרשע, געלערנט זיך אין בערלין, געהאָלפֿן מאַכן די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, אַ יונגער־

מאַן, וואָס איז שוין אויסגעוואַקסן אַ וועלט, האָט געטון אַלץ אין דער וועלט און רעדט אויף אַלע שפּראַכן. יידיש איז דאָך זיין מוטער-שפּראַך, פּויליש—אַוודאי, ער שטאַמט דאָך פון פּוילן! דייטש מוז מען דאָך קענען — שטודירט דאָרט! און ווי קען דאָס נישט אַ אינטעליגענטער מענטש קיין פראַנצויזיש? ענגליש איז דאָך אַ וועלט-שפּראַך—דאַרף מען אַוודאי קענען, און אַז מ׳קען שוין די אַלע שפּראַכן — ווי קען מען שוין נישט איטאַליעניש? אוקראַיניש מוז מען קענען — אַ געזעץ אַזאַ אין אוקראַינע! טשעכיש און בולגאַריש פאַרשטייט מען ממילא, סלאַווישע שפּראַכן, און אַפילו טאַטעריש, גריכיש און אַרמעניש דאַרף מען דאָך פאַרשטיין און ביסלעך רעדן, וואָרום אַ דעסער ראַיאָן האָט אַזויפיל פעלקער, מיט אַלע דאַרף מען רעדן, פירן אַן אַרבעט, און ווער דען וועט עס פירן, אויב נישט דער יידישער יונגערמאַן פון וואַרשע?

ער גייט מיט מיר פון סעקציע צו סעקציע, אומעטום גיט ער אַ בליק, אומעטום גיט ער אַ פרעג, און דווקא אין דער שפּראַך אין וועלכער די סעקציע רעדט.

— ביטע — זאָגט ער — צו די גרעקן דאַרף מען נאָך אַריינגיין, צו די בולגאַרן...

און אַז מ׳שטעלט אַ קינאָ-בילד פון פּושקינס „סטאַנציאַנני סמאָטריטעל", שטעלט זיך אַוועק דער וואַרשעווער יונגערמאַן פאַר דעם טויזנט-קעפּיקן עולם פון אַלע פעלקער, וואָס אָדעס פאַרמאָגט, און האַלט אַ רעדע איבער פּושקינען און איבער זיין שאַפן אויף אַ פליסיקן רוסיש.

— אַלץ אַליין — קלאָגט ער זיך — נישטאָ ווער...

טאַקע אַזוי, ווער דען, אַז נישט דער וואַרשעווער יידישער בחור?..

* *
*

נישט קיין קלענערער אינטערנאַציאָנאַל איז די קליינע שיף „פּראַנץ מערינק", וואָס הוידעט מיך איבער די שטורמדיקע כוואַליעס פון בייזן דעצעמבערדיקן ים און פירט מיך קיין קרים.

איך האָב דאָ דערלאַנגט פון סוכום, סוחרים פון טראַפּעזונט, וויינהענדלער פון יאַלטע, מאַטראָסן פון סעוואַסטאָפּאָל, אַרבעטער-דעלעגאַציעס פון דייטשלאַנד, קאָזאַקן פון קובאַן.

דער אינטערנאַציאָנאַל איז אַפילו אויף דעם „פּראַנץ-מערינק" איינגעטיילט אין קלאַסן. אָנשטאָט „האַרטע פּלעצער" און „ווייכע פּלעצער", וואָס די קלאַסן האָבן באַקומען אויף די באַנען, הייסן נאָך דאָ די בעסערע און ערגערע ערטער מיט די אַלטע פאַרמלחמהדיקע נעמען: ערשטע קלאַס, צווייטע קלאַס, דריטע קלאַס. אַפילו די אויפשריפטן די אַלטע — „איינגאַנג פאַר פּאַסאַזשירן פון דריטן קלאַס שטרענג פאַרבאָטן". דאָס איינציקע, וואָס איז געענדערט, איז די רויטע כוואַליעדיקע פאָן אויף דער שיף און די אויסגעמעקטע „זנאַק טוויאָרדעס" פון די שיף-אויפשריפטן און פון מעניו.

מיין קאַיוטע איז באַזעצט דורך פיר פּאַסאַזשירן. אויסער מיר איז דאָ אַ ייד אַ סוחר פון סוכום, וואָס דערציילט אַ סך וויצן, אַ יונגער אזיאַט פון אַבכאַזיע מיט זיסע ליידנשאַפטלעכע און מזרחדיק-נאַרישע אויגן, און אַ קורץ-געוווקסיקער ברייט-ביינערדיקער ים-אָפיציר, אַן אמתער ים-וואָלף, אַ קאָמוניסט, וואָס פאָרט אין אורלויב צו זיך אַהיים קיין סעוואַסטאָפּאָל.

די מאַטראָסן זענען די איינציקע אין רוסלאַנד, וואָס טראָגן נאָך עפּאָלעטן, גאָלד-געשטיקטע עפּאָלעטן מיט גלאַנציקע קנעפּ, פּונקט ווי פאַר דער קריג, נאָר מיט אַ באָלשעוויסטישן שטערן. ווייבער זענען אין זיי אַנטציקט.

ווי מערסטנס רוסן, איז ער זייער אָפנהערציק, דער ים-מענטש, און דערזעענדיק אין מיר אַן אויסלענדער, לאָזט ער זיך אַריין אין

אַ שמועס. — איך וויל בעסער אַרויס אויפֿן דעק. דער ים בייזערט זיך, שטורמט, און איך וויל אַ ביסל זיך צוקוקן צו דעם קאַמף צווישן שוואַרצן ים און „פֿראַנץ-מערינג". נאָר דער מאַטראָס מאַכט אַוועק מיט דער האַנט:

— פּוסטיאַקי, וואָס איז דאָ דאָ צו זען? וואַסער! — לאָמיר בעסער שמועסן. אינטערעסאַנט, ווי אַזוי איז דאָרט ביי אייך אין קאַפּיטאַליסטישן גן-עדן...

ער איז זייער אָפּטימיסטיש געשטימט, דער רויטער אָפֿיציר, ער פּאָרט טאַקע פֿון אַ צוזאַמענפּאָר, און ער רייצט זיך מיט מיר:

— פּוילן האָט אויך אַזאַ פֿלאָט? האַ?..

ער איז אַ באַרימער, נאָר אַ גוטמוטיקער און אינטערעסאַנטער פּאַרעווין — ער איז שוין אויסגעוועזן אַ וועלט, אָנטייל גענומען אין מלחמות, רעוואָלוציעס, אויפֿשטאַנדן. ער איז טיף איבערצייגט, אַז גאָר אינגיכן וועט סאָוויעט-רוסלאַנד אָפּנעמען ביי ענגלאַנד אי אינדיען, אי עגיפּטן און אומעטום איינפֿירן קאָמוניזם.

דער אזיאַט פֿון אַבכאַזיע ווערט אָנגעצונדן:

— פֿאַרוואָס איז דאָ דאָ קלאַסן? — שרייט ער — אָרעמע פֿאָרן מיט דריטער קלאַס און דו מיט צווייטער, האַ?

— נאַרישקייטן! פּוסטיאַקי — ענטפֿערט דער מאַטראָס — דאָס פֿאָלק פֿילט זיך בעסער אין דריטן קלאַס, ווי אין צווייטן.

— דאָס זאָגן אַלע בורזשויען.

— דאָס איז אָבער אַזוי — האַלט זיך דער מאַטראָס ביי זיינס.

אַז עס קומט אויס צו רעדן וועגן אַרבעטסלאָזיקייט, מאַכט ער אַוועק מיט די האַנט:

— פּוילאַקעס! ליידיקגייער! ווער עס וויל אַרבעטן, קריגט אַרבעט.

— דאָס זאָגן אויך אַ סך בורזשויען אַזוי.

— ס'מאַכט נישט אויס — ענטפֿערט ער — נישט אַלץ, וואָס די בורזשויען זאָגן, איז שלעכט, מען דאַרף זיך ביי דער בורזשואַזיע אין אַ סך זאַכן לערנען.

ער איז פֿריילעך, גלויביק, קיין זאַך נעמט ער זיך נישט צום האַרצן, און דעם אזיאַט פֿון אַבכאַזיע קאָסט עס געזונט. ער איז

שטאַרק מאָראַליש, האַלט פון גערעכטיגקייט, ווי יעדער אזיאט, און ער ווואַרפט שרעקלעכע אויגן אויפן ים-אָפיציר.

— יא שאַלאַוועק טאַקאָי — שרייט ער מיט אַ מזרח-רוסיש — וואָס האָט ליב אמת, כאָטש דו קאָמוניסט...

אין סעוואַסטאָפּאָל שטעלט זיך „פראַנץ מערינג" אָפּ אויף עטלעכע שעה אויסלאָדן סחורות. פּאָרט-טרעגער אין זעק אויף די קעפּ פאַרדרייט אין טורבאַנען, וואָס מאַכט זיי ענלעך צו טערקן, שלעפּן משאות, זאַלצן לעדער און גיבן זיך אין דער מאַמען אַריין.

מיר פאָרן אין שטאָט. דאָ איז שוין די קרימער רעפּובליק. אויף אַלע שילדן, אַמטן איז אויסער רוסיש פאַראַן אויפשריפטן אויף טאָטעריש, וואָס דערמאָנט אַ ביסל אין די געציקלטע ברייוו פון די אַלטע רבנים.

אַ שיינע שטאָט סעוואַסטאָפּאָל. זי ליגט ביים ים, אַרומגערינגלט מיט בערג. נישט אומזיסט האָט רוסלאַנד אַזוי-פיל געקעמפט פאַר סעוואַסטאפּאָל, יעדער טריט איז דאָ דורכגעזאַפּט מיט מענטשלעכן בלוט, און נישט ווייניק בלוט ליגט דאָ פון אונזערע ייִדעס, די ניקאָלײַעווער סאָלדאַטן און קאַנטאָניסטן, וואָס האָבן פאַרטיידיקט סעוואַסטאָפּאָל פאַר די אייראָפּעיִשע שונאים אין 1854-טן יאָר. וואָרים האָבן סעוואַסטאָפּאָל הייסט האָבן קרים, האָבן דעם שוואַרצן ים.

סעוואַסטאָפּאָל איז אַלעמאָל געווען דער שטיץ-פונקט פון רוסישן פלאָט — און אייראָפּע האָט נישט פאַרגונען רוסלאַנד די ידאָזיקע שטאָט, נישט פאַרגונען איר די גרויסע האַנדלס-מעגלעכקייטן, די ממשלה, וואָס די ידאָזיקע שטאָט גיט. אין 1854 האָבן זיך פאַראייניקט ענגלענדער, פראַנצויזן, איטאַליענער, טערקן, אַרומגערינגלט מיט שיפן סעוואַסטאָפּאָל און געפירט אַ ביטערן קאַמף מיט די רוסן. — נאָך עלף חדשים באַלאַגערונג איז סעוואַסטאָפּאָל געוואָרן. נאָך דער מפּלה האָבן די רוסישע הויף-לייט אָנגעהויבן „מיטגיין מיט דער צייט" און גענומען זיך איינפירן רעפאָרמען.

די שיף שטייט עטלעכע שעה און מיר נוצן אויס די געלעגנהייט און באַטראַכטן די סעוואַסטאָפּאָלער פּאַנאָראַמע, די ריזיקע מאָלערישע אַרבעט פון מינכענער פּראָפעסאָר רובאָ, וואָס האָט די

סעוואסטאָפּאָלער קריג אויף אַ לייוונט פּאַראייביקט. דאָס איז אַ קאָלאָסאַל בילד, וואָס נעמט אַרום 58 קלאַפטער די לענג און 7 קלאַפטער די הויך. דאָס איז איינס פון די שענסטע היסטאָרישע בילדער. די מינדסטע קלייניקייט איז נישט דורכגעלאָזן. די גאַנצע שטאָט, דער ים, די בערג זענען אַזוי נאַטוראַליסטיש געגעבן, אַז מען ווייסט נישט, ווער וועמען האָט קאָפּירט — דער מאָלער די שטאָט? אָדער די שטאָט דעם מאָלער?

פון סעוואסטאָפּאָל אָן גייט שוין די שיף נישט ווייט פון ברעג. מ'פאָרט פאַרביי וואונדערבאַרע געגנטן.

אויף בערג, וואָס זענען איינגעטונקען אין גריגס און באַלויכטן מיט זון, ליגן אויסגעלייגט פּרעכטיקע שלעסער און זומער-וווינונגען, וואָס די רוסישע אַריסטאָקראַטיע האָט אַמאָל אויסגעבויט, און איצט געפינען זיך דאָרטן סאַנאַטאָריעס און אָפּרו-הייזער פאַר לונגען-קראַנקע פויערן און אַרבעטער.

וואָס ווייטער מען פאָרט, אַלץ מער ווערט פאַרכאַפּט דאָס אויג, אַלץ מער ווייעט אַ וואַרעמער ווינטל. מען וואַרפט אַראָפּ פון זיך די ווינטער-מלבושים, אין וועלכע מען איז אָנגעפּעלצט.

ווי וואונדערבאַר שיין ביסטו, קרים! אַ סך שענער פון מיצקעוויטשעס קרימער-סאָנעטן!

אין יאַלטע גייט מען צו דער פּיגור. טייל באָדן זיך נאָך אין ים, כאָטש ס'איז שוין אָנהויב דעצעמבער. אין האָטעל פרעגט מען מיך, וווּ איך וויל בעסער אַ צימער — מיט די פענסטער אויף צפון צי אויף דרום?

אויף דרום גייען די פענסטער אַריין אין ים אַריין, דערפאַר קאָסט טייערער מיט אַ רובל אַ טאָג. פאַרשטייט זיך, אַז איך נעם אַ צימער מיט דרום. גאַנץ יאַלטע איז איינגעטונקען אין ליכט און אין בלומען.

פון די בערג, וואָס נעמען אַרום די שטאָט ווי אַ ראַם, קריכט אַרויס אַ רעגנבויגן און שניידט דורך דעם בלויען ריינעם הימל, צוטיילנדיק אים אויף צוויי העלפטן.

אַ ברייטער רוסישער איזוואָשטשיק מיט אַ פיגור פון אַ „באָגאַטיר" פאָרט צו צו מיר און לאַדט מיך איין פאָרן.

— איזוואַלטיע, בצרין...

ער פרעגט מיך אפילו נישט, ער ווייסט שוין אַליין, אַז איך וועל פאָרן, און אַפילו אַז איך בין אַן אויסלענדער ווייסט ער.

— פוניוואַנען? — פרעג איך.

— זנאַיעם... — ענטפערט ער מיט אַ שמייכל — מיר וועלן פאָרן קיין ליוואַדיע.

דאָס איז אַ „ליכאַטש" פון אַמאָליקע צייטן, מיט דער אמתער ברייטער דראָשקע אויף דיקע גומענע רעדער, מיט די אמתע פאָר פערד, שוואַרצע, שוימיקע, וואָס טראָגן זיך ווי אַ ווייכער.

— אָט דאָ — ווייזט דער קוטשער — געווען פריער דער פּאַלאַץ פון בוכאַרער עמיר... היינט איז דאָ אַ מוזיי... אָט דאָ, דער פּאַלאַץ פון קניאַז... אָט דאָ דער פּאַלאַץ פון גראַף... אָט דאָ דער פּאַלאַץ פון דער הויף-פרייליין...

ווער קאָן זיי געדענקען די אַלע קניאַזן, גראַפן און הויף-פרייליינס! איצט זעט מען נאָר אויפשריפטן, „אָפּרו-הויז פון טראַנס-פּאָרט-אַרבעטער", „אָפּרו-הויז פון בוי-אַרבעטער"...

מיר פאַרקערעווען, ווידער שלעסער, פּאַלאַצן, צערקוועס, מעטשעטן, און אַלעמאָל קריכט אויפסניי אַרויס דער ים, ווידער בערג, ציפּריסן-ביימער, בלומען.

ענדלעך שטעלט זיך דער קוטשער אָפּ.

— אָט איז עס — זאָגט ער שטיל — דער קייזערלעכער פּאַלאַץ...

אויף אַ ווייסן פּאַלאַץ פלאַטערט אַ רויטע פאָן. אויף אַ קליין שילדל איז אָנגעשריבן „סאַנאַטאָריע פאַר לונגען-ליידנדע פויערן". עטלעכע גוים אין שוואַרצע כאַלאַטן און אין ווייסע תחתונים זיצן אויף אַ טעראַסע. עטלעכע קינדער לויפן אַרום און יאָגן זיך נאָך אַ הינטל.

איך גיי אַריין צום פאַרוואַלטער, אַ דאָקטאָר, שטעל זיך פאָר און בעט מיר ערלויבן אָנקוקן דעם קייזערלעכן פּאַלאַץ, וואָס איז איצט אַ סאַנאַטאָריע פאַר פויערן.

דער דאָקטאָר וואַקלט זיך. איך ווייז אים מיין זשורנאַליסטן-קאַרטע. ער קנייטשט מיטן שטערן, ענדלעך קלינגט ער אָן צום הויפּט-פאַרוואַלטער.

— וואָסערע נאָך פּאַפּירן האָט איר?

— אַ פּאַספּאָרט, אויב אייך איז נויטיק.
— איר זענט פון אַ דעלעגאַציע?
— ניין, פון אַ צייטונג, ביטע...
— מוזט איר ברענגען אַ ספּעציעלע ערלויבעניש פון מאָסקווע.
— וואָס איז ביי אייך אַ פעסטונג?
— אַ פעסטונג, נישט אַ פעסטונג — נאָר אַן ערלויבעניש פון מאָסקווע מוזט איר ברענגען...

אויף אַלע מיינע טענות, אַז פון דאַנען ביז מאָסקווע איז אַ ביסל צו ווייט, און אויב ער טרויט מיר נישט, קאָן ער מיט מיר מיטשיקן אַ באַגלייטער, וואָס זאָל מיך היטן — האָט דער איינגעשפּאַרטער דאָקטאָר, דער פּראָוואַלטער, איין ענטפער:

— ניע-לזיאַ!...

אַקאַקי אַקאַקאָוויטש בלייבט אַקאַקי אַקאַקאָוויטש צו יעדער צייט און ביי יעדער אָרדנונג.

און שוין ביים גרויספּאָרן שטייט אַ פּאַרשוין אין אַ זאַק אָנשטאָט אַ העמד און שטרעקט-אויס אַ שמוציקע האַנט:

— העלף, בירגער, די לייז פרעסן מיך אויף! אויף אַ העמד גיב!

ווי קליין זענט איר מענטשעלעך אַרום די גרויסע בערג, ימען און פעלזן!

# פעלקער

מיין באקאנטער אבכאזיער פון דער שיף איז זייער באליידיקט, פארוואס איך בלייב אין יאלטע און פאר נישט מיט מיט אים ווייטער. דורך די 36 שעה פארן אויף דער שיף האט ער זיך שטארק צוגע-בונדן צו מיר. ער פלעגט מיר כסדר דערציילן מעשיות וועגן מלחמות, שחיטות, פלעגט ווארפן מיט די הענט, דורכשניידן זיך מיטן פינגער דעם גארגל, כדי שאפן די אילוזיע פון שעכטן, און אין מיטן דערינען פלעגט ער פלוצלונג ווערן שרעקלעך ווייך, סענטימענטאל, ליידנשאפטלעך און א זאג טון מיט א זיפץ:

— כאראשא בי ביל עסלי בי ביל טעפער אדין באַרישנא...

מיך האט ער ליב, זאגט ער, שטארק ליב, איין גאט ווייסט פארוואס, און ער לאדט מיך איין צו זיך קיין אבכאזיע.

— קום, — שלעפט ער מיך — איך דיך ליב, איך דיר געבן אלץ — שאשליק און טשובערעק און בוזא... און וועסט זיין מיין „קונאק‟...

שאשליק און טשובערעק זענען מאכלים, „בוזא‟ איז א ווייסע משקה אזעלכע און „קונאק‟ הייסט „א פריינט‟.

מיין וויזע, וואס איך האב באקומען קיין רוסלאנד, גיט מיר אפילו רעכט צו באזוכן אלע סאוויעטישע רעפובליקן, אויסער עטלעכע פארווארפענע רעפובליקן, וואס מיין פוס טאר נישט באטרעטן. אין מיין פאס שטייט בפירוש געשריבן, אז „אין איינקלאנג מיט די גע-זעצן פון די סאציאליסטישע סאוויעטישע רוסישע, אוזבעקיסטאנער

און טורקמעניסטאַנער רעפּובליקן, טאָר מען נישט אריינפאָרן אָן אַ ספּעציעלער ערלויבניש אויף די טעריטאָריעס פון די רעפּובליקן: טורקמעניסטאַנער, אוזבעקיסטאַנער, יאַקוטישער, ווי אויך אויף די אינזלען ווייגאַטש, קאָלגועוו און נאָוואיאַ זיעמליאַ ביים צפונדיקן אייז-אָקעאַן״.

נאָר דאָך האָב איך געמוזט אָפּזאָגן מיין ליבנסווירדיקן אזיאַט און נישט אָנגענומען זיין איינלאַדונג.

איך האָב נאָר בלויז אין די ערטער, ווו איך בין געווען, באַ-קענט זיך מיט די פאַרשידענע פעלקער, וואָס רוסלאַנד פאַרמאָגט, איבערהויפּט אין קרים.

ווייזט זיך אַרויס, אַז ביי אַ סך פון די מזרח-פעלקער, איבער-הויפּט ביי די מאַכמעדאַנער, קומען פאָר די זעלבע קאַמפן און מלחמות בנוגע חדרים און שולן גאָר ווי ביי אונז יידן. דער עלטערער דור מאַכמעדאַנער אין רוסלאַנד האַלט זיך נאָך ביי דער אַלטער ערציונג, ביי די אַלטפרענקישע חדרים און מלמדים, וואָס האָרעווען שווער און ביטער ביים קאָראַן ביז זיי קלאַפּן אים אַריין אין די מוחות פון די קליינע מאַכמעדאַנערלעך. די מאַכמעדאַנישע מלמדים זענען נאָך גרעסערע רוצחים ווי אונזערע יידישע און זיי שלאָגן די תלמידים מיט שטעקנס און ריטער, איינעם אַזאַ חדר איז מיר אויסגעקומען צו זעען אין קרים. אַ טאָטער מיט אַ קיילעכדיקן גע-שוירענעם קאָפּ איז געזעסן מיט אַ גאַנצער כאָפּטע קליינע טאָטערלעך מיט שוואַרצע אויגעלעך און געהאָרעוועט ביי אַ טאָטערישן ספר. סיי דער מלמד, סיי די קינדער, סיי די געוואַלדן, געפּילדערס, סיי דער טאָטערשער ספר, וואָס דערמאָנט אַן אַלטן רשי-כתב, האָבן געמאַכט אַן איינדרוק פון אַן אַלטמאָדישן יידישן חדר.

די היינט-וועלטישע טאָטערן זענען מער טאָטערשע שולן, פּונקט דאָס זעלבע ווי ביי אונז.

אָער די אינטעליגענץ איז זייער קליין צווישן די טאָטערן. זיי וואָלטן אַלץ געקאָנט שאַפן, שולן, אוניווערסיטעטן, פאַרלאַגן. אין קיין געלט איז קיין מניעה נישטאָ. די סאָוויעטן פירן די קליגסטע און יושרדיקסטע נאַציאָנאַליטעטן-פּאָליטיק. זאָל זיך יעדער אויסלעבן אין זיין שפּראַך, קולטור. נאָר די טאָטערן קאָנען נישט נעמען דאָס,

וואָס מע גיט זיי, נישטאָ קיין גרויסע אינטעליגענץ, קיין פירער. דער אַלטער דור איז פרום, פאַנאַטיש, אַ סך פון דער אינטעליגענץ, וואָס האָט ביז דער רעוואָלוציע זיך געבילדעט אין רוסיש, איז אַסימי־לירט, און די געציילטע טעאַטער־אינטעליגענטן קאָנען זיך קיין עצה נישט געבן.

אַזוי האָט מען מיר דערציילט אין אַ שטעטל אין קרים, אַז בעת ס'איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע שילדן און אויפשריפטן מוזן, אַ חוץ רוסיש, אויך זיין אין טאָטעריש, איז נישט געווען קיין איין טאָטער אין שטעטל, וואָס זאָל אימשטאַנד זיין איבערצוזעצן די אויפשריפטן פון רוסיש אויף טאָטעריש. קוים מען האָט געבראַכט אַ פאָלקס־לערערקע פון אַ צווייט שטעטל, וואָט האָט די אַרבעט געמאַכט.

דאָך רעכענען זיך די טאָטערן צו די סאַמע קולטורעלסטע נאַציאָנאַליטעטן אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פעלקער און פעלקערלעך. זיי האָבן אַ ליטעראַטור, שרייבער. איך האָב אַליין געהערט אין מאָסקווע אויף דעם אָוונט פון שרייבער לכבוד דעם צוזאַמענמאָר פון „געזערד’’ ווי אַ פּאָעט האָט געלייענט טאָטערישע לידער.

גאַנץ אַנדערש זעט אויס די לאַגע אין די אַנדערע סאָוועטי־שע רעפּובליקן. איך האָב זיי מיט די אייגענע אויגן נישט געזען, אָבער דערפאַר האָב איך געזען זייערע סעקציעס אין מאָסקווע, וואָס האָבן מיר געגעבן אַ שטיקל פאָרשטעלונג.

מאָסקווע האָט אַ פאַרלאַג, וואָס רופט זיך „פעלקער־פאַרלאַג’’. מיינער אַ באַקאַנטער, אַ מיטאַרבעטער פון פאַרלאַג, האָט מיך אַריינ־געפירט דאָרטן און איך האָב נישט געוווּסט ווו פריער צו קוקן.

דאָס גאַנצע גרויסע רוסלאַנד מיט אַלע אירע פעלקער, פעלקער־לעך און שבטים זענען דאָ אויסגעשטעלט אין דעמדאָזיקן פאַרלאַג. יעדער פאָלק האָט זיך זיין אָפּטיילונג, קליינע פעלקער האָבן בשותפות איין צימער. מען גייט און מען לייענט די אויפשריפטן אויף די טירן, וואָס ציען זיך אָן אַ שיער, אַ וועלט מיט סעקציעס: גרוזי־נישע, טאָטערישע, אַרמענישע, לעטלענדישע, דייטשע, אוזבעקישע, טשוואַשישע, וואָטישע, קירגיזישע, קודרישע, קאָזאַקישע, יאַקוטישע, און ווער קאָן זיי דאָרט אַלע געדענקען!

איך באַקען זיך מיט איינעם אַן אַרמענישן געלערנטן, וואָס אַרבעט פאַר עטלעכע סעקציעס. ער קען אַ סך שפּראַכן. אַ מאָדנע ענלעכקייט איז צווישן יידן און אַרמענער. אפילו אין די אויגן זייערע איז דאָ מער יידישעס, ווי מזרחדיקס. אויף ביידע, אויף די יידן ווי אויף אַרמענער, פלעגט מען מאַכן פּאָגראָמען, ביידע האָט מען אין רוסלאַנד פיינט געהאַט, ביידע זענען אין דעם צאַרישן רוסלאַנד געווען די בעסטע סוחרים און די ערגסטע סאָלדאַטן, (די אַרמענער האָבן זיך נאָך גיכער אַרויסגעדרייט פון מיליטער-דינסט איידער די יידן) — און אפילו מיט דער שפּראַכן-פראַגע זענען זי ענלעך. אויך די אַרמענער האָבן אַן אַלט-אַרמעניש, אַ מין לשון-קודש, אין וועלכן עס האַלטן זיך מענטשן פון עלטערן דור, קאָנסערוואַטיוון, און ניי אַרמעניש — אַ מין יידיש, וואָס ווערט גערעדט און פאַרטיידיקט פון דעם יונגן דור.

אין איינעם אַן אַרמענישן זשורנאַל, איבערזעצט אויף רוסיש, איז מיר אויסגעקומען לייענען אַן אַרטיקל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן: „וואָס זאָלן מיר טאָן, אַז מיר זענען געשלאָגן מיט דער מכה, וואָס קיין שום פאָלק ווייסט נישט דערפון — צוויי שפּראַכיגקייט”. איך בין געווען איבערצייגט, אַז איך לייען אַ יידיש אַרטיקל.

אָט דער דאָזיקער אַרמענישער געלערנטער, צוזאַמען מיט זיין פריינט, אַ יידישן געלערנטן, האָבן מיר דערציילט אינטערעסאַנטע זאַכן פון דער אַרבעט ביי אַ טייל פעלקער און שבטים.

איז געקומען אין פעלקער-פאַרלאַג — דערציילט מען מיר — אַ פאָרשטייער פון די זאַריאַנער, וואָס אַמאָל האָט מען זיי גערופן „קאָמיס”, אַ קליין פאָלק, וואָס וווינט נישט ווייט פון קירגיזיען, און געבעטן ביכער פאַר זיין פאָלק. פאַרשטייט זיך, אַז לייענען און שרייבן קען דער עולם ווינציק, אָבער מען דאַרף זיי לערנען, ערציען. מען האָט דעם קאָמי-פאָרשטייער געגעבן פּאַק מיט ביכער. ביים אַרויסגעבן די ביכער פרעגט דער פאָרשטייער פון דעם פעלקער-פאַרלאַג ביים „זאַריאַנער”:

— נו, חבר, און וואָס הערט זיך עפּעס מיט אַנטי-רעליגיעזער ליטעראַטור? איר פירט גאָר נישט קיין קאַמף ביי אייך קעגן דער רעליגיע?

דער „קאָמי-זאַריאַנער” האָט זיך פאַרשעמט און רויט געוואָרן.

— צום באַדויערן, — האָט ער געענטפערט — איז עס ביי אונז

נישט נויטיק, וואָרים, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס מיר זעגען פלומרשט קריסטן, פּראַוואָסלאַווגע, איז נאָך דאָס פאָלק ביי אונז אמתע געצנ-דינער, פּראַוואָסלאַווישע גלחים אַליין ברענגען נאָך קרבנות. הלואי זאָלן מיר שוין קומען צום קריסטנטום! — האָט דער פאָרשטייער פאַרענדיקט — וואָלט עס געווען אַ גרויסע רעוואָלוציע. דערנאָך ערשט וועט מען קענען רעדן וועגן אַנטי-רעליגיעזער ליטעראַטור...

אַ צווייטער פאַקט.

פאַראַן אַ פאָלק מיטן נאָמען „קאָזאַק". מען דאַרף נישט קיין טעות האָבן און מיינען, אַז דאָ רעדט זיך פון די גוטבאַקאַנטע קאָזאַקן. דאָס פאָלקל „קאָזאַק" איז זיך אַ גאַנץ באַזונדער קליין פאָלקל. זייער שפּראַך רופט זיך אויך „קאָזאַק-שפּראַך". ביז נישט לאַנג האָבן זיי נישט געהאַט קיין אייגענעם אַלף-בית. וואָרים קיינער פון זיי האָט נישט געקענט שרייבן. ערשט איצט האָבן געלערנטע צונויפגעשטעלט פאַר זיי אַן אַלף-בית, מען האָט געגאָסן ספּעציעלע שריפט און מען האָט אָנגעהויבן אַרויסלאָזן ליטעראַטור פאַר זיי.

קומט אַ מאָל צו פאָרן קיין מאָסקווע אין פעלקער-פאַרלאַג איינער אַ מענטש, אַ שכן פון קאָזאַק, און נעמט אַרויס אַ גאַנץ פּעקל ליטעראַטור, מעשהלעך, כדי צו פאַרקויפן זיי צווישן די „קאָזאַ-קאַנער". ער קומט אין אַ דאָרף מיטן פּעקל.

— וואָס האָסטו? — פרעגט מען אים.

— ביכער.

— וואָס איז דאָס אַזוינס ביכער?

דעם פאַקנטרעגער ווייזט. דער עולם פאַרשטייט נישט מיט וואָס מען עסט דאָס. דער פאַקנטרעגער לייגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט. ענדלעך זאָגן זיי:

— לייען איבער, וואָס דאָרטן שטייט געשריבן, וועלן מיר זעען.

דער פאַקנטרעגער האָט איבערגעלייענט. דער עולם האָט זיך אויסגעלייגט אויף דער ערד און געשמאַק אויסגעהערט. זיי האָבן זיך אַזש באַלעקט פון נחת. דער פאַקנטרעגער איז געווען צופרידן פון זיין ערפאָלג און גענומען איינטיילן ביכער, נאָר קיינער האָט קיין פּרוטה נישט געוואָלט געבן.

— אַז מיר האָבן שוין געהערט, וואָס דאַרפן מיר קויפן? — האָבן די קאָזאַק-לייט געטענהט.

פון כינעזער איז אָפּגערעדט. אָן אַ שיער זענען זיי אין מאָסקווע. אומעטום זעט מען זיי. דאָס זענען שוין נישט די אַלטע באַקאַנטע כינעזער, וואָס פאַרקויפן פּאַפּירענע שלאַנגען און וואַרפן מיט שטעקעלעך אין דער לופט. דאָס זענען מאָדערנע כינעזער, אַלע זענען זיי סטודענטן. זיי זענען די סאַמע עלעגאַנטסטע פון רוסלאַנד, און ברילן טראָגט יעדער איינער פון זיי, אומבאַדינגט אַ פּאָר ברילן, און נישט סתּם ברילן, נאָר אַמעריקאַנער. אין די גרעסטע רעסטאָ-ראַנען, אין די בעסטע וואַגאָנען, אין די „סליפּינגס", אין די שענסטע האָטעלן טרעפט איר זיי, אויסגעפּוצטע, אויסגעצוואָגענע, מיט שניי-ווייסע וועש, מיט עלעגאַנטע קליידער, מיט גילדערנע זייגערס און מיט מאַניקירטע נעגל.

אויסער דעם מערב-אוניווערזיטעט, וואָס מאָסקווע פאַרמאָגט און אין שפּיץ זיינעם שטייט די אַלטע בונדיסטקע „אסתּר" און איצטיקע קאָמוניסטקע „עסטער" — האָט נאָך מאָסקווע אַן אוניווערזיטעט פאַר כינעזער. פון גאַנץ כינע שטראָמען אַהער סטודענטן, און איך האָב אַן איינדרוק, אַז ענגלאַנד וועט פון דידאָזיקע כינעזישע בחורים, וואָס וועלן זיך נאָך די שטודיומס פאַנאַנדערשיטן איבער זייער פאָטערלאַנד, קיין גרויס נחת נישט האָבן.

אָבער מאָדנע אומגעלומפּערטע פאָרמען נעמט אָן דער קאָמוניזם ביי די גאָר אָפּגעשטאַנענע פעלקער אין אַזיאַטישן רוסלאַנד.

דערציילט מיר אַ באַקאַנטער אַגראָנאָם, וואָס איז געווען ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן רעפּובליק, הינטער די הרי-חושך, אַן אינטערעסאַנטן פאַקט: ער פאָרט אין באַן, קומט צו עפּעס אַן אַזיאַט מיט אַ גרויסער שוואַרצער באָרד און פאַרלאַנגט, דער אַגראָנאָם זאָל אים אָפּטרעטן דעם פּלאַץ.

— פאַרוואָס? — פרעגט דער אַגראָנאָם — דער פּלאַץ איז דאָך מיינער.

— מי קאָמסאָמאָל! — זאָגט דער אַזיאַט מיט דער לאַנגער באָרד.

ער איז אַ „קאָמסאָמאָליעץ“ הייסט עס, אַ יוגנטלעכער קאָמו־ניסט, און מען דאַרף אים אָפּטרעטן דאָס אָרט.

דער אָרגאַנאָם האָט זיך געדונגען, נאָר דער יוגנטלעכער מיט דער לאַנגער שוואַרצער באָרד האָט אַריינגערוקט די האַנט אין גאַרטל און אַרויסגעשלעפּט אַ מעסער, גרייט אַריינצוקריכן דעם אָרגאַנאָם אין האַלז, און דער אָרגאַנאָם האָט אים אָפּגעטרעטן דעם פּלאַץ.

אָט אַזאַ באַגריף האָבן דאָרטן אַ סך אַזעלכע אַזיאַטן וועגן קאָמוניזם און רעכט...

פונדעסטוועגן איז אַ סך אַרבעט אָפּגעטאָן געוואָרן אויך צווישן דעמדאָזיקן עולם.

איך פאָר אַרום מיט אַן אויטאָ איבער קרים. מיר פאָרן דורך די וווּנדערבאַרע בערג טשאַטאַרדאַק, איי־פּעטרי, אַנדערע בערג און פעלזן, וואָס הענגען איבערן ים. די קליינע טאָטערישע דערפלעך שטעקן אין די פעלזן, ווי די נעסטן פון פויגל. איך פאַרפיר גע־שפּרעכן מיט פּל־ערליי מענטשן, און איך זע, אַז עפּעס איז אין די־דאָזיקע קעפּ אַריינגעקלאַפּט געוואָרן דורך די לעצטע יאָרן.

אין איינעם אַ שטעטעלע איז דער אויטאָ קאַליע געוואָרן. איך בין אַריין איבערוואַרטן אין אַ קליין ברודיק טאָטעריש גאַסט־הייזל. איך האָב באַשטעלט שוואַרצע טערקישע קאַווע מיט ראַכאַטלאַקום, זייער אַ געשמאַקע קאַווע און זייער אַ נודנע פאַרבייסעכץ. ביי מיין טיש זענען געזעסן אַ קאָמפּאַניע שוואַרץ־אויגיקע, שוואַרץ־וואָנסנדיקע, ווייס־ציינ יקע פאַרשויינען און געגוידערט ווי די אינדיקעס. אין איין מינוט זענען אַלע גרייט געווען מיך אָפּצוציען פון קאָפּ ביז די פיס. נישט, חלילה, זיי האָבן מיך געוואָלט באַרויבן, זאָל גאָט אויסהיטן, נאָר אָפּקויפן ביי מיר מיינע קליידער. איינער איז שוין גרייט געווען ביי מיר אָפּקויפן דעם קאָסטיום, אַ צווייטער די שיך, אַ דריטער דעם היט, אַ פערטער דעם מאַנטל און אַ פינפטער דאָס העמד.

קיינער ווערט נישט אַזוי נתפּעל פון אַן אויסלענדיש מלבוש, ווי די טערקן, גרעקן און קאַווקאַזער. זיי האָבן זייער שטאַרק ליב זיך צו פּוצן, פּראַנטעווען. אין איין מינוט, ווען איך וויל נאָר, וואָלט איך אַרויס פון קאַפע־הויז מיט אַ פולן בייטל געלט, נאָר נאַקעט...

— סקאָלקאָ כאָש? האָט יעדער געפרעגט.

פון מסחר איז גאָרנישט געוואָרן. נאָר אַ געשפּרעך איז גע־וואָרן אַ הייסער. געריידט האָבן אַלע לכּבוד מיר רוסיש, זייער אַ שלעכטן, אַזוי, אַז איך בין שוין געווען צווישן זיי שיער אַ פּראָפע־סאָר פון רוסיש — און פאַרטראָטן זענען דאָ געווען פון אַלע מינים: טאָטערן און טערקן און אַרמענער און גריכן און בולגאַרן, אַלץ פעלקער, וואָס כאָטש אַלע האָבן זיי איין פּנים און אַלע האָבן ל״ב שוואַרצע קאָווע און האַלב-געבראָטענעם שאַשליק, האָבן זיי זיך דאָך נישט געקענט, איבערהויפּט די טאָטערן און די טערקן מיט די אַרמע־נער, די גריכן מיט די טערקן א. א. וו.

אָנפאַנגס איז דער געשפּרעך געגאַנגען געמיטלעך, נאָר באַלד איז ער אַרויף אויף די הויכע טענער. אויגן האָבן אָנגעהויבן בליצן, ציין גלאַנצן, וואָנסן ציטערן.

מען האָט זיך געהיצט, און ווי שטענדיק איז מען אַרויף מכּח דעם אַלטן רוסלאַנד און דעם איצטיקן.

פאַרשידן זענען געווען די טענות. איינער האָט געהאַט טענות, למאי מען האָט אַ תּל געמאַכט פון קרים. אַמאָל זענען געווען דאָ בלויז פירשטן, גראַפן, קיסרים, מען האָט פאַרדינט ביי זיי, געלעבט, היינט האָט מען אַריינגעפּאַקט אין די פּאַלאַצן פּויערן, אַרבעטער, און מ׳האָט נישט מיט וועמען צו האַנדלען. אַ צווייטער האָט געהאַט טענות, למאי ס׳איז נישטאָ קיין מאַנופאַקטור, אַ דריטער האָט גע־שריען, למאי דער קאָראַן ליגט נעבעך אין דער ערד, עס גייט אונ־טער דאָס ביסל תּורה.

פון דעם איז מען אַריבער צו אייגענע נאַציאָנאַלע מחלוקות. די בלוטן האָבן זיך צעקאָכט, און איך האָב שוין אָנגעהויבן מורא האָבן, אַז די טאָטערן מיט די אַרמענער און די גריכן מיט די טערקן זאָלן זיך נישט אָנהויבן קוילענען.

נאָר אינמיטן האָט זיך אַוועקגעשטעלט איינער אַ יונגער יונג מיט אַ פּאָר פייערדיקע אויגן און געהאַלטן אַ שלום-רעדע.

אַ מוסטערהאַפטע רעדע איז דאָס געווען.

„אַמאָל — האָט דער יונג מיט די פייערדיקע אויגן געזאָגט — אַריין די טערקן, געשניטן די אַרמענער; דערנאָך אַוועק די טערקן, אַריין ענגלענדער, האָבן אַרמענער געשניטן די טאָטערן; אַרויס

ענגלענדער, טאָטערן געשניטן אַרמענער, איינער אַנדערן געשניטן, איך דיך געשניטן, דו מיך געשניטן, און עס איז געווען נישט גוט.

„פאַרוואָס געשניטן? הע, פאַרוואָס? — ער זאָגט, איך מאַכמעדאַנער, דו קריסט, איך דיך דאַרף שניידן; דו זאָגסט — דו מאַכמעדאַנער, ער קריסט — איך דיך דאַרף שניידן. און עס איז נישט גוט. פאַרוואָס? איך דיך היינט שעכטן — דו מיך מאָרגן שעכטן. איצט געוואָרן אַלץ איינס. אַלע ברידער, איינער אַנדערן נישט שעכטן".

אָט אַזאַ רעדע האָט דער יונג געהאַלטן. אַלע האָבן מיטאַמאָל זיך אויפגעהערט קריגן און מען האָט באַשטעלט ביי דעם טאָטער אויפסניי טעלער שטאַרקע טערקישע קאַווע און שטיקלעך ראַכאַלאַקום...

ווער עס קען די טאָטערן און די אַרמענער און זייערע באַציונגען, דער קען פאַרשטיין וויפל מי און אַרבעט עס איז אָפגעטאָן געוואָרן, ביז מען האָט געקענט אַריינשלאָגן אין די רונדע, דין-געשוירענע האַרטע טאָטערישע קעפ אָט די דאָזיקע פשוטע תורה!

* * *

מער צו צפון צו, ווו עס איז שוין עטוואָס קעלטלעכער, אויף פלאַך-ערד, אויף סטעפ, ליגן מערסטנס יידישע קאָלאָניעס אין קרימער געגנט.

איך פאָר אַריין קיין דזשאַנקאָי, אַ שטעטל, ווו עס געפינט זיך דער הויפּט-קאַנטאָר פון „דזשאָינט". מען קומט אָן שפעט באַנאַכט, נאָך צוויי אַ זייגער. איך בין איבערצייגט, אַז ווי אומעטום וועלן זיך אויך דאָ לאָזן אויף מיר אַ חברה באַן-טרעגערס און באַלעגאָלעס און כאַפן מיין רייזע-טעשל, נאָר קיינער קומט נישט. איך קום אַריין אין וואָקזאַל, קיינער וואַרט נישט. בלויז עטלעכע פאַסאַזשירן זיצן אויף פעקלעך און דרימלען.

נישטאָ קיין באַלעגאָלעס, קיין טרעגער, קיין האָטעל-דינער.

— וואָס טוט מען? — פרעג איך ביים פאַרשלאָפענעם בופעטבאַלעבאָס, דעם טאָטער.

— מען מוז איבערנעכטיקן אויפן וואָקזאַל — גיט ער מיר אַן עצה.

נאָך אַ גאַנצער וואָך אַרומשלעפּן זיך איבער וועגן, איז עס נישט אַזאַ געשמאַקער ביסן.

באַלד קומט צו אַ רוסיש מיידל מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ, אַ מיידל אַ יונגס, אַ שיינס, און זאָגט מיר אויפן קול:

— איר ווילט איבערנעכטיקן, בירגער? — קומט מיט מיר.

איך קוק זי אָן אַ ווײַלע, זי גיט מיר צו חשק:

— נישט טייער, אַ רובל.

איידער איך באַוויז איר געבן אַן ענטפער, גייט זי שוין צו צו אַלע איבעריקע מענער, וואָס זענען אָנגעקומען, און רופט צו זיך:

— אַ רובל, בירגער, אַ רובל...

איך בין אויסער זיך — אַזוי עפנטלעך? און אַזויפיל געסט? און אַזוי ביליק?.. נאָר אָט גייט צו דאָס מיידל צו אַ פרוי מיט צוויי קינדער:

— קומט, בירגערין, פון אייך אַ רובל, פון די קינדער צו פופציק קאָפּיקעס, אין אַלע אַכסניות אַזוי...

פאַרשעם איך זיך אַליין פאַר מיין נאַרישקייט און גיי מיט מיט אַלע פּאַסאַזשירן מיט די פּעק אין די הענט. מיר שלעפּן זיך אַ צייט אין דער פינסטער, ענדלעך קומט מען צו אַ קליין הייזל.

— בויגט איין דעם קאָפּ, בירגער, איר וועט זיך נאָך צעקלאַפּן.

איך בויג איין דעם קאָפּ.

אָט איז עס! שטעלט אַוועק דעם טשעמאָדאַן.

מיר ווערט פינסטער אין די אויגן פון מיין דזשאַנקאָיער האָטעל. אין אַ נידעריקער פּויערישער קוים־באַלויכטענער שטוב ליגן אויסגעלייגט אַ צוויי צענדליק פאַרשווינטן, אויף בענקלעך, אויף באַנק־בעטלעך, אויף טאַפּטשאַנעס, אויף דער ליימענער פּאָדלאָגע, און מען שנאָרכט מיט סכּנת־נפשות.

איינער אַ פאַרשוין אין די בלויזע וועש און מיט אַן אָנגעכמורעטע פּנים זיצט אויפן בעטל און זוכט געשמאַק אין דער וועש זיינער.

— סוואָלאָטשי — זידלט ער — ליג אָפּ אַ נאַכט און פּיטער

די וואַנצן מיט די פליי! טייוואָלים, אַ רובל גיב זיי נאָך דערפאַר, אַ האַלב קערבל טויג זיי נישט...

דער עיקר פאַרדריסט אים אויף דעם רובל. ווען מען נעמט ביי אים בלויז פופציק קאָפּיקעס, וואָלט ער שוין די פליי מיט די וואַנצן געפּיטערט...

— לייגט זיך! — זאָגט די באַלאַבאָסטע, — און פאַרלעשט דעם לאָמפּ, אַ שאָד נאַפט...

זי ווייזט מיר אויף אַ ברייט בעט, וואָס שטייט אינמיטן שטוב. אַגב, ליגט שוין דאָרט אַ מאַטראָס צעלייגט איבער דער ברייט פון בעט און פייפט מיט דער נאָז.

— מען שלאָפט שוין דאָ! — זאָג איך.

— ניטשעוואָ! דאָס בעט איז ברייט, איר וועט שלאָפן אין צווייען.

די אויסזיכטן זענען גאָרנישט וואַזשנע. אויף די טונקעלע ווענט פון דער פויערישער כאַטע הענגען אַ סך פאָטאָגראַפיעס. עפעס אַזעלכע באַנדיטישע פּנימער זענען אויף די פאָטאָגראַפיעס, וואָס איז זעלטן צו געפינען אַזעלכע. עס זעט אויס, ווי דאָ וואָלט זיין אַ פּאָליציייִשע אויסשטעלונג פון גזלנים און פאַרברעכער.

— וואָס לייגט איר זיך נישט, בירגער?

— אַזוי זיך! אפשר קאָנט איר מיך צופירן צו אַ האָטעל.

— איר זענט דאָך אין אַן אַכסניה! ס׳געפעלט אייך נישט?...

— יאָ, נאָר עס וואָלט נישט אויסמאַכן אַן אַנדערע...

דער עולם קוקט אויף מיר מיט בייזע אויגן. די באַלאַבאָסטע, אַ האַלב אויסגעטועטע, באַטראַכט מיך ווי אַ צעררודערטן.

— איך וועל אייך באַצאָלן דעם רובל, פאָרן וועג אייך געבן באַזונדער...

— וויפל?

— וויפל ווילט איר?

— אַ דריייערל.

— זאָל זיין.

— גוט, איך וועל אויפוועקן די מיידלעך, וועלן זיי אייך פירן, ס׳איז ווייטלעך און פינסטער.

נאָך גרויסע ווקעבישן און ברומענישן הויבן זיך צוויי מיידלעך אויף פון שלאָף און פירן מיך איבער חושכדיקע געסלעך.

— אָט דאָ, האָטעל צענטראַל.

איך צינד אָן אַ שוועבעלע, דער „האָטעל צענטראַל'' מאַכט נישט קיין גוואַלדיקן איינדרוק. אויף דער טיר איז אָנגעשריבן אויף טאָטעריש און רוסיש: „אַלי סולצימעיגאָוו".

מען קלאַפּט אָן. הינט צעבילן זיך. מען קלאַפּט אַ מינוט פינף, צען, פופצן, ענדלעך באַווייזט זיך אַ צעשויבערטער קאָפּ.

— קטאָ?

— אַ נומער, ביטע!

— נישטאָ.

— אַ בעטל כאָטש!

— נישטאָ.

— לאָזט אַזוי אַריין. איך וועל מוזן נעכטיקן אויף דער גאַס• דער באַלאַבאָס, דער טאַטער, לאָזט מיך אַריין. די מיידלעך, די באַגלייטערקעס, האָבן חרטה אויפן פּרייז.

— דערלייגט עפּעס, כאָטש אַ פינפערל פאַרדינגען.

איצט ערשט נעמט מיין האַלב־נאַקעטער טאָטער אויספאָרשן.

— ווער ביזטו?

— אַזוינער און אַזוינער.

— אַ ייד?

— אַ ייד!

— צוליב וואָס ביכטו געקומען?

איך דערקלער.

— אַ פּאַס פאַראַן?

— פאַראַן.

— זעץ זיך אַוועק, קיין בעט איז נישטאָ.

איך זעץ זיך אַוועק און לייג אונטער אַ פויסט צוקאָפּנס. איידער איך באַוויז נאָך אַנטשלאָפן ווערן, הויבט אָן עמיצער זינגען, אַזוי אומעטיק, געדרייט, געציקלט, ווי מען זאָל אָפּריכטן חצות.

— איי, לאַ, לאַ, לאַ! — אַאַאַ!

אין אַ ווינקל, צווישן אַלע ליידיקע פלעשער פון ביר און „בוזא", זיצט אַן עלטערער נפש מיט איין אויסגעדרייטן פוס און זינגט אין מיטן נאַכט אַזוי טרויעריק, געציקלט, אַז אַ גרויל נעמט אָן. אויף מיר קוקט ער אַפילו נישט, נאָר זינגט, מאָנאָטאָן, לאַנג, אָן אַן אויפהער. צי דאַוונט ער דאָס אַזוי, צי זינגט ער? דער רוח ווייסט אים!

און פאַרטאָג, פונקט ווען דער שלאָף איז דער שטאַרקסטער, ווען די האַרטע באַנק איז זיס ווי פוך, הויבן שוין אָן אָנקומען טאָטערן פון אַלע זייטן. עס ווערט אַ טומל, אַ גערודער, עפּעס אַ דיקער טאָטער מיט אַ געגאָלטן קאָפּ ברענגט צושלעפּן אַ שעפּס, אַ געשאָכטענעם, און שניידט פון אים שטיקער, און טאָטערן שרייען מיט געוואַלדיקע קולות.

דאַכט זיך אויס, אַז זיי זאָגן כסדר:

— שאַלאַ, כאַלי, פאַלי...

איך זעץ זיך אויף. פון שלאָפן איז אָפּגערעדט. איך האָב נאָר מורא, אַז אָט, אָט, וועלן אַלע טאָטערן פון גרויס כעס זיך אָנכאַפּן ביי די קעפּ, דערהרגענען זיך איינס דאָס אַנדערע צוזאַמען מיט מיר. נאָר ענדיקן ענדיקט עס זיך סך הכל מיט טרינקען שוואַרצע קאַווע און מיט עסן שאַשליק, האַלב-רוי שעפּסן-פלייש, וואָס שמעקט גאָר נישקשהדיק אונטער.

# חקלאי

וואַרעמט די זון אינמיטן ווינטער ווי ערב פּסח און דער אויטאָמאָביל אונזערער פֿליט איבער די האַרטע און שלעכטע וועגן. מיר זענען שוין אַ חזיר איבערגעפֿאָרן, הינער אַנטלויפֿן, הינט יאָגן נאָך, און מיר לויפֿן אַלץ. אַ ליאַדע טאָג קאָן מיאוס ווערן און מיר דאַרפֿן אַריינכאַפּן וואָס מער.

קומט מען צו צום דאָרף „חקלאי". די אַלט-באַקאַנטע „דזשאָינט"-הייזלעך מיט די רויטע ציגל-דעכער דערציילן גלייך, אַז עס איז אַ יידיש דאָרף.

פֿון לשון-קודשדיקן נאָמען פֿון דאָרף בין איך איבערצייגט, אַז דאָ דאַרפֿן זיצן בלויז ציוניסטן, העברעיסטן, ווייזט זיך אַרויס, אַז יידן זיצן דאָ פּראָסטע, געוויינלעכע, ווי אומעטום.

— מערסטנס מענער זענען נישטאָ אין דערהיים. יעדער זוכט זיך אַ שטיקל פֿאַרדינסט, דורכצולעבן די שווערע צייט. וואָרום אַ געראָטעניש איז געווען אַ שלעכטס אין גאַנץ קרים. ביז דעם שניט האָט זיך געוויזן שיין, גלענצנד, נאָר אין דער סאַמע לעצטער מינוט איז אַ ווינט געקומען, אַ טרוקענער ווינט, וואָס האָט אויסגעטריקנט דעם ווייץ.

עפּעס אַלטע געדאַנקען קומען אין קאָפּ, מעשיות פֿון חומש, עפּעס דערמאָנט זיך אָן חדר, ווי דער רבי איז געזעסן און געלערנט „ורוח עזה, און אַ שטאַרקער ווינט איז געקומען און האָט אויסגעשלאָגן די קערנער אין מצרים"...

ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז קליינשטעטלדיקע יידן פון טשערנאָביל און פּראָסקוראָוו, פון פּאָדאָליען און וואָלין, וועלן, ווי אַמאָל די מצריים, געשלאָגן ווערן מיט אַ מכה פון ווינט, וואָס וועט זיי אויסשלאָגן זייערע קערנער.

דאָס איז נישט קיין ריין-יידישע מכה. אַלע פּויערים אין די קרימער דערפער האָבן געליטן פון דער מכה-ווינט. אָנשטאָט אַרויס-נעמען פון אַ דעסאַטין ערד פון 70 ביז 100 פּוד תבואה, האָט מען אַרויסגענומען 30 פּוד, 20 פּוד און אַפילו ווינציקער אויך. קעגן דעם קאָן קיינער קיין חכם נישט זיין, אַמאָל געראָט און אַמאָל נישט, און יידן זוכן זיך פּרנסה. אין טייל קאָלאָניעס פירט מען שטיינער, כדי אַוועקצושטעלן שולן פאַר די קינדער, און ווער עס האָט אַ פּאָר פערד אָדער אַ פּאָר אָקסן פירט שטיינער און פאַרדינט עטלעכע רובל אַ טאָג.

אָט ציען זיך גאַנצע מחנות מיט פורן שטיינער. עס פירן על-טערע יידן און יונגע בחורים, יינגלעך און אַפילו ווייבער. ווי גוים זעען זיי אויס אין די פּעלצלעך און שטיוול, נאָר קוקט מען זיך צו נענטער, גיבן אַ בליק אויף אַ פּאָר יידישע ווייכע אויגן. און ווי גוט עס גיבן זיך אַן עצה די יידישע ווייבער מיט די אָקסן זייערע! זיי זענען נאָך ווילדע, די אָקסן, נישט צוגעוווינט צו קיין אויטאָמאָביל. און זיי שרעקן זיך, וואַרפן מיט תמעוואַטע קעפּ, מיט די ריזיקע הערנער, און ווילן אַראָפּ פון וועג מיט דער פור שטיי-נער. נאָר די ווייבער קעמפן מיט זיי. גיך, געשיקט לויפט אונטער די יידענע די באַלעגאָלעכע, כאַפּט אָן די פּאָר צעשראָקענע אָקסן ביי די קעפּ און לאָזט זיי נישט אַראָפּ פון וועג.

— אַמאָל — דערציילט מיר דער אַגראָנאָם, — פלעגן די מאַנסבילן ציטערן צוגיין צו די אָקסן, זיי זאָלן זיי נישט כאַפּן אויף די הער-נער, היינט גיבן זיך די ווייבער מיט זיי אַן עצה, זעט!

דאָס דאָרף „הקלאי" ליגט ביי דער באַן-סטאַנציע. דאָס איז אַ גרויסע מעלה פאַרן דאָרף. מען קאָן פירן אין שטאָט אַריין, מען פאַרקויפט טייערער מילך, פּוטער, אייער. מיט דער צייט וועלן אַלע דאָ זיך זייער גוט איינאָרדענען, אָבער דערווייל איז נאָך אַלץ שווער.

— איי, דער „אוראָזשאַי" — קרעכצן יידן און ווייבער — דאָס אומגערעטעניש האָט אַ תל געמאַכט.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלעמען איז דאָ גלייך, טייל איז גאָר שלעכט, מען האָט נישט מער ווי איין פערדל און מיט איין פערדל קאָן מען קיין שטיינער נישט פירן. אַנדערע האָבן צו עטלעכע פערד, בהמות, און דאַרפן געלט, כדי צוצובויען זיך נאָך אַ שטאַל.

— איינער קלאָגט — זאָגט אַ יידענע, וואָס רייניגט אַ בהמה די פיס פון צוגעקלעפטן מיסט — וואָס די פערל זענען אים שיטער, און אַן אַנדערער קלאָגט, וואָס די זופּ איז אים שיטער...

דאָס איז אָפּהענגיק פון פאַרשידענע אומשטענדן, איינער קומט מיט ליידיקע הענט, נאָר ער אַרבעט גוט, פוילט זיך נישט, האָט ענערגיע, פעיקייטן און אינגיכן איז ער איינגעאָרדנט, און אַ צווייטער קומט מיט געלט, מיט בהמות, און בלייבט אַ קבצן.

פונקט ווי ביי יעדער באַשעפטיקונג, ווייזט זיך אַרויס, איז אויך ביי ערד דער עיקר דאָס בריהשקייט פון מענטש, און טאַקע צוליב דעם וואָס יידן פאַרמאָגן אַנטשלאָסנהייט, ענערגיע, אונטערנעמונגס-גייסט, האָבן זיי אַ גוטע צוקונפט אין די קאָלאָניעס.

אָבער נישט אַלע יידן זענען איין ייד — און יעדער אָרדנט זיך אַנדערש איין.

מיר גייען ווידער פון שטוב צו שטוב, פון ווירטשאַפט צו ווירטשאַפט. אין איין הייזל טרעפן מיר אַן עלטערע בכבודע פרוי שטייען ביי אַ שטייג מיט קליינע חזירימלעך און פּאַרקען זיך. די פרוי זעט אויס נישט ווי קיין פויערטע, נאָר ווי אַ שטאָטישע דאַמע, אַ נגידותטע.

— מיינע קינדערס... ברומט זי.

זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט האָבן קיין חזרים ביי זיך. אמת, דאָס גיט אַ סך, ס'ברענגט פרנסה, אָבער זי קען נישט, נישט געוווינט. אָבער די קינדער קוקן אַנדערש דערויף. זיי זענען פּראַק-טישער, אָן סענטימענטן, האָבן זיי איינגעקויפט חזירימלעך און אַריינגעזעצט זיי אין אַ קאַסטן מיט גראַטעס — און די בכבודע מאַמע מוז אַרומגיין אַרום זיי. די קינדער זענען געפאָרן מיט די פערד אָדער אָקסן, און ווער דען זאָל אַכטונג געבן אויף די חזירימלעך?

אין לעצטן הויז טרעפן מיר אַ געזונטע ענערגישע פרוי אין שטאַל פון פערד. אויף אונזער אָנקומען לאָזן זיך אַרויס עטלעכע קינדער אָן שיכלעך, באָרוועסע. די מוטער טרייבט זיי אַריין אין שטוב.

— קודאַ? — שרייט זי — דאָמאָי!

— זיי האָבן נישט קיין שיכלעך — קלאָגט זי זיך — נישטאָ פאַרוואָס צו קויפן.

די באַלעבאַטישקייט איז אַפילו גאָר אָנשטענדיק. אַט שטייען אין שטאַל אַ פּאָר שיינע פערד, פאַראַן עטלעכע קי און הינער און אַ שיין הייזל און שטאַלן — נאָר פאַרקויפן עפּעס אויף שיך פאַר די קינדער קאָן מען נישט.

— נו, פרעג איך אייך! — זאָגט די ענערגישע פרוי — זאָל איך פאַרקויפן אַ קו! אַט דאַרף זי זיך אינגיכן קעלבן, אַ קעלבל וועט זיין, מילך, קאָן מען אַזוינס טאָן?

די קינדער לאָזן זיך לויפן באָרוועסע איבערן הויף, יאָגן זיך, באַהאַלטן זיך אין די קופּעס שטרוי. די מוטער יאָגט זיי אַריין, זיי זאָלן זיך נישט פאַרקילן, נאָר ווער הערט זי!

זייער שמחה איז אַזוי גרויס, וואָס זיי קאָנען אַרומלויפן אויף דער פרייער לופט, אַז דאָס אַליין פילט זיי אָן מיט וואַרעמקייט.

— איך וועל בעסער אָפּצאָלן די חובות — טענהט די פרוי — און די קינדער וועלן שוין איבערזיצן אַ ווינטער אָן שיך. אפשר וועט דאָס צווייטע יאָר זיין בעסער, אַבי נישט קיין חובות...

— גוטע באַלעבאַטים — זאָגט דער פאָרזיצנדער פון דאָרף אַוועקגייענדיק.

און גלייך ביים אַוועקגיין קומט אויס הערן פון אַ קאָלאָניסט אַן אַנדער מיינונג.

— וואָס הערט זיך? — פרעגט אַ ייד מיט אַ פאַרדאגהטן פּנים — מען וועט געבן קרעדיטן?

דער פאָרזיצנדער פון דאָרף וואָרנט:

— גלייכער נישט נעמען, נעמען איז גרינג, אָפּגעבן איז שווער, גלייכער איבערליידן.

נאָר דער ייד מיטן פאַרדאגהטן פּנים האַלט זיך ביי זיינס:

— זאָל מען נאָר געבן, וועגן אָפּגעבן וועט מען שפּעטער זאָרגן...

דער פּאָרזיצנדער פון דאָרף לאַדט מיך איין אויף מיטאָג צו זיך. ער געהער צו די פּאַרמעגלעכערע, אויסער ערד, איז ער אויך אַן אָנגעשטעלטער אין מאַגאַזין פון „דזשאָינט״, וווהין די קאָלאָניסטן קומען איינקויפן פאַרשידענע זאַכן.

ביי אים אין קיך זיצט אַ גאַנצע חברה גוים אויף נידעריקע בענקלעך, אויף די קניען, עסן פון אָרעמען מאָלצייט, שוואַרץ ברויט מיט קנאָבל, און פאַרטרינקען מיט וואַסער פון זעלנערישע צינערנע פלעשלעך.

זיי אַרבעטן דאָ ערגעץ אין שכנות, זענען זיי אַריינגעקומען צום פּאָרזיצנדער אין קיך פאַרוועץ אַ סעודה

דער פּאָרזיצנדער באַגריסט זיי זייער פייערלעך

— מיט ברויט און זאַלץ!

— מיר בעטן מיטעסן — זאָגן די גויים.

די גאַנצע צערעמאָניע אַרום דעם ברויט, קנאָבל און וואַסער, מאַכט עפּעס אַ ביבליש-פּאַטריאַרכאַליש-אָפּערעטישן איינדרוק.

אין שטוב ביים פּאָרזיצנדער פון דער קאָלאָניע איז ריין, ציכטיק, גרויס-שטעטיש. נישט לאַנג נאָך איז דער פּאָרזיצנדער געווען אַ ייד אַ נגיד, אַ וואַלדהענדלער. איצט האַנדלען נאָך אויך זיינע ברידער מיט וואַלד און פאַרדינען. אין יעדן בריוו שרייבן זיי אים, ער זאָל זיך נישט פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט ערד, צוריקקומען אין שטעטל צו זיך און האַנדלען בשותפות, נאָר ער וויל נישט.

— דאָ בלייב איך! — זאָגט ער פעסט.

עס קומט אַריין זיין שווער, אַ ייד מיט אַ גרויסער באָרד.

דער ייד זעט אויס וואַזשנע, אַ מוועניקסטנס וואָלט ער געדאַרפט זיין אַ שוחט אָדער אַ ראש-הקהל, דאָ אין דאָרף „הקלאי״ איז ער אַ „סטאָראָזש״, אַ נאַכט-וועכטער, ער היט באַנאַכט דעם מאַגאַזין פון „דזשאָינט״ און בייטאָג שלאָפט ער.

די אַלטע זיינע שעמט זיך אַ ביסל. אויף דער עלטער איז איר מאַן, דער מיוחס אין שטעטל, געוואָרן אַ „סטאָראָזש״ אין אַ דאָרף. נאָר דער אַלטער אַליין שמייכלט. זיינע קינדערשע אויגן זענען פול מיט פרייד.

— אַבי מען לעבט — זאָגט ער און ער ווישט אָפּ די הענט, זאָגנדיק שאו ידיכם...

# אַ ריכטער

אין מאַגאַזין פון דזשאָינט באַקען איך זיך מיט אים. מיט אַ זאַק אין האַנט שטייט ער, אַ פירעקיקער, אַ פעסט־געבויטער, מיט אַ געשוירן העל בערדל, וואָס מאַכט אים ענלעך צו אַ דייטשן קאָלאָניסט.

מיר רעדן זיך פאַנאַנדער און דער ייד דערציילט מיר וועגן זיך.

ער איז אַליין אַ דזשאַנקאָיער, יאָרן־לאַנג געווען אַ שמיד. ווען די רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן, האָט מען אים געמאַכט פאַר אַ ריכטער, פאַר אַ פאָלקס־ריכטער אין דזשאַנקאָי.

עטלעכע יאָר צייט איז ער געווען ריכטער, מען איז פון אים געווען צופרידן, נאָר אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן די קאָלאָניזאַציע־באַוועגונג אין קרים, האָט ער אַוועקגעוואָרפן זיין לייכטע און בכבודע ריכטער־שטעלע און באַזעצט זיך אויף דער ערד אַרבעטן שווער און ביטער.

— פאַרוואָס? — פרעג איך.

— גלייכער באַאַרבעטן די ערד, איידער משפטן מענטשן — זאָגט דער פירעקיקער פעסט־געבויטער ייד.

מיר רעדן ווייטער, דער ייד דערציילט:

— איצט עפנט זיך אין דזשאַנקאָי אַ יידיש געריכט. פאַראַן אַ רוסישער געריכט, אַ טאַטערישער, און איצט מאַכט מען אויך אַ יידישן געריכט פאַר יידן. מען בעט מיך, איך זאָל צוריק אָננעמען דעם פאָסטן, נאָר איך וועל עס נישט טאָן.

דער פאַרוואַלטער פון מאַגאַזין לייגט אָן דעם ייד אַ פולן זאַק מיט פאַרשידענע סחורות. אָט מיט דעם פולן זאַק אויף די פלייצעס

דאַרף דער ייד דורכמאַכן צופוס היבשע וויאָרסטן. אפשר האָט ער נישט קיין פערד און ער האָט געמוזט קומען צופוס מיטן זאַק, אפשר האָט ער יאָ אַ פערדל, נאָר דאָס פערדל איז באַשעפטיקט אין דער היים מיט אַ וויכטיקערער אַרבעט? און ער גייט צופוס אין אַן אַנדער קאָלאָניע — און זיין פאַרגרעבט פנים איז צופרידן.

ער וואָלט איצט געקאָנט זיצן אין אַ וואַרעמען געריכטס-זאַל, ביי אַ רויט-געדעקטן טיש, אַרום אים זאָל זיצן אַ סעקרעטאַר, אויף די בענק זאָלן זיצן מענטשן, באַשולדיקטע, עדות, יעדער זאָל אים קוקן אין די אויגן, אויסטענהן זיך פאַר אים, אַדוואָקאַטן זאָלן זיך ווענדן צו אים, וואַרטן אויף זיין וואָרט — און יעדעס מאָל, וואָס אים וועט זיך גליסטן טרינקען אַ גלאָז טיי, זאָל דער סעקרעטער פייערלעך אויסרופן:

— דער חבר ריכטער גייט זיך באַראַטן. אויפשטיין!

נאָר ער וויל דאָס נישט.

ער וויל בעסער גיין וויאָרסטן ווייט מיט אַ שווערן זאַק אויף די פלייצעס איבער דער האַרטער ערד

— ווייל גלייכער באַאַרבעטן די ערד, איידער משפטן מענטשן...

אַפנים, די לאַמעדוואָוניקעס האָבן זיך גענומען צו קאָ-לאָניזאַציע.

# מענטשן

פאָרן מיר אַלץ אַזוי כסדר פון דאָרף צו דאָרף, פון פונקט צו פונקט. דער שאָפער, אַן אָפּגעבליאַקעוועטער גוי מיט שטרויענע וואָנסן, האַלט כסדר דעם קאָפּ אין אַ זייט און רעדט.

— פון וואַרשע? — פרעגט ער מיט פרייד.

— פון וואַרשע.

— און ווי אַזוי זעט אויס וואַרשע, אַלץ נאָך אַזוי שיין ווי אַמאָל?

— דאָס זעלבע.

— איי, איי, איי — באַקלאָגט זיך דער גוי. — אַ לעבן דאָרט געווען, ער אַ לעבן! נו און פון גראַף (ער רופט אָן אַ נאָמען פון אַ גראַף) ווייסט איר?

— געהערט.

— אַ לאָקיי בין איך ביי אים געווען — זאָגט דער גוי מיט שטאָלץ — עטלעכע יאָר צייט.

נאָך דעם ערשטן גראַף, הויבט ער זיך אָן פרעגן אויף אָן אַ שיער גראַפן. איך ערקלער אים, אַז איך בין צווישן די גראַפן נישט אַזאַ שטאַרקער איינגייער, נאָר דער גוי מאַכט זיך נישט דערפון, ער האַלט אַלץ אין איין דערציילן וועגן זיינע לאַקייאישע פּאָסטנס ביי די גראַפן און די אויגן זיינע לויכטן פון פרייד, נישטאָ דער גראַף, ביי וועלכן דער גוי זאָל נישט האָבן געווען קיין לאַקיי.

— נו, און איצט ווי לעבט זיך? — פרעג איך אים.

— חזירייי! — ענטפערט ער און מאַכט אַוועק.

דעם אַגראָנאָם גאַדלעווסקי, אַ ווילנער ייד, וואָס מאַטערט זיך נעבעך רעדן כאָטש איין וואָרט יידיש און קאָן נישט, פאַרדריסט דעם שאָפערס ענטפער.

— ער פאַרדינט גאַנץ גוט — זאָגט ער מיר — נעמט אַ גוטן חודש-געהאַלט, האָט איבער-שעהן, און צום בענזין דערלייגט ער אויך נישט...

נאָר דער שאָפער האַלט זיך ביי זיינס.

— נישט אין געלט — זאָגט ער — גייט עס, נאָר אין לעבן... אַ מענטש האָט דעמאָלט געלעבט, אַ לאָקיי געווען, אין ליבעריען געגאַנגען, און איצט...

ער ווייזט אויף זיין רויטן פויערישן פעלץ. — אַ ווייַלע פילט זיך אַ ווידער-טעם — „אפשר וויל ער טאַקע זיין אַ לאָקיי, דער מענטש?” — נאָר אָט קומט מען צו צו אַ דאָרף, אַפילו נישט צו קיין דאָרף, נאָר צו אַ פּונקט, אַ נומער, אויף וועלכן עס שטייען עטלעכע יידישע הייזלעך. נאָך נישט אַלע דערפער האָבן שוין נעמען, טייל האָבן בלויז נומערן. דאָס מאַכט אַ מאָדנעם איינדרוק. מענטשן אַר-בעטן, האָרעווען, לעבן, און זייער אָרט האָט אַפילו נישט קיין נאָמען,

בלויז אַ נומער — מיר שטעלן זיך אָפּ, און שוין צעפּליסן אַלע פּרי־ ערדיקע שלעכטע געדאַנקען וועגן מענטשן.

פאַר אַ דאָרפישע הייזל שטייט אַ יונגערמאַן מיט אַ נישט־ געגאָלט פּנים און לייגט אַ דאַך איבערן הייזל. — דערזעענדיק אונז צופאָרן, שטעלט דער יונגערמאַן אַוועק דעם עמער מיט ליים, ווישט אָפּ די הענט אָן פאַרטוך און פירט אונז אַריין אין הייזל.

אין הייזל זיצט אַ פרוי מיט עטלעכע קינדער. נאָך אָרים דער־ וויל דאָ, ווי אין אַלע נייע דערפלעך. דער מאַן אירער איז אַוועק פירן שטיינער ; דער יונגערמאַן, וואָס פאַרריכט דעם דאַך, איז אַ שכן.

מיר רעדן זיך פאַנאַנדער. די יידענע ענטפערט קוים. ס'איז נישטאָ אויף איר וואָס פּאַראיבל צו האָבן — זי איז נאָך נישט צוגע־ וווינט צו אַזאַ הארטן אָרעמען דאָרפישן לעבן. דער יונגערמאַן, וואָס האָט פאַרריכט דעם דאַך, קלאָגט זיך נישט.

— ביסלעכווייז — זאָגט ער — אַלץ ביסלעכווייז, מ'וועט זיך איינאָרדנען.

ער רעדט מיט מיר וועגן פאַרשידענע זאַכן, וועגן רוסלאַנד, וועגן דער לאַגע פון אַרבעטער אין אייראָפּע, אין אַמעריקע. ער זאָגט אַרויס זיינע מיינונגען, איך — מיינע. קומענדיק צו רייד וועגן דער לאַגע פון די אַרבעטער אין אַמעריקע, זאָג איך אַרויס מיין מיינונג, אַז רוסלאַנד וואָלט זיך ווינשן, דאָס אירע אַרבעטער זאָלן אין פינף יאָר אַרום לעבן אַזוי גוט, ווי די אַמעריקאַנער.

דער יונגערמאַן פרעגט מיך געלאַסן :

— איר זענט שוין לאַנג פון אַמעריקע ?

— ניין, איך בין נאָך דאָרטן קיינמאָל נישט געווען.

— פון וואַנען זשע ווייסט איר ?

— טאַקע אַ קשיה ! מיר זענען אַלע אַזוי צוגעוווינט אין איי־ ראָפּע צו דער אַמעריקאַנער עשירות, אַז מען רעדט וועגן דעם, גלייך מען זאָל עס האָבן געזען מיט די אויגן.

— איך בין יאָ געווען — זאָגט דער יונגערמאַן.

איצט דערזע איך טאַקע, אַז דאָס פאַרטוך זיינס, וואָס ער טראָגט, איז נישט קיין רוסיש — דאָס איז אַ פאַרטוך מיט אַ פּאָר הויזן צוזאַמען, ווי אַרבעטער אין אויסלאַנד טראָגן.

— שוין לאַנג זענט איר פון אַמעריקע? — פרעג איך ביים יונגנמאַן.

— ניין, אַ יאָר, סך הכל.

— קאָן מען וויסן, צוליב וואָס איר זענט צוריקגעקומען?

— צו אַרבעטן ערד.

— אַרבעטן ערד איז ביי אייך אַן אידעע?

— ניין, נאָר מיך ציט שטענדיק צו דער ערד־אַרבעט. איך בין אַ זון פון אַ כערסאָנער קאָלאָניסט.

— און אין אַמעריקע האָט איר נישט געקענט זיך דערשלאָגן צו ערד־אַרבעט?

— יאָ, נאָר אויב שוין ערד־אַרבעט, ווייל איך בעסער אין דער אַלטער היים, צווישן אייגענע.

דער יונגערמאַן אינטערעסירט מיך און איך באַמי זיך אָנצוהאַלטן דעם געשפּרעך.

— קאָן מען וויסן מיט וואָס איר האָט זיך באַשעפטיקט אין אַמעריקע?

— יאָ, איך האָב לעצטנס געאַרבעט אין פאָרדס אויטאָמאָבילן פאַבריקן, פאַרדינט פינף און דרייסיק דאָלאַר אַ וואָך. פריער האָב איך געאַרבעט ביי אַנדערע פאַכן.

— האָט איר נישט קיין חרטה וואָס איר האָט פאַרלאָזן אַמעריקע?

— ניין!

ער נעמט פון טיש אַ שטיקל שוואַרצלעך אַלטגעבאַקן ברויט, רייסט אָפּ אַ שטיקל און קייט, און ער דערציילט ווייטער וועגן זיך.

— אַ ביטער לעבן אין אַמעריקע — זאָגט ער — מען פאַרדינט דעם דאָלאַר, אמת. ס'איז געווען צייטן, ווען איך האָב פאַרדינט אַפילו אַכצן דאָלאַר אַ טאָג, נאָר עס איז מיר נישט באַקומען.

— פאַרוואָס?

— ווייל איך האָב זיך בשום אופן נישט געקענט צוגעוווינען צו זיין אַ קנעכט.

— אין וועלכער הינזיכט?

— נו, גאַנץ איינפאַך. ביי פאָרדן דאַרף דער מענטש אַרבעטן ווי אַ מאַשין, טאָמער פאַרהאַלסטו זיך אויף איין ווײַלע בלויז,

פארהאלסטו גלייכצייטיק הונדערטער מענטשן, דעם גאנצן מעכאניזם. טארסט נישט א זינג טאן, טארסט קיין ווארט נישט ארויסרעדן, און אפילו, אז מען גייט אוועק א ווײלע צוליב א מענטשלעכן געברויך, קוקט דער אויפזעער נאך, צו דו האסט זיך נישט צו לאנג געזאמט...

— אבער אזוי לעבן דאך דארטן מיליאנען ארבעטער!

— יא, אבער איך האב נישט געקענט. איך בין א זון פון א קאלאניסט, געוווינט געווען אין דער יוגנט צו פרייהייט, צו ארבעט אבער צו פרייהייט, און איך האב נישט געקענט — די דאלארן זענען מיר נישט באקומען.

— נו, און דא?

— דא? דא איז נישט גוט דערווייל, אמת, מען עסט טרוקן ברויט, ווי איר זעט, און מ׳דאנקט, אז דאס שטיקל ברויט איז דא, מען ארבעט שווער, אבער מען איז נישט קיין קנעכט.

ער קוקט זיך ארום און זאגט:

— אט זעט אליין, זיצן מיר שוין דא עטלעכע צענדליק מינוט און רעדן, קאן מיר דען עמעצער שטערן?

פון מיין ווייטערדיקן געשפרעך מיט אים ווייזט זיך ארויס, אז דער יונגער קאלאניסט מיטן אמעריקאנער פארטוך איז אין דער יידישער ארבעטער-גאס אין פארשידענע אמעריקאנער שטעט געווען א באקאנטער נאמען.

ווען מיר זענען אפגעפארן, האט ער פארלייגט א האנט צו די אויגן, באטראכט דעם גאנצן גרויסן סטעפ ארום זיך און זיך פאנאנ-דערגעשמייכלט.

קיין סך ברויט איז נאך אויף דעם גאנצן גרויסן סטעפ נישטא, נישט אלץ איז נאך באארבעט, דאס גערעטעניש איז אויך געווען א שלעכטס, אבער פרייהייט איז דא, ברייטקייט, רחבות. קיינער גיט נישט אכטונג וויפל מען רוט, וויפל מען וויל רעדן מיט א מענטשן.

און וואס נאך דארף ער, דער זון פון כערסאנער קאלאניסט, וואס מען האט אים געהאלטן געשלאסן אין די אמעריקאנער פאבריק-ווענט?..

— ווי אומבאגרייפבאר ביסטו, מענטש!

# טאַטעס און זין

אין אַן אַנדער דאָרף, „ראַטנשטאַט" דאַכט זיך.

מיר קומען צו צו אַ הייזל. אַ ייִד מיט איין אויג, אַ דער־שלאָגענער, אַ פאַרביטערטער קומט אַרויס, מיט אים גייט מיט זיין פרוי, אַן אומעטיקע, אַ טרויעריקע.

— וואָס איז? — פרעגט מיין באַגלייטער — וואָס זעט איר אַזוי ביטער אויס?

— נישטאָ קיין ברויט!

קורץ און קלאָר.

דער ייִד דערוויסט זיך, אַז איך בין אַ צייטונגס־מענטש און ער וויל ביי מיר אַן עצה. מיט יאָרן צוריק, אין 1918 איז ער נאָך געווען אַ ייִד אַ נגיד, און ער האָט, צוזאַמען מיט אַ גאַנצער חברה אַנדערע ייִדן, איינגעצאָלט שיינע טויזנטער רובל, אַוועקגעשיקט אַ דעלעגאַט קיין ארץ־ישראל איינקויפן ערד. ער האָט שוין אַוועקגע־שיקט אַ סך ברייוו, נאָר קיינער ענטפערט אים נישט. ווען ער זאָל צוריקבאַקומען כאָטש אַ דריטל געלט פון דעם, וואָס ער האָט איינ־געצאָלט, וואָלט ער דאָ געקענט זיך איינאָרדענען. ער וואָלט זיך געקויפט אַ פאָר פערד, אַ פּאָר אָקסן, וואָגנס, חזירים, עופות.

דער זון זיינער, אַ יונגער בחור, פאַרלאַנגט ביים אַגראָנאָם, מיין באַגלייטער, מען זאָל אַסיגנירן געלט אויף דינגען מענטשן, זיי זאָלן צעאַקערן די ערד און פאַרזעצן אַ ווייננאָרטן.

דער אַגראָנאָם פאַרשרייבט ביי זיך אין ביכעלע.

די געשיכטע קומט מיר פאָר מאָדנע:

אַ פאַמיליע קלאָגט זיך, אַז עס איז נישטאָ קיין ברויט, און אין דערזעלבער צייט דינגט זי גוים, וואָס צעאַקערן ביי איר די ערד, כדי צו פלאַנצן אַ ווייננאָרטן.

— איך פאַרשטיי נישט — זאָג איך דעם אַגראָנאָם — שוין־

זשע קאָנען זיי נישט אַליין צעאַקערן די ערד און פאַר דעם געלט, וואָס זיי צאָלן די געדונגענע גוים, קויפן ברויט?

– עס איז שוין אַזוי – זאָגט דער אַגראָנאָם – אַלע אַרבעטן טוען זיי, די יידן, נאָר צעאַקערן די ערד אויף וויינגערטנער קענען זיי נישט, ס'איז פאַר זיי צו שווער.

– נו, און הונגערן איז גרינגער?

– זעט איר דאָך...

מיר קומען אַרויס אויפן פעלד. עטלעכע דאַרע גוים, אָפּגע-ריסענע, אָפּגעשליסענע, בלאַסע, קוים וואָס די נשמה האַלט זיך אין זיי, שטייען און צעאַקערן די ערד פאַר די יידישע קאָלאָניסטן.

– וויפל פאַרדינען זיי אַ טאָג?

– עס ווענדט זיך וויפל קלאַפּטער זיי מאַכן.

פאַר אַ קלאַפּטער צאָלט מען פינף און צוואַנציק קאָפּיקעס – גראָבן דאַרף מען טיף, ביז אַן אַרשין די טיפקייט. ביי שווערער אַרבעט קאָן מען מאַכן פיר קלאַפּטער אַ טאָג, געוויינלעך מאַכט מען דריי קלאַפּטער. פאַר פינף און זיבעציק קאָפּיקעס אַרבעטן די מענטשן אַ גאַנצן טאָג. פון קיין אַכט-שעהדיקן אַרבעטס-טאָג ווייס מען נאָך דערווייל נישט ביי אַזעלכע אַרבעטן אין דאָרף.

מערסטנס ווערט די אַרבעט געמאַכט דורך געדונגענע גוים, דער „דזשאָינט" צאָלט פאַר דער אַרבעט. אָט זעצט זיך טאַקע צוועק דער אַגראָנאָם און צאָלט אויס אַ קנאַפּן הונדערטער פאַר דער אַרבעט.

מיר לייגט זיך בשום אופן נישט אויפן שכל, אַז די בלאַסע, אויסגעהאָרעוועטע גוים, וואָס גראָבן די פעלדער, זאָלן האָבן מער כוח פון די יידן, זייערע באַלעבאַטים.

דער אַגראָנאָם איז מסכים מיט מיר. ער האַלט אויך נישט פון דעם „והידים ידי עשיו", אַז אַבי נאָר אַ גוי, איז ער פון אייזן. נאָר ער ערקלערט מיר דעם שכל:

– אַ גוי – זאָגט ער – ווייסט, אַז אויב נישט אַליין, וועט אים קיינער נישט געבן, ער זאָל זיך אויסציען און שטאַרבן. דערפאַר איז קיין זאַך פאַר אים נישט שווער. יידן זאָרגן איינע פאַר די אַנדערע.

אָבער באַלד איבערצייגן מיר זיך, אַז אויך ניט אַלע יידן זענען גלייך. מיר דערנענטערן זיך צו אַ פעלד. אַן עלטערער ייד מיט ברילן, מיט אַ בכבוד פנים, שטייט און מעסט מיט אַ שטריקל, אויף אַ מעטער טיף אין דער ערד שטייען פיר זין זיינע און גראָבן געשמאַק.

דאָס גראָבן זיי די ערד, כדי צו פלאַנצן וויין-גערטנער, און כאָטש זיי זענען יידן, דיזעלבע יידן וואָס אַלע, מאַכן זיי דאָס אַליין, און פאַר דעם געלט, וואָס זיי וואָלטן אַוועקגעגעבן, קויפט מען זיך ברויט און מען לעבט.

זיי קלאָגן זיך נישט „נישטאָ קיין ברויט", חלילה, זיי בעטן נאָר דעם אַגראָנאָם, ער זאָל זיי אויסצאָלן פאַר דער אַרבעט.

דער אַגראָנאָם צאָלט אויס צען רובל, און דער עולם נעמט זיך נאָך מיט מער ברען צום גראָבן.

פאַר צען רובל קען מען קויפן צען פוד ווייץ. און אין פיר יאָר אַרום וועט מען פון די וויינגערטנער האָבן נחת. פון איין דעסיאַטין וויינגאָרטן האָט מען מער ווי פון צוואַנציק דעסיאַטין ווייץ — און פיר יאָר זענען נישט אַזוי לאַנג. מען דאַרף נאָר וועלן אַרבעטן און לעבן.

דער אַלטער ייד נעמט די צען רובל און בעט ביים אַגראָנאָם נאָך אַ קליינע טובה.

פאַרשרייבט פאַר מיינעטוועגן אַ לאָפּאַטע צום גראָבן – בעט ער זיך – איך וויל אויך אַרבעטן, צוהעלפן די קינדער

דער אַגראָנאָם ווינדערט זיך:

— ביי אייער עלטער?

— ס'מאַכט נישט אויס! — זאָגט דער אַלטער — מען וועט עסן, וועט מען האָבן כוח...

דער אַגראָנאָם פאַרשרייבט אים אַ לאָפּאַטע.

## תל־ח

פירט מיך אַ שוואַרצער אָפּגעברענטער ייד, ענלעך צו אַ ציגיינער, איבער די יידישע דערפער אין קרים, פירט מיך פון דאָרף צו דאָרף.

נישט אַלע קאָלאָניעס זענען נאָנט איינע צו דער צווייטער. טייל טיילט אָפּ בלויז עטלעכע קילאָמעטער, אַנדערע זענען אָפּגערוקט אויף מיילן ווייט.

מיר פאָרן איבער פאַרשידענע דערפער, איבער רוסישע, דייטשע, בולגאַרישע, טאָטערישע, און כאָטש איך בין דאָ נישט לאַנג, דערקען איך שוין ביים ערשטן בליק יעדער דאָרף צו וואָסער פאָלק עס געהער. דאָס רוסישע דאָרף איז שטענדיק אומעטיק, פאַרשלאָפן, די דעכער זענען געדעקט מיט שטרוי, די פענסטערלעך קליין, די גאַס שמאָל. דאָס דייטשע דאָרף איז ברייט, פעסט, יוסט, די הייזער גרויסע, מערסטנס מיט שינדלען אָדער קאַכלקעס געדעקט, ברונימס צעמענטענע, שטאַרקע, שייערן ברייטע, שטאַלן געמויערטע, און די איינוווינער — גרויסע, פעטע.

די יידישע קאָלאָניעס איז קיין קונץ נישט צו דערקענען. כמעט אַלע הייזלעך זענען ניי, ווי נאָר וואָס פון דער נאָדל אַרויס, די דעכער פון רויטע קאַכלקעס, און אויסגעשטעלט זענען זיי, די הייזלעך, סימעטריש, גלייך, ווי אויף אַ שאַך-ברעטל.

דערפאַר זענען גאַנץ אַנדערש די טאָטערישע דערפלעך. די הייזלעך זענען צעוואָרפן, צעפלאָנטערט, לאַנג און שמאָל, און עפּעס קיין שטאַלן זעט מען נישט, גלייך עס וואָלט דאָרט קיין בהמות נישט געווען. אויף די ברייטע סטעפּעס איז פוסט, זעלטן אַ קו צו זען, דערפאַר פעלן נישט קיין שעפסן. אין די הונדערטער טוליען זיי זיך איינס צום אַנדערן, קוקן מיט גרויסע אויגן אויף אַ פרעמדן דורכפאָרער און צעלאָזן זיך מיט מורא איבערן אָבגעגעסענעם פעלד.

דאָס זינגען פון טאָטערישן פאַסטוך איז פונקט אַזוי נאַקעט, אומעטיק און אָרעם, ווי דער סטעפּ, דאָס גאַנצע ליד איז איין טאָן, אַ נאָגנדיקער, אַ הערצרייסנדער, אַ געדרייטער, וואָס דערמאָנט שטאַרק אין יידישע קינות.

זעלטן זעט זיך אָן אָרעם מעטשעטל, אַ הויקערדיק מאָכמעדאַניש בית־עולמל.

— אומעטיק דאָ ביי די טאָטערן — זאָג איך צו מיין באַלע־גאָלע דעם קאָלאָניסט פון „חקלאי", ביי וועלכן איך האָב געדונגען די פור מיט די פּאָר פערד.

— פון וואָס זאָל זיין פריילעך? — ענטפערט ער.

מיר צערעדן זיך וועגן די טאָטערן, און דער ייד דערציילט מיר אינטערעסאַנטע זאַכן.

— איר זעט — ווייזט ער מיט דער בייטש — אָט די צעאַקער־טע פעלדער, דאָס האָב איך זיי צעאַקערט.

— איר גאָר? פאַרוואָס?

— מען האָט מיר באַצאָלט — זאָגט דער ייד — געקומען אַ טאָטער, כ'זאָל אים באַאַרבעטן די פעלדער, ער וועט מיר באַצאָלן, האָב איך אים באַאַרבעט.

— פאַרוואָס עפּעס באַאַרבעט דער טאָטער נישט אַליין?

— ווייל ער האָט נישט קיין פערד, קיין אָקסן, מיט וואָס וועט ער באַאַרבעטן?

ווען מען זאָל עס געוועזן אַמאָל דערציילן פּאַרצייטיקע יידן, אַז אַ ייד וועט באַאַרבעטן די פעלדער ביי אַ גוי, ביי אַ טאָטער, וואָלט ער זיינע אייגענע אויערן נישט געגלויבט — ס'טייטש, יעקב איז גאָר אַ קנעכט ביי עשון? נאָר מיין קרימער ייד האָט גאָרנישט דאַקעגן. הלוואי וואָלט זיך אים איצט געמאַכט אַזאַ אַרבעט!

— בכלל, — זאָגט ער, — זענען די טאָטערן ווילדע מענטשן — אַבי יידן פלעגן זאָגן „אַ הארץ פון אַ טאָטער" — שטילע, רויקע מענטשן, נאָר אַרבעטן האָבן זיי נישט איבעריק ליב.

— און עס איז קיין וווּנדער נישט — זאָגט דער ייד — אַז ער איז אַ „שמח בחלקו", אַבי ער האָט אַ פונט געטריקנטע קאַווע צו מאַכן שטאַרקע קאַווע, און אַן אייגענעם שעפּס צו מאַכן „שאַשליק",

דאַרף ער מער גאָרנישט... זיצט ער זיך אויף אַ טעפּיכל, טרינקט קאַווע, רויכערט און זינגט זמירות...

מיר פאָרן ווייטער, גאַנצע שטיקער ערד ליגן נישט באַ-אַרבעט.

— אָט, איך זעט די ערד — ווייזט מיר דער ייד — דאָס אַלץ האָט פריער געהערט צו טאָטערן, פריצים. ווי נאָר די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן, האָבן די פויערן די ערד פאַרכאַפּט, נאָר עס איז נישט געווען מיט וואָס צו באַארבעטן. די ערד איז אַ האַרטע, מיט איין פערד איז שווער צו אַרבעטן, און מען האָט צוריק אָפּגעלאָזן די פאַרכאַפּטע ערד. איצט דאַרף זי אָפּגעגעבן ווערן צו יידישע קאָלאָניסטן.

אויפן וועג באַגעגענען מיר צוויי רייטער. ביים ערשטן אויגנבליק זעען זיי אויס ווי גוים, אַז מען קוקט זיך צו נעענטער, דערקענט מען אין זיי יידן.

פון וואַנען רייטן יידן?

— פון דער קאָלאָניע „ראַטנשטאַט".

— וואָס הערט זיך אין „ראַטנשטאַט"?

— עט! — מאַכן די יידן אַוועק — נאָך אַלץ נישט גוט.

איך בין שוין גרייט רחמנות צו האָבן, נאָר דער קאָלאָניסט פון „חקלאי" סטראַשעט זיי מיט אַ פינגער.

— זינדיקט נישט, הלואי וואָלטן אַלע אַזוי גוט געשטאַנען, ווי איר ביידע!

ווייזט זיך אַרויס, אַז די צוויי רייטער זענען די סאַמע גרעסטע גבירים פון „ראַטנשטאַט". איצט רייטן זיי פון דער חלוצישער קאָמונע „תל-חי", וווּ זיי האָבן געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן איינפירן ביי זיך אין „ראַטנשטאַט" אַ קיך צו קאָכן קעז.

די חלוצים פון תל-חי זענען ספעציאַליסטן אין אַלעם. מיט אַלע שווערע זאַכן ווענדעט מען זיך צו זיי, און אַז „ראַטנשטאַט" דאַרף איינפירן אַ קעז-קיך, פאָרט מען צו די תל-חיניקעס, מען דינגט זיך אויס וועגן פרייז און חברה מאַכט, וואָס מען דאַרף.

באַלד קומען מיר אָן קיין תל-חי.

ווי מאָדנע די ווערטער „חלוצים" און „תל־חי" קלינגען אויף דער רוסישער סאָוויעטישער ערד!

*

נישטאָ קיין סך קאָמונעס אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד. אפילו קאָלעקטיוון אין די דערפער זענען זיך פאַנאַנדערגעפאַלן. מענטשן האָבן ליב צו אַרבעטן פאַר זיך.

אַז איך האָב פּרובירט רעדן אין אוקראַינע, קרים וועגן קאָלעקטיוון, האָבן מיך די קאָלאָניסטן שיער נישט אויפגעגעסן.

— רעדט נישט דערפון! — האָבן זיי ׳מיך געבעטן — די קאָלעקטיוון האָבן פון אונז אַ תל געמאַכט! דאַנקען גאָט, וואָס מיר זענען שוין אַרויסגעקראָכן דערפון!

פאַרשטייט זיך, אַז קאָמונעס זענען דאָ נאָך ווייניקער. יידישע דאָרף־קאָמונעס אין קרים זענען בלויז פאַראַן עטלעכע. דאָס זענען די חלוצישע קאָמונעס „תל־חי", „מעין", „משמר".

דאָס ערשטע פאָרן מיר צו צו דער סאַמע גרעסטער קאָמונע, וואָס רופט זיך „תל־חי". אין אַ גרויסן ריזיקן הויף מיט אַ סך שייערס, הייזער, שטאַלן, שפייכלערס שטייט אַ קליינע קאַנצעלאַריע. דאָרט זיצן עטלעכע בחורים, אַ מיידל און פירן ביכער, חשבונות.

— קאָן מען זען אייער קאָמונע?

— ביטע זייער!

מען פירט מיר ווייזן דאָס פאַרמעגן. אַזאַ רחבות, אַזאַ אָרדנונג.

מיר קומען אַריין אין די שטאַלן פון די בהמות. גרויסע פעטע קי ליגן, שטייען און זענען מעלה גירה. די אָרדנונג אין די שטאַלן איז אַ גלענצנדע, עטלעכע בחורים רייניקן דאָס מיסט. די בהמות זענען ריין. יעדע קו האָט זיך איר נאָמען, און גאַנץ אָפט העברעישע נעמען, ווי „חמדה" און ענלעכע. אָבער דער גרעסטער שטאָלץ פון די בהמות איז דער ביק, דער הערשער איבער אַלע בהמות...

— איי, איי, איי — באַלעקט זיך מיין באַלעגאָלע, דער קאָלאָ-ניסט פון חקלאי, איי איז דאָס אַ בחורל! ווען איך קאָן אַזוי ברענגען צו אים מיינע בהמהלעך און דערלעבן זיך קינדער און קינדס-קינדער פון אים...

די חלוצים גייען צו אים צו. ער שטייט אין אַ באַזונדער שטעלכל, אָפּגעצוימט, און זיי צערטלען אים דעם קאָפּ.

— איר האָט נישט קיין מורא? — ווינדערט מיך.

— פריער וואָלט מען צו אים נישט צוגעגאַנגען אַזוי — זאָגן די בחורים — ווי איר קוקט אים אָן, האָט ער שוין צעבראָכן אַ חבר אונזערן אַ פוס אויך. איינמאָל האָט ער מיט די הערנער איינגעבראָכן די וואַנט אין שטאַל, נאָר מען האָט אים דורכגעצויגן אַ רינג אין דער נאָז, און דאָס האָט אים אונטערטעניק געמאַכט.

ער קוקט אויף מיר, דער ביק, מיט ווילדע בלוט-פאַרגאָסענע אויגן, אַ גאַנצע וועלט מיט קראַפט קוקט אַרויס פון אים.

— דאָס איז אונזער אייגענע האָדעוואַניע — באַרימען זיך די בחורים — אַליין אים אויסגעהאָדעוועט.

אין די פערד-שטאַלן איז גאָר אַ מחיה אַריינצוקומען. וווּנדער-באַרע פערד, מערסטנס אַליין אויסגעהאָדעוועטע. פאַראַן צווישן זיי גלענצנדע ראַסן-פערד.

נאָר דער גרעסטער מזל-ברכה איז דאָ אין חזירים. די חלוצים פירן מיך איבער די חזירים-שטאַלן. עס ליגן חזירים פון כל-ערליי גרויס, מינים און ראַסן. אַ זיפּצעריי, אַ קוויטשעריי, אַ קרעכצעריי!

— אָט איר זעט די, — ווייזן די בחורים — דאָס זענען ענג-לישע, זעלטן צו טרעפן אַזעלכע עקזעמפּלאַרן...

דאָס זענען חזירים מיוחסים, לאַנגע, שלאַנקע, ווייס-האָריקע, וואָס דאָס בלוט שפּראָצט פון זיי. אין אַ באַזונדער אָרט ליגן די „מאַמעס“. צענדליקער קליינע חזירימלעך זויגן, זיפּצן, ניוכן.

— דאָס איז גאָלד — זאָגן די בחורים — איידער מען קוקט זיך אום, וואַקסט דאָס אויס און מערט זיך...

אָנגעהויבן האָבן זיי סך הכל מיט עטלעכע יאָר צוריק ביי עטלעכע חזירים, און איצט האָלט מען שוין ביי עטלעכע הונדערט.

— פון איר האָט מען נישט קיין נחת — זאָגט מיר אַ בחור,

אַנווייזנדיק אויף אַ ריזיקן פּעטן דבר־אחר — זי דערשטיקט די חזירימלעך מיט איר שווערקייט. פון צען בלייבן קוים צוויי דריי.

— דערפאַר איז „ער" אַ „מאַלאַדיעץ" — ווייזט מען מיר אויף אַ ריזיקן עקזעמפּליאַר — דאָס איז אונזער „פּראָאיזוואָדיטעל" — דער טאַטע פון אַלע...

דער ייד פון „חקלאי" קוקט מיט אויגן פול מיט קנאה. ווען גאָט העלפט און מען פאַרדינט עטלעכע קערבלעך וואָלט מען אַראָפּגעקומען און איינגעהאַנדלט עטלעכע שטיקלעך...

— איר וועט פאַרקויפן? — פרעגט ער — יידן?

— קומט, וועלן מיר רעדן — ענטפערן די חלוצים און ווילן מיך פירן ווייטער איבער די חזירישע אַפּאַרטאַמענטן. נאָר איך קאָן שוין מער נישט. מיין נאָז איז שוין אַזוי אויך פון אייזן...

אויף דעם ריזיקן הויף אַרבעטן בחורים און מיידלעך, איינער שעפּט וואַסער און גיסט אין די קאָריטעס פאַר די בהמות, אַ מיידל שלעפּט היי פון אַ גרויסן ריזיקן סטאָג, אַנדערע גראָבן אין פעלד, מאַכן, דאַכט זיך, ווייַן־גאָרטנער, און אָט פּאַשעט גאָר איינער אַ מחנה שאָף.

צוויי טויזנט, אָדער נאָכמער, דעסיאַטין ערד געהער צו דער־דאָזיקער קאָמונע. קיין אַרבעט פעלט נישט. אָנגעהויבן האָבן זיי, די חלוצים, ביי צען מאַן, איצט איז שוין פאַראַן ביי זיי העכער הונדערט קאָמונאַרן.

מען אַרבעט, מען האַלט אָפּ צווישן זיך לעקציעס, אַפילו ליטעראַרישע אָוונטן מאַכט מען אַמאָל.

— אָט האָט איר דאָך קאָמונעס און גאַנץ גוטע, — זאָג איך צו מיין „חקלאיער" קאָלאָניסט — וואָס־זשע שרייט איר אַזוי, אַז די קאָלעקטיוון האָבן פון אייך אַ תל געמאַכט?

— אַ שיינעם דאַנק אייך! — זאָגט דער „חקלאיער" קאָלאָניסט — זאָלן זיי נאָר האָבן ווייבער, וועלן מיר שוין זען, ווי אַזוי זיי וועלן אויסזען.

ווייזט זיך אַרויס, אַז צווישן די הונדערט מענער און פרויען, וואָס אַרבעטן אין דער קאָמונע „תל־חי", איז כמעט נישטאָ קיין

חתונה-געהאַטע, כמעט בלויז בחורים און מיידלעך, און דאָס איז די סבה, מיינען די קאָלאָניסטן, וואָס זיי האַלטן זיך, לעבן בשלום.

צו די גרעסטע מחלוקתן אין די קאָלעקטיוון האָבן געבראַכט די ווייבער. יעדערע האָט געהאַט טענות, אַז די אַנדערע מיטגלידער אַרבעטן ווינציק, נעמען אַ סך אַרויס, און מען האָט זיך געמוזט פאַנאַנדערגיין.

מיט וואָס ערקלערט זיך אַזאַ רעטעניש, וואָס אין די חלוצישע קאָמונעס, וואָס זענען זאַט און גוט איינגעאָרדנט, לעבן יינגלעך און מיידלעך און האָבן נישט חתונה?

דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס ביי דער געטרייסטער אַרבעט אין די קאָמונעס, ביי דער בעסטער אָרדנונג, שטייען זיי, די חלוצים, מיט איין פוס אין דער קאָלאָניע און מיטן צווייטן פוס אין פאַלעסטינע. מען אַרבעט דאָ אין קריב, מען לייגט אַריין בלוט און שוויים, נאָר מיטן געדאַנק, מיט דער נשמה איז מען דאָרטן, אין פאַלעסטינע. און כדי נישט צו פאַרלירן די האָפנונג צו קומען קיין פאַלעסטינע, האָט מען מורא חתונה האָבן, געבוירן קינדער, כדי עס זאָל נישט שווער מאַכן די רייזע.

כ'האָב פאַרפירט אַ שמועס מיט דעם עולם. לויט מיין מיינונג — זאָג איך זיי — איז עס נישט נאַטירלעך. מען באַאַרבעט ערד, מען האָרעוועט, מען אָרדנט זיך איין, מען עסט פונם ברויט, וואָס מען אַרבעט אויס — פאַרוואָס זאָל מען נישט וועלן זיצן דאָ און שטרעבן קיין פאַלעסטינע, ווו ערד מוז מען קויפן, ווו מען דאַרף אָנהויבן אַלץ פון דאָס-ניי?

— נישט אמת — דערקלערן די חלוצים — די קאָמונעס אונזערע וועלן שטענדיק בלייבן. אויב אַ טייל וועט אַוועק קיין פאַלעסטינע, וועלן זיך גלייך באַוועצן אַנדערע, דער עיקר איז דאָך, ס'זאָלן בלייבן יידישע קאָמונעס. ווער עס וועט אַרבעטן אין די קאָמונעס, בערל אָדער שמערל — דאָס איז שוין אַלץ איינס.

מען קאָן נישט אינגאַנצן איינשטימען מיט אַזאַ מיינונג, אָבער די חלוצישע קאָמונע „תל-חי" איז פאָרט דאָס שענסטע, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו באַגעגענען אין די קאָלאָניעס.

— איבעריקנס — זאָגן זיי, די חלוצים — וועט איר זען ביי אונז פאַמיליעס אויך, פאָרט צו קיין „מעין", נישט ווייט פון אונז...

מיר פאָרן צו קיין „מעין", וואָס געפינט זיך אַכט וויאָרסט, דאַכט זיך, פון „תל-חי".

— ווי לעבט איר זיך צונויף מיט די חלוצים? — פרעג איך ביי מיין באַלעגאָלע, דעם קאָלאָניסט פון חקלאי.

— זער גוט — זאָגט דער ייד — ווילע בחורים, אַרבעטן גוט, נאָר מען אַרעסטירט זיי אַלעמאָל...

יאָ, אָפטמאָל קומט פּאָליציי אַראָפּ אין די חלוצישע קאָמונעס, מען אַרעסטירט אַ טייל פון עולם פאַר ציוניסטישע זינד און מען זעצט זיי אַריין אין די טורמעס אָדער מען פאַרשיקט טיף אין סיביר.

פאַרנאַכט-צו קומען מיר אָן אין „מעין".

אין אַ גרויסן פּריצישן הויף געפינט זיך „מעין". מיידלעך זיצן אין די שטאַלן, מעלקן קי. דאָס קלינגען פון מילך אין די עמערס לאָזט זיך הערן פון אַלע זייטן, עס שמעקט מיט זויערקייט. וואַרים איז ווי אין זומער, אַ פולער הימל מיט שטערן.

„מעין" איז נישט אַזוי גרויס ווי „תל-חי", סך-הכל, דאַכט זיך, לעבן דאָרטן עטלעכע און דרייסיק פּערזאָן, נאָר דאָ זענען שוין פאַראַן פאַמיליעס אויך, און קינדער זענען פאַראַן, און אַפילו אַ היים פאַר די קינדער, וווּ אַלע ווערן געהאַלטן צוזאַמען, כדי די מוטערס זאָלן קענען אַרבעטן.

די קינדער רעדן העברעיש. אין סאָוויעטישן רוסלאַנד, אין אַ קאָמונע מאַכט עס אַ מאָדנעם איינדרוק. די לערערין, אויך אַ חלוצה, אַ קלוג מיידל, דערציילט וועגן לעבן דאָ.

— מיר לעבן דאָ אַלע גלייך — ערקלערט זי — און כאָטש עס איז פאַראַן קינדערלעך, ווי איר זעט, קריגט מען זיך, חלילה נישט.

מען לאַדט מיך איין נעכטיקן, מען לייגט מיר פאָר פרישע מילך פון דער קו, און אויב איך דאַרף פאַרטאָג פאָרן צו דער באַן, מאַכט נישט אויס, מען וועט איינשפּאַנען אַ פאָר פערד און מיך צופירן, עס איז אַ קלייניגקייט.

ווילע בחורים און מיידלעך. צוגלייך ווי ציוניסטיש, זענען זיי

אויך, מערסטנס סאָוויעטיש און אפילו קאָמוניסטיש. כמעט אומעטום טרעפט מען הענגען די בילדער פון הערצלען און לענינען צוזאַמען.

אין דער קינדער-היים אין „מעין" הענגען אויף דער וואַנט אין שכנות י. ל. פּרץ, ח. נ. ביאַליק און וולאַדימיר לענין.

— אַ מאָדנער דריילינג — שפּאַס איך — איך האָב מורא, זיי זאָלן זיך נישט אַמאָל צעקריגן.

— פאַרוואָס? — פאַרשטייט נישט די לערערקע — איך זע נישט קיין סיבה פאַר מחלוקת...

## מ ש מ ר

אין אַ צווייטער זייט פון שטעטל דזשאַנקאָי, אָפּגערוקט פון די איבעריקע קאָלאָניעס, ליגט די חלוצישע קאָמונע „משמר".

אין דער קליינער קאַנצעלאַריע שטייען עטלעכע יעגער-ביקסן. קיין געווער טאָרן אין רוסלאַנד פּריוואַטע מענטשן נישט האָבן. אָבער יעגער-ביקסן באַקומען אַלע, וואָס געהערן צו די יאַגד-פאַריינען, און אַזעלכע פאַריינען זענען איצט דאָ מאַסן אין רוסלאַנד.

אויף דער וואַנט הענגט אַ שפּאַרבער, מיט ביידע צעשפּרייטע פליגל צוגעקלאַפּט צו דער וואַנט.

זיי קומען אָפט, די שפּאַרבערס, כדי צו כאַפּן אַ רויב, אַ הינדל, אַ קאַטשקעלע, אַ טויב, און אַז די בחורים פון „משמר" כאַפּן אַמאָל איינעם ביי דער אַרבעט, שיקט מען אים אַביסל שרויט פון די יעגער-ביקסן און מען לייגט אים אַוועק.

„משמר" איז קלענער ווי „תל-חי", נאָר די אָרדנונג דאָ איז בעסער ווי אומעטום.

וואָס פאַר אַ ריזיקע אַרבעט די בחורים און מיידלעך האָבן דאָ אָפּגעטאָן דורך די עטלעכע יאָר, וואָס זיי זיצן דאָ!

איבערגענומען חורבות, האָבן זיי אַלץ אויסגעבויט אַליין, אַוועקגעשטעלט, אַליין אויסגעבויט הייזער און שטאַלן, אַליין געקנאָטן ציגל צו די הייזער, אַליין געשניטן האָלץ צו טירן און פענסטער, אַליין געדעקט די דעכער.

איצטער איז דאָרטן פֿאַראַן גערטנער גרויסע, סעדער, גוט־באַאַרבעטע פֿעלדער, טראַקטאָרן, פֿאַרשידענערליי ווירטשאַפֿט־מאַשינען, בהמות, עופֿות און וואָס נישט?

אַלץ ווערט דאָ אַליין געטאָן. נישט נאָר וואָס מען גראָבט דאָ אַליין די ערד אויף ווײַנגערטנער, נאָר מען טוט אַלץ אַליין, כּדי נישט אָנצוקומען צו קיין פֿרעמדע הענט און נישט אויסצוגעבן קיין געלט.

דאַרף מען האָלץ־אַרבעט, שטייען אייגענע סטאָליאַרעס און אַרבעטן. דאַרף מען אייזן, שטייט אַ שמיד בײַ אַן אייגענעם בלאָזזאַק און שמידט; שטייט אַ שלאָסער אַן אייגענער און מאַכט אַלץ וואָס מען דאַרף. דאַרף מען שיך, שטיוול, האָט מען אייגענע בהמות, נעמען די אייגענע גאַרבערס די פֿעלן פֿון די געקוילעטע בהמות און אַ־בעטן אויס אייגענע לעדער. זיצן אייגענע שוסטערס בײַ די שוסטער־בענקלעך און נייען שטיוול און שיך פֿאַר אַלע מיטגלידער פֿון דער קאָמונע.

און אין די שטאַלן זיצן מיידלעך און מעלקן די קי, און אַנדערע טרייבן ארויס די בהמות אין פֿעלד, אָפּצופּליקן די לעצטע גראָזן, און אַנדערע שטייען בײַ די מאַשינען און מאַכן פּוטער, קעז.

אַלץ אַליין. נישטאָ די זאַך וואָס מען זאָל דאַרפֿן קויפֿן, אָנקומען צו עמעצן. און טאָמער דאַרף אַ שכן, אַן אוקראַאינער, אַ דייטש, אַ טאָטער אָדער אַ בולגאַר עפּעס אַן עצה ווי אַזוי בעסער באַאַרבעטן בײַ זיך די פֿעלדער, ווי אַזוי בעסער אײַנפֿירן די ווירטשאַפֿט, קומט מען אין „משמר” פֿרעגן בײַ די יידישע בחורים.

און אַ ביבליאָטעק איז פֿאַראַן, און פֿאָרלעזונגען ווערן אײַנגעאָרדנט — און אין קיך שטייען מיידלעך און קאָכן, און איינע אַ מיידל גייט איבער די בחורישע שלאָף־צימערן, ציט אָפּ דאָס ברודיקע בעטגעוואַנט, ציט אָן פֿרישס און הענגט אויף בײַ יעדן צופֿוסנס אַ קלאָר האַנטוך, וואָס מען האָט אַליין אויסגעוואַשן — און איינער אַ בחור, וואָס איז מסתּמא געווען אַמאָל אַ סטודענט פֿון מעדיצין, שטייט און בינדט אַרום אַ קראַנקן פֿוס בײַ איינעם אַ חבֿר, וואָס האָט זיך בײַ דער אַרבעט אַ קלאַפּ געטאָן.

אַלץ אַליין. עס מאַכט אַן איינדרוק, אַז ווען די גאַנצע וועלט וואָלט מיט אַמאָל חרוב געוואָרן און בלויז „משמר" וואָלט געבליבן, וואָלטן זיי זיך אַבסאָלוט געקענט אַן עצה געבן, נישט דאַרפנדיק אָנקומען נאָך קיין שום זאַך צו עמעצן אַנדערש.

בעת מיר פאָרן צוריק, לאָזט זיך אַראָפּ אַן אָדלער, אַ שטאָלצער אָדלער מיט צוויי מעכטיקע פליגל, מאַכט עטלעכע קרייזן אין דער לופט און שטעלט זיך אַוועק אויף דער צעצאַקערטער ערד.

וואָס זוכט ער דאָ? אַ פאַרבלאָנדזשעטע גאַנז? אַ הון? אָדער אפשר גאָר אַ קליין שעפעלע?

מיר שטעלן אָפּ דעם אויטאָמאָביל, כדי צו באַטראַכטן דעם קעניג פון די פויגל. ער שרעקט זיך נישט, קוקט אויף אונז מיט די שאַרפע אויגן און הויבט אויף דעם געבויגענעם רויבערישן שנאָבל.

ווען די בחורים פון „משמר" זאָלן וויסן, וואָלטן זיי דאָ מסתמא גלייך געקומען צו לויפן מיט די יעגער־ביקסן.

# אין אַ קאָמוניסטישער קאָמונע

נישט בלויז חלוצישע קאָמונעס זענען דאָ. פאַראַן אויך אַ קאָמוניסטישע קאָמונע — אַ קאָמונע פון קאָמוניסטן, פון יונגע יידישע קאָמוניסטן און קאָמוניסטקעס. „יונגוואַלד" איז איר נאָמען. לציס זאָגן, אַז דאָס האָבן די יידישע קאָמוניסטן געוואָלט קעגנשטעלן זיך די חלוצישע קאָמונעס און די קאָמונע „יונגוואַלד" געשאַפן. די יונגע קאָמוניסטן האַלטן, אַז דאָס איז אַ שטרעבונג ביי די יונגע יידישע קאָמוניסטן איבערצוגיין צו ערד־אַרבעט.

נאָר ווי עס זאָל נישט זיין, איז נאָך „יונגוואַלד" גאָר אַן אָרעמע קאָמונע, אַן אָפּגעלאָזענע, און מען קען זי אַבסאָלוט נישט פאַרגלייכן צו די חלוצישע קאָמונעס.

נישטאָ קיין פערד, בלויז אַ פּאָר אָקסן, קי אויך ווייניק.

און אין פאַרלויף פון „יונגוואַלדס״ עקזיסטענץ האָבן זיך שוין די קאָלאָניסטן געביטן אייניקע מאָל.

איצט זענען דאָרט דאָ צוועלף-דרייצן פּערזאָן. עטלעכע זיצן און נייען שיך.

ווײַלע בחורים זענען זיי, די יונגוואַלדיסטן. צוזאַמען מיט די שטיוול, צוזאַמען מיט די שטיקלעך לעדער, שטיפטן, וואַלגערן זיך זשורנאַלן, בלעטער. זעט אויס, אַז מען לייענט דאָ געשמאַק ליטע־ראַטור. זיי זענען אַנטוויקלטע חברה-לייט און מען קאָן זייער גוט מיט זיי פאַרברענגען. נאָר פּויערן זענען זיי נישט איבעריקנס קיין גוטע. אַזוי האַלטן די שכנישע יידישע קאָלאָניסטן, אַזוי איז די מיינונג פון די אַגראָנאָמען און אַזוי דערציילט אויך די ווירטשאַפט, די צוויי גרויסע אָקסן, דער פּוסטער הויף.

זעט אויס, אַז מיט פּאָליטיק קען מען קיין ברויט נישט מאַכן, אַז דערצו איז נויטיק גוואַלדיקע אַרבעט, אָנשטרענגונג. אָדער זיין אַזוי הילפלאָז ווי די יידן די קרעמער, וואָס די ערד-אַרבעט איז ביי זיי אַ מוז, אַ לעבנס-זאַך, אָדער זיין אַזוי איבערגעגעבן צו דער ערד ווי די חלוצים, ביי וועלכע ערד-אַרבעט איז דער גרעסטער אידעאַל.

פּאַר בחורים שוסטער אָדער אַנדערע אַרבעטער, וואָס קאָנען פאַרדינען לייכט זייער ברויט, איז דאָס גיין אויפן פעלד אַן אונזין.

און פּאָליטיק? — ערד האָט ליב העגט!

זאָדנע, די ערגסטע קאָמונע איז די קאָמוניסטישע!

* *
*

איך פרעג ביים עולם וועגן די באַציונגען צווישן די יידן און די טאַטערן.

— איצט שוין גאַנץ גוטע — זאָגט דער עולם — תחלת איז ביי אַ טייל פון די טאַטערישע קאָמוניסטן געווען צו מערקן אַן אומצו־פרידנקייט מיט דער יידישער איינוואַנדערונג.

וואָרום די קרימער רעפּובליק איז ווייט נישט טאַטעריש. גאַנץ

קרים האָט אַ באַפעלקערונג פון 650.000 מענטשן. פון זיי רוסן העכער 300.000 ; טאָטערן — 150.000 ; יידן — 65.000 ; דייטשן — 38.000 ; איי־בעריקע פעלקער, בולגאַרן, גריעכן א. אַנד. 58.000 א. אַ. וו.

די ציפערן זענען פון דער ציילונג אין 1924. דורך די לעצטע יאָרן זענען צוגעקומען יידן. דערביי דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז די צאָל טאָטערן איז שוין צוזאַמען מיט די ציגיינער, וואָס מען האָט צו זיי צוגערעכנט. קומט אויס, אַז די טאָטערן בילדן אַ צוואַנציק פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

אין די געגנטן, ווו די יידישע קאָלאָניזאַציע קאָנצענטרירט זיך, אין יעווּפּאַטאָרי'ער און דזשאַנקאָיער קרייזן, גלייכט זיך אויס די צאָל יידן מיט די צאָל טאָטערן ; פאַרקערט, לעצטנס איז די צאָל יידן אַ גרעסערע.

דעריבער האָט די יידישע קאָלאָניזאַציע אַ טייל פון די טאָטע־רישע פירער נישט געשמעקט, אויס מה־דאָ אָנצווווערן די העגאָמאָניע. דעם פאָלק איז דער עסק אינגאַנצן נישט אָנגעגאַנגען. אָבער לעצטנס איז אַפילו אויך ביי דעם טייל אומצופרידענע פאַרגעקומען אַן ענדע־רונג אויף בעסער.

וועגן די אַגראָנאָמען רעדן די קאָלאָניסטן מיט אַ סך וואַרעמקייט. זיי זענען באמת איבערגעגעבן דער קאָלאָניזאַציע מיט לייב און לעבן. מערסטנס זענען די אַגראָנאָמען קינדער פון יידישע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן ליב די ערד, ליב זייער פאַך. פאַר קליינע געהאַלטן אַרבעטן זיי אומערמידלעך, ביי טאָג און ביי נאַכט, שלעפּן זיך איבער וועגן, פאָרן, טראָגן אויס די שווערע אַרבעט מיט ליבע און צו־פרידנהייט.

אַ סך פון זיי זענען שילער פון אַגראָנאָם ליובאַרסקי, דעם פירער פון די דזשאָינט־קאָלאָניעס, זיי פאַרגעטערן זייער לערער און פירער, און מיט רעכט.

עס איז באמת אַ פרייד צו זען, ווי קאַרג און שפּאָרזאַם עס ווערט אָנגעפירט די אַרבעט דורך די מענטשן, וואָס זענען אָנגעשטעלט ביים אַמעריקאַנער דזשאָינט. יעדער קאָפּיקע איז אָפּגעמאָסטן, אָפּגע־וואויגן.

פאַר אַ מענטש, וואָס איז צוגעוווינט געווען זען אין פוילן די

דזשאָינט-מענטשן אין פאַרריסענער רייכקייט און אין לוקסוס, איז עס אַ פרייד צו זען.

נאָר אײן זאַך, וואָס מאַכט אַ שלעכטן איינדרוק, דאָס איז דאָס גוישקייט פון די אַגראָנאָמען. מען האַקט רוסיש אויף וואָס די וועלט שטייט. אַלע באַראַטונגען, בוכפירונג, אַלץ ווערט געפירט אין רוסיש. די יידן זענען שוין אַזוי צוגעוווינט, אַז פונקט ווי אַמאָל צו נאַטשאַל-סטווע, ווענדעט מען זיך צו די אַגראָנאָמען אין רוסיש.

— איר מאַכט אַ תל פון די יידן — האָב איך זיי געזאָגט, די אַגראָנאָמען — איר פאַררוסיפיצירט זיי.

— וואָס זאָלן מיר טאָן? — האָבן זיך אַ סך פאַרענטפערט — מיר קאָנען נישט גוט יידיש.

אַ ביסל איז עס אמת, אָבער דער עיקר איז שולדיק דערין די באַציונג צו יידיש אין אַלגעמיין.

ווען די יידישע פירער וואָלטן געלייגט אַכט דערויף, וואָלט מען שוין געמוזט קענען יידיש.

# וואָס אַלץ מען באַגעגנט

## דער פּסיכאָלאָג

קומט צו מיר צו אין סעוואַסטאָפּאָל ביים גאָרטן אַ פּאַרשוין מיט אַ היטל פון אַן אמאָליקן רוסישן טשינאָווניק פון ניקאָלאַיס צייטן, מיט אַ פּאָר צעריסענע הויזן, דורך וועלכע עס קוקט דורך דאָס לייב, מיט איין שוך אויף איין פוס און מיט אַ שמאַטע אויפן צווייטן פוס, אַן אמתער רוסישער „בראָדיאַגע" וואָס כאַטש גיב אים אַ ראָלע אַזוי ווי ער גייט און שטייט אין גאָרקיס „נא-דניע".

— בירגער, ווילט איר זיך מיט מיר אַ ביסל דורכשמועסן?

— וועגן וואָס?

— נו, לאָמיר זאָגן, וועגן פּסיכאָלאָגיע...

— זאָל זיין...

— און אפשר וועט אייך זיין אינטערעסאַנטער צו הערן עפּעס וועגן ליבע?...

— זאָל זיין וועגן ליבע!

— און אפשר גאָר וועגן פאַרראַט?...

— זאָל זיין וועגן פאַרראַט, אָבער מאַכט עס גיכער, איך דאַרף גיין.

— אַלזאָ, הויב איך אָן — זאָגט דער פּאַרשוין — ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך אַ „געוועזענער מענטש"...

— איר האָט, זעט אויס, געלייענט גאָרקין?...

— ניין. איך זאָג עס אַליין. איך בין געוועזן אַ לערער נאָך מיט צוויי מאָנאַטן צוריק, און איצט זעט ווי איך זע אויס...

— פאַרוואָס?

— אָט דאָ טאַקע קומען מיר צו צו דעם ענין פון ליבע — זאָגט דער פאַרשוין — איך האָב געהאַט אַ פרוי, וואָס איך האָב ליב ווי מען קען גאָרנישט ליב האָבן, און זי האָט מיך פאַרראַטן...

— נו?

— זענען מיר שוין, הייסט עס — זאָגט דער פאַרשוין — מיט ליבע און פאַרראַט פאַרטיק. וואָס נאָך דאַרף מען רעדן? איך האָב פאַרגעסן...

— וועגן פסיכאָלאָגיע.

— אַך, יאָ, טאַקע וועגן פסיכאָלאָגיע...

— נו, ווי איז אייער מיינונג וועגן פסיכאָלאָגיע?

— מיין מיינונג איז, אַז איר וועט מיר געבן אַ רובל.

— פון וואַנען זענט איר דאָס אַזוי זיכער?

— אַזוי פאַרשטיי איך.

— ניין, איך וועל אייך נישט געבן.

— פאַרוואָס?

— ווייל איך וויל אייך ווייזן, אַז איר זענט אַ שלעכטער פסיכאָלאָג...

— נישט אמת, איר וועט מיר יאָ געבן.

— פאַרוואָס?

— ווייל איך וועל אייך זאָגן, אויף וואָס איך דאַרף און איר וועט מיר נישט אָפּזאָגן.

— נו, אויף וואָס דאַרפט איר?

— אויף בראָנפן, מיין טייבעלע!

— אויף בראָנפן?

— יאָ, אויף בראָנפן. איך וואָלט אייך געקאָנט זאָגן אַ ליגן, דערציילן אייך, אַז איך דאַרף ברויט, אַז איך שטאַרב פון הונגער, נאָר איך וויל נישט. איך וויל אייך בעסער זאָגן דעם אמת.

— פאַרוואָס?

— ווייל אז איך וועל בעטן אויף ברויט, וועט איר מיר נאָר געבן אַ קאָפּיקע, צוויי קאָפּיקעס, און איצט וועט איר מיר געבן אַ רובל — אמת?

— אמת.

— זעט איר שוין, אַז איך בין אַ פּסיכאָלאָג!

— יאָ.

— האָט זשע מיר אַ גוטן, אַ דאַנק

ער האָט דריי מאָל אַראָפּגענומען דאָס אַלטע היטל פון אַן אַמאָליקן רוסישן טשינאָווניק, באַוויזן זיין שיינעם קאָפּ בלאָנדע האָר און פאַרנויגט זיך אַזוי עלעגאַנט, ווי אין אָפּערע.

האַבע די ערע, הער דאָקטאָר! — האָט ער מיר צוגעוואָרפן פון דערווייטנס אויף דייטש און צוגעווונקען מיט אַן אויג

באַלד האָב איך געהאַט אַרום זיך אַ גאַנץ צענדליק קליינע „בראָדיאַגעס”, היימלאָזע. ווען איך כאַפּ זיך נישט אַריין אין טראַמ־ווי צו דער צייט, וואָלטן זיי מיך צענומען

## וואַנדערנדע פייגל...

פונקט ווי די פייגל, וואָס נעמען זיך צונויף אין מחנות און לאָזן זיך ווינטער־צו אַוועק פון די קאַלטע לענדער אין די וואַרעמע, אַזוי לאָזן זיך איצט פון די קאַלטע רוסישע צפון־שטעט וואַנדערן טויזנטער קינדער אין די וואַרעמע ערטער אַריין, איבערהויפּט קיין קרים, אין אָרט פון זון, ליכט און בלומען.

נישט אַזוי שיין ווי די פייגל זענען זיי, די נייע וואַנדערער. אָנשטאָט שיינע פאַרביקע פעדערן, באַדעקן זייערע לייבער שמאַטעס, שמוץ, ווערים און אַלערליי פּלאָג. און וואַנדערן, וואַנדערן זיי אויך נישט אין די בלויע הימלען מיט געזאַנג און מיט פרייהייט, נאָר נאָכהענגנדיק זיך נאָך די „בופערס” פון די וואַגאָנעס, באַהאַלטנדיק זיך אין די קליינע קעסטלעך, וואָס זענען אונטער די וואַגאָנעס ביי־

די רעדער, אין ליידיקע פעסער פון נאכט, אויף די דעכער פון די וואגאנעס, און ווי נאר עס לאזט זיך.

דאס וואנדערן די „בעזפריזארנע", די „דאכלאזע", „פארוואָרלאָזטע" „הפקר-קינדער" פון די קאלטע רוסישע שטעט אין די ווארעמע געגנטן אריין. נישט אלע קאָנען איבערטראָגן די גרויסע קעלטן פון די רוסישע צפון-שטעט, ווי דער פראָסט דערגרייכט צו עטלעכע און דרייסיק און פערציק גראד — און אויב אין סאָוויעטן-רוסלאנד געפינט זיך א רעפובליק, וואָס האָט א שיינעם ים, ווארעמע זוניקע טעג, בלומען און פרעכטיקע וויללעס באהאלטן אין די פעלזן, — פארוואָס זאָלן זיי טאקע נישט אריבערוואנדערן אהין אויף איבער ווינטער?

די געשעפטן זייערע זענען אומעטום גלייך. אומעטום קאָן מען בעטלען, אומעטום זענען פאראן קאנאליזאציע-רערן און קאנאלן, ווי מען קאָן זיך אויסבאהאלטן און איבערנעכטיקן א נאכט. אומעטום זענען פאראן מיסט-קאסטנס, ליידיקע פעסער, איבערהויפט נאך אין האפן-שטעט, אומעטום זענען פאראן מענטשן, מענטשן האָבן געלט און קעשענעס און קורצע זכרונ׳ס און מען קאָן ארויסציען.

אמת, אז די ווארעמע זוניקע קרימער רעפובליק, וואָס ליגט ביים ים און האָט א סך בלומען און שיינע פאלאצן, איז קליין, גאנץ קליין, און קאָן נישט ארייננעמען אלע געפרוירענע איינוווינער פון דער קאלטער צפונדיקער רעפובליק. כדי צופאָרן אין דער ווארעמער רעפובליק, דארף מען געלט א סך, „טשערוואָנצעס", ווארום האָטעלן און באנען און רעסטאראנען קאָסטן טייער, אָבער דערפאר דארפן זיך זאָרגן די אָרנטלעכע לייט, די וואָס האָבן מורא פאר מיליץ און פאר טורמע.

די אָפגעריסענע, אָפגעשליסענע „בעזפריזארנע", זענען פרייע פייגל. וואָס איז פאר זיי טורמע, ווען זייער בעסטער געלעגער איז אין א רער פון דער שטאָטישער קאנאליזאציע? וואָס איז פאר זיי מיליץ, ווען די מיליציאנטן האָבן מורא פאר זיי, נישט זיי פאר די מיליציאנטן. דער מיליציאנט טאָר אים, דעם „בעזפריזארנעם", נישט שלאָגן, נישט באליידיקן, ווארום ער איז דאָך עפעס א פרייער בירגער פון דער סאָוויעטישער רעפובליק — און ער דעם מיליציאנט קאָן טאָן וואָס ער וויל, שפייען אין פנים, חוזק מאכן, געבן א שטיין אין

קאַפּ. וואָס קאָן מען אים דערפאַר טאָן? אָפּזאָגן פון פּאָסטן? באַשרייבן אין די צייטונגען? איינזעצן?

פאָרן זיי טאַקע די „מיוחסים" פון „פאַרבאַנד פון די רעפּובּליקן", פון דער קאַלטער רעפּובּליק זייערער אין דער וואַרעמער רעפּובּליק, אין לאַנד פון זון, ים, בלומען און פּאַלאַצן. אין די טויזנטער פאָרן זיי, פאָרן איבער קוימענס און דעכער און לעבן אַ טאָג.

קאָנדוקטאָרן היטן, מיליציאַנטן יאָגן, נאָר עס העלפט זיי נישט. ווי די שטשורעס אויף שיפן, אַזוי קומען זיי אָן מיט יעדן צוג.

אומעטום זענען זיי פול: ביי די קייזערלעכע פּאַלאַצן, ביי די האָטעלן, סאַנאַטאָריומס, אין די שטעט, אין די דערפער, און אפילו פאַר די איינוווינער פון זייערע וואַרעמע ווינטער-היימען האָבן זיי דעם מינדסטן דרך-ארץ נישט, דעם קלענסטן אָפּשיי.

— יאָכטים! — שרייען זיי נאָך די טאָטערן אויף טריט און שריט — יאָכטים, יאָכטים!

וואָס „יאָכטים" איז, ווייסט איין גאָט אין הימל און די טאָטערס, נאָר אַ פאַקט איז, אַז די טאָטערס זענען זייער בייז פאַר דעמדאָזיקן וואָרט.

בײַ ניקאָלאַיס פּאַלאַץ אין ליוואַדיע, אונטער אַ ציפּריסן בוים, האָב איך געטראָפן זיצן עטלעכע וואַנדער-פייגל רייניקן די לייבער.

זיי האָבן געוואָרפן בליקן פון אַלע זייטן, צי דער וועכטער מיטן שטעקן אין האַנט גייט נישט. וואָרום כאָטש איצט זיצן דאָרט פויגלים אין קייזערס פּאַלאַץ, לאָזט דער וועכטער נישט צו, אַז אונטער די ציפּריסן-ביימער זאָל מען רייניקן די וועש.

דערזעענדיק מיך, האָבן זיי זיך האַרציק פונאַנדערגעלאַכט און אָנגעהייבן באַוואַרפן מיך מיט קליינע קיזל-שטיינדלעך.

— קו-קו! — האָבן זיי געשריגן צו מיר — קו-קו!

אין זייער אָרומשפּרינגען, פייפן און „קיקן", האָבן זיי אײַנגעגאַנגען אין פייגל דערמאַנט, עפּעס אין ווילדע בייזע פייגל.

בלויז די עקלהאַפטע שמאַטעס אויף זייערע ברודיקע צעריסענע לייבער האָבן דערמאַנט, אַז זיי געהערן צום מענטשלעכן מין.

# יידישע הפקר-קינדער.

צווישן דידאָזיקע „בעזפריזאָרנע“, הפקר-קינדער, זענען ווינציק יידישע פאַראַן. זעלטן מען זאָל באַגעגענען אַ יידיש קינד.

יידן זענען פאָרט אין זין פון רחמנות אַנדערש ווי נישט-יידן, יידן טוען פאַר זייערע יתומים, מען שטיצט און מען לאָזט נישט אַזוי פאַלן.

פונדעסטוועגן האָב איך באַגעגנט עטלעכע יידישע הפקר-קינדער, באָר געוועזענע. איצט זענען זיי שוין צוריק היימישע קינדער און ווילדע קינדער.

איינעם האָב איך געטראָפן אין מינסק.

צום רעזשיסער פון מינסקער יידישן טעאַטער מ. ראַפאַלסקי, ביי וועמען איך בין געווען צו גאַסט, איז אַריינגעקומען אַ שוואַרץ-הנעוודיק יינגעלע פון אַ יאָר צוועלף, אַ געקרייזלטס, אַ שוואַרץ-אויגיקס, בלויז אַ פאָר פאַהלעך האָבן אים געפעלט, ער זאָל אויסזען ווי אַ רביש קינד.

מיטאַמאָל הער איך ווי דאָס יינגעלע רעדט אַ רוסיש ווי אַן אמתער קאַצאַפ. דאָס האָט מיך געוווּנדערט, מינסקער יידישע יינגלעך רעדן נישט אַזאַ רוסיש.

איך פרווו כאַפן אַ שמועס מיטן יינגעלע אין יידיש, נאָר דער קליינער פאַרשטייט קיין וואָרט נישט.

איך האָב מיינע אייגענע אויערן נישט געגלויבט. אַ מינסקער יידיש יינגעלע זאָל קיין וואָרט יידיש נישט פאַרשטיין?

ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָסדאָזיקע שיינע, שוואַרץ-הנעוודיקע יינגעלע מיטן חסידישן פנימל איז געווען נישט לאַנג צוריק אַ הפקר-קינד אין מאָסקווע, אַ „בעזפריזארני“. ער האָט זיך געוואַלגערט צוזאַמען מיט אַלע הפקר-קינדער אין די מיסטקאַסטנס, געבעטלט, אַרומגעלאָפן האַלב-נאַקעט.

איינמאָל זענען עטלעכע יידישע יונגע אַקטיאָרן געגאַנגען אויף אַ מאָסקווער גאַס און געגעסן אייז-קרעם. מיטאַמאָל איז צוגעלאָפן אַ הפקר-קינד און געזאָגט:

— „דיאַדיאַ, דאַי מאָראָושענאָיע!“

דאָס האָט די אַקטיאָרן געוווּנדערט. דאָס ערשטע מאָל האָבן זיי געהערט ווי אַ „בעזפּריזאָרני" בעט. געוויינלעך פירן זיך אַזעלכע חברה-לייט, אַז זיי כאַפּן, נישט זיי בעטן.

די אַקטיאָרן האָבן זיך מיט דעם יינגל פאַנאַנדערגערעדט און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ יידיש יינגל. זיי האָבן אים צוגערעדט ווערן אַ מענטש און ער האָט זיי געפאָלגט.

דאָס טרעפט זיך זעלטן, אַז אַזאַ קינד זאָל וועלן אַוועקגיין פון דער גאַס. אָבער דעם יינגל איז צווישן די חברים זיינע שלעכט געווען. ערשטנס, האָט ער געליטן צוליב זיין יידישקייט. אין די „בעזפּריזאָרני"-קרייזן, זעט אויס, איז דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם נאָכנישט שטאַרק געפירט געוואָרן... צווייטנס, איז דער קליינער אַן איידעלער, אַ צאַרטער, און ביי די הפקר-קינדער שפּילט דער קולאַק אַ גוואַלדיקע ראָלע.

דאָס יינגל האָט מיט פאַרגעניגן אויסגעביטן די גאַס אויף אַ שטוב. איצט איז ער צוזאַמען מיט די אַקטיאָרן אין מינסק. ער גייט אַ גאַנג, אַרבעט, און ער באַקומט עסן און קליידער. ער איז אַ טעאַטער-קינד. דאָס טעאַטער איז זיין היים, זיין טאַטע-מאַמע, און ער וועט שוין וואַרשיינלעך בלייבן אַן אַקטיאָר.

עס איז באמת שווער צו גלייבן, אָנקוקנדיק דאָסדאָזיקע שוואַרץ-חנעוודיקע געקרייזלטע יינגעלע, וואָס איז צאַרט ווי אַ בלום, אַז ער זאָל האָבן געווען אַ מיטגליד פון דעם שרעקלעכן לעגיאָן „בעזפּריזאָרני".

דעם צווייטן האָב איך באַגעגנט אין כאַרקאָוו. דאָס איז שוין אַ בחורל פון אַ יאָר זעכצן, אַ דאַרער, אַ כמורנער, מיט לייכטע קליידער אין ווינטער.

ער איז אַ פייערדיקער „קאָמסאָמאָליעץ", אַ „ראַבקאָר" (אַן אַרבעטער קאָרעספּאָנדענט) אַזש אין דריי צייטונגען, אין אַ יידישער, אין אַ רוסישער און אין אַן אוקראַאינישער. ער איז דאָס שיינדל פון די כאַרקאָווער „קאָמסאָמאָלצעס", טרעט אַרויס אויף אַלע מיטינגען, האַלט רעדעס, פּאָלעמיזירט, און דערצו שרייבט ער אויך לידער און ערציילונגען אין יידיש און רוסיש.

ער איז אויך פון דער גאַס, אַ הפקר-קינד געווען, און אויך

בעסער געוואָלט ווערן אַ מענטש, איידער בלייבן אין גאַס. אָבער ער איז שוין נישט אַזאַ צאַרטער, ווי דאָס יינגעלע פון מינסק.

ער איז אַן אָנגעכמורעטער, כאָטש נישט קיין שלעכטער, און ער האָט ליב זיך קריגן.

ווי נאָר ער האָט זיך מיט מיר באַקאַנט, האָט ער גלייך זיך געוואָלט קריגן מיט מיר.

מען האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר אים — אַ יידישער שרייבער.

— איך האָב נישט געהערט! — האָט ער געזאָגט בייז.

ער האָט, זעט אויס, ערוואַרט פון מיין זייט אַ „קעגנזייטיקן קאַמף". נאָר אַז איך האָב נישט בדעה געהאַט „קעמפן", האָט ער געביטן דעם טאָן אַביסל, אָבער נאָך אַלץ געווען שטייף.

— איר זענט אַ רעוואָלוציאָנערער שרייבער?—האָט ער מיך געפרעגט.

— דאַכט זיך אַז נישט, בלויז אַ שרייבער...

— און וווּ אַרבעט איר?

— אין „פאָרווערטס"...

דער בחור האָט מיך שיער נישט אויפגעגעסן אַ לעבעדיקן.

מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז דער זעלבער בחור אַרויסגעטראָטן אויף אַן אָוונט און געמוסרט שאַרף אַ יונגן יידישן פּאָעט, וואָס איז געקומען קיין רוסלאַנד.

— ווו זענט איר געווען — האָט ער געשריען — אין דער צייט, ווען מיר האָבן פאַרגאָסן בלוט?

איך מאַך אַ שפּאַס:

— ווי אַלט זענט איר?

— זעכצן יאָר — זאָגט דער בחור.

— ווען זשע האָט איר שוין באַוויזן צו פאַר..יסן בלוט? — פרעג איך.

דער בחור איז אויסער זיך:

— איר כאַפּט זיך אויף ווערטער — זאָגט ער — אַז איך זאָג „מיר", מיין איך נישט דוקא זיך אַליין, נאָר אונזער רוסלאַנד.

ער באַטראַכט מיך און גיט צו מיט פאַרדרוס:

— איר וועט מיט אוודאי באַשרייבן, מאַכן חוזק... אַזוי דאַרף מען נישט...

ער האָט געטראָפן, איך באַשרייב אים טאַקע, דעם בחור, נאָר קיין חוזק מאַך איך נישט. ער איז זייער אַ ווילער, קלוגער און פעיקער בחור. הלואי וואָלט מען מיט אַלע הפקר-קינדער גע-האַלטן אויף אַ צענט חלק ווי מיט אים!

איבעריקנס, שרייבט ער גאָר ערציילונגען. אַ קאָלעגע אייגנטלעך! אַ שאָד, וואָס איך האָב געהאַט אַזוי ווייניק צייט און נישט געהאַט די מעגלעכקייט אויסצוהערן זיינע ערציילונגען.

## יום־טוב אין דערוואָכן.

אין מאָסקווע איז עס געווען:

קומט צו מיר אַ באַקאַנטער און פרעגט מיך, צי איך בין אַ בעלן צו זיין בײַ ליובאַוויטשער חסידים אויף אַ יום-טוב.

אין מיין לוח איז דעם טאָג קיין שום יום-טוב נישט געווען, און מיין באַקאַנטער האָט מיר נישט געוואָלט זאָגן וואָסער יום טוב עס קאָן זיין.

— קומט צוועלף בײַנאַכט, וועט איר זען! — האָט ער געזאָגט.

דאָס האָט מיך געמאַכט נייגיריק. צוועלף בײַנאַכט האָב איך גענומען אַ פאַיעטאָן און צוגעפאָרן זיך צו אַ קליין געסעלע ער-געץ אַרום „מאַראָסייקא".

נישט אַזוי גיך האָב איך געטראָפן. אין געסעלע איז געווען פוסט און שטיל. די אַלטע טויערן זענען געשטאַנען פאַרשלאָסן. ערשט נאָך אַ היבש ביסל בלאָנדזשען, האָב איך דערהערט עפּעס אַ געזאַנג, אַ דין זמרל, וואָס האָט זיך געצויגן פון ערגעץ. אין דעם שטילן מאָסקווער געסעלע האָט זיך דאָס זמרל געדרייט ווי אַ פאַר-בלאָנדזשעטס, געעגבערט, געצויגן די נשמה. איך בין נאָכגעגאַנגען דעם זמרל און פאַרקראָכן עפּעס אין אַ שטומען הויף, אויף פינצטערע טרעפּ.

איך האָב אָנגעקלאַפּט. אפשר אַ פערטל שעה האָט מען נישט געענטפערט. ענדלעך איז מען צוגעקומען.

— קטאָ טאַם?

— אַ ייד!

די טיר האָט זיך געעפנט. אַ גאַנצע כאָפּטע יידן האָט באַגעגנט ווי אויף אַ חתונה:

— גוט יום טוב! גוט יום טוב!

איידער איך האָב זיך אומגעקוקט, האָב איך געהאַט אַ גלעזל בראָנפן אין האַנט.

— טרינקט לחיים!

— אַ דאַנק!

— נישטאָ וועמען צו דאַנקען! — ענטפערט אַ ייד מיט אַ גע־קרייזלט בערדל — דאָס איז קיינעמס נישט.

דער עולם איז „בגילופין". צוויי יונגעלייט, דוקא מיט גע־גאָלטע בערד, טאַנצן אויפן טיש. אַנדערע זינגען, שרייען. אַ יינגער אַן אַלטער ייד גיסט אין זיך בראָנפן אָן אַ שיעור, גאַנצע פלעשער, און איז ביים שכל.

— גוט יום טוב! — שרייט ער אַלע מאָל אויס און פאַטשט אין די הענט — גוט יום טוב, יידן, פריילעכער, פריילעכער!

איך האָב זיך שטאַרק געשעמט. זיצן יידן, טרינקען, פרייען זיך, טאַנצן, ווינטשן זיך, שרייען גוט יום טוב און איך הויב ניט אָן וויסן וואָסער יום טוב עס איז. פרעגן האָט זיך נישט שטאַרק געפּאַסט, נאָר איך האָב קיין ברירה נישט געהאַט און געפרעגט ביי איינעם אַ יונגנמאַן.

— וואָס, איר ווייסט גאָרנישט? — האָט מיר דער יונגערמאַן געענטפערט. — היינט איז דאָך עפּעס י"ט כסלו.

איך האָב געזאָגט אַ דאַנק און, צו מיין גרויסער חרפּה, ווייטער נישט געוווּסט. וואָרום וואָס איז י"ט כסלו אַזאַ וויכטיקער טאָג?

איך האָב ווידעראַמאָל אויסגעטאָן די חרפּה און איך בין דערגאַנגען.

אַמאָל, אַמאָל, מיט אַ סך יאָרן צוריק, איז אַ ליובאַוויטשער רבי געווען. האָט דער רבי געהאַלטן פון ארץ־ישראל און געזאַמלט געלט ביי זיינע חסידים פאַר ארץ־ישראל. זענען דאָך געווען מתנגדים אויף

דער וועלט, האָבן זיי געמסרט דעם רבין, אַז ער זאַמלט געלט, כדי צו ווערן אַ קעניג אין ארץ־ישראל... האָט די רוסישע פּאָליטישע פּאָליציי זיך שטאַרק דערשראָקן, מורא געהאַט, דער ליבאַוויטשער רבי זאָל נישט קאָנקורירן מיטן רוסישן צאַר, האָט מען גענומען דעם רבין, געבונדן אין קייטן און איינגעזעצט אין שליסלבורגער אָדער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, ווו מען האָט געהאַלטן אַלע רעוואָלוציאָנערן.

גייענצן טאָג אין כסלו האָט מען דעם רבין באַפרייט, און פון דעם טאָג אָן פּראַווען די ליבאַוויטשער חסידים יום טוב. מען טרינקט וויין און מען הוליעט אַ גאַנצע נאַכט.

צווישן דעם עולם האָב איך געזען אינזשעניערן, (אין רוסלאַנד דערקענט מען אינזשעניערן לויט זייערע צייכנס אויף די היטלען), באַאַמטע ביי די סאָוויעטן, סטודענטן. נישט קיין גרויסע לומדים, זענען זיי געזעסן און אויסגעהערט די תורות פון אַ יידל מיט אַ געקרייזלט בערדל, פּונקט ווי די אַמאָליקע עם־הארצים פלעגן אויסהערן די תורה, וואָס אַ ייד אַ למדן זאָגט אין בית־המדרש, און פאַרשטייען קיין וואָרט נישט.

דאָס האָט זיי די רעוואָלוציע פרום געמאַכט. וועמען זי האָט געמאַכט פאַר אַפּיקורסים און וועמען זי האָט געמאַכט פרום — און זיי קומען צו די ליבאַוויטשער חסידים, מאַטערן זיך געבעך צו פאַרשטיין אַ וואָרט תורה און זענען פרום סכנת־נפשות.

אַגב, האַלטן זיי אויס אַ גאַנצע חברה ישיבה־בחורים, וואָס זיצן אין דער שטאָט פון פערציק מאָל פערציק קלויסטערס און פערציק מאָל פערציק קאָמונעס און לערנען תורה מיט גרויס התמדה.

איינער פון די ישיבה־בחורים, אַ בחור מיט אַ היפשער באָרד, שיט מיט תורה, ווי פון אַ זאַק. ער איז שוין צו ביסלעך מאָדערן, ער באַנוצט אין זיין תורה אַ סך רוסישע ווערטער און ער וויל שטאַרק געפעלן ווערן די „גלוחים".

דער אַלטער ר' פּרץ, אַ ייד אַ „חבדניק" און אַ חכם, רייסט אים איבער די תורה:

— אַפילו אין י״ט כסליו — זאָגט ער — דאַרף אַ ייִד נישט זיין קיין שוטה...

און אַז דער עולם וויל פאָרט אַ שטיקל תורה, זאָגט ר׳ ברוך אייגענע.

— איר ווייסט, רבותי, — פרעגט ער — פאַרוואָס מען טאָר נישט טרינקען בראָנפן פון קיין קליין גלעזעלע? ווייל ס׳איז אַ סכנה, אַז מען זאָל, חלילה, נישט אַראָפשלינגען דאָס גלעזעלע...

# דער יורד

אומעטום קענט איר אים טרעפן — אין באַן, אין רעסטאָראַן, אין קראָם. ביי אים איז שטענדיק דער מאַנטל עטוואָס אָפגעריבן, די שיך אָפגעפוצט, נאָר אָפגעטראָגן, דער קראַגן געפרעסט, נאָר נישט גאַנץ ריין, אויפן קאָפּ טראָגט ער אַ היטעלע, אַ פּראָלעטאַרישס, נאָר עס ליגט נישט ביי אים אַזוי נאַטירלעך, ווי ביים אמתן פּראָ-לעטאַריער, עפּעס שטייט עס אָפּ, ליגט עטוואָס קרימלעך, מ׳זעט, אַז דער קאָפּ איז נישט אויף קיין היטעלע, ער בעט זיך אַ הוט, און אין יום טוב — אַ צילינדער.

צום ערשטן באַטראַכט ער מיין מאַנטל, מיין קאָסטיום. איך האָב נישט געוווסט, פאָרנדיק קיין רוסלאַנד, אַז אין רוסלאַנד זענען העלע מלבושים אַ סענסאַציע, אַז מען קריגט נישט קיין העלע סחורות. רעכענענדיק, אַז אין וועג זענען בעסער גרויע קליידער, האָב איך מיטגענומען אַ העלן מאַנטל און אַ העלן קאָסטיום — און דאָס ציט אויפמערקזאַמקייט פון אַלע זייטן. איך וואָלט שוין אָנגעטאָן זיך אין טונקלס, כדי זיין אַ מענטש מיט לייטן גלייך, נאָר איך האָב נישט.

— איר זענט אַן אויסלענדער?

— אַן אויסלענדער.

— פון וואַנען? פון אַמעריקע? ענגלאַנד?

— ניין, פון פוילן.

מיינע אַקציעס פאַלן אַביסל, נאָר נישט אינגאַנצן. פוילן איז טאַקע נישט אַמעריקע, נישט ענגלאַנד, אָבער אויסלאַנד איז עס פאָרט.

— וויפל אַ שטייגער דאַרף קאָסטן ביי אייך צ״אַ מין קאָסטיום, ווי אָט דער, וואָס איר טראָגט?

— אויף רוסיש געלט אַן ערך פופציק רובל.

— אַי, אַי, אַי! ביי אונז וועט איר אים נישט קריגן פאַר קיין הונדערט, אַז מען אַרבעט גאַרנישט אַזעלכע סחורות — ווייס איך וואָס? נו, און דער הוט אייערער?

— פופצן רובל.

— אַי, אַי, אַי! לאָזט אים אָנטאַפּן, האָט נישט פּאַראיבל...

— ביטע זער!

— אַ טייערער הוט! ביי אונז וואָלט איר פאַר אים אָפּגעצאָלט פינף און צוואַנציק רובל... וואָס רעד איך, איר וועט אים פאַר קיין פופציק נישט באַקומען, אַז מען זעט גאָרנישט אַזעלכע. נו און דער טשעמאָדאַן אייערער וויפל דאַרף קאָסטן?

— אַ רובל פינף און דרייסיק.

— אמתע לעדער?

— גיט אַ קוק. איך קען מיך נישט אויף דעם.

— אמתע! טאַקע די עכטע לעדער! נו, און דער פּאָרטפעל אייערער?

— אַ רובל צען.

— נאָט אייך שוין פינף און צוואַנציק?

— אַ דאַנק, איך האַנדל נישט מיט פּאָרטפעלן.

— מיט וואָס האַנדלט איר?

— איך האַנדל נישט.

— וואָס דען? אַן אינזשעניער? געקומען אַהער „סטראָיען?” דאָ ברענגט מען דאָך אינזשעניערן אַלץ פון אויסלאַנד.

— אויף אַן אמת?

— וואָס דען? אונזערע וועלן עפּעס קענען! נאָר רעוואָלוציעס קאָן מען דאָ מאַכן...

— איך זע ביי אייך מאַסן אינזשעניערן — זאָג איך.

— ווייס איך וואָס! קיין אַלטע אינזשעניערן איז נישטאָ, פאַראַן ווייער ווינציק, און די נייע קענען גאָרנישט.

— פאַרוואָס? נישטאָ קיין פּאָליטעכניקומס, פּראָפעסאָרן?

— נישטאָ!

— אָבער אין אַלע שטעט איז דאָך פאַראַן מאַסן הויך-שולן, טעכניקומס.

— און אַז עס זענען דאָ, קענען זיי דען עפּעס?

— פאַרוואָס זאָלן זיי נישט קענען?

— ס'איז נישט! — זאָגט דער ייד און מאַכט אַוועק מיט דער האַנט — גלויבט מיר, אַז דאָס, וואָס איר קאָנט אין שלאָף, קענען „זיי" דאָס נישט בייטאָג.

— נישט אמת!

— פאַרוואָס?

— ווייל איך קאָן אפילו בייטאָג נאָך ווינציקער אינזשינעריע, ווי אייערע אינזשעניערן אין שלאָף. איך בין נישט קיין אינזשעניער.

— וואָס דען?

— אַ זשורנאַליסט!

— אַ זשורנאַליסט! — דערפרייט זיך דער ייד — ווייסט איר דאָך יאָ וואָס אויף דער וועלט טוט זיך! זאָגט, „זיי" וועלן נאָך לאַנג זיצן אויפן בענקל?

— ווער?

— נו, „זיי" — בויגט זיך צו דער ייד — „זיי", די „באָסיאַקעס".

— פאַרוואָס זאָלן זיי דען אַראָפּגיין? — ווער וועט זיי אַראָפּטרייבן?

— כ'מיין... אויסלאַנד!

— צוליב וואָס זאָל עס אויסלאַנד טאָן?

— וואָס דען, אַזוי איז אַ תכלית? — געוועזן אַ ייד אַ גביר,

ווי איר קוקט מיך אָן, אייגענע הייזער און מילן און שפּייכלערס און פּלעצער, וואָס נישט? — איצט זעט!

ער ווייזט זיין היטעלע, דאָס פּראָלעטאַרישע היטעלע, וואָס וויל נישט זיצן ווי געהעריק ביי אים אויפן קאָפּ.

— אַ תּל געמאַכט פון אַלץ — זאָגט דער ייד ווייטער — אַ תּל געמאַכט פונם ביסל יידן.

— וואָס עפּעס פונקט פון יידן? דאָ מאַכט מען דען אַן אונטערשיד פון גוים ביז יידן?

— אָהאָ! אַלץ אויפן ייד! ווען מען פאַרשיקט מען קיין סיביר פאַר ספּעקולאַציע? דעם ייד! ביי וועמען נעמט מען צו די הייזער? ביי דעם ייד! אַלץ דער ייד!

— נו און ביי די פּריצים האָט מען גאָרנישט גענומען?

— יאָ, אָבער דעם ייד לאָזט מען גאָרנישט לעבן. אַפילו לייבעלען, וואָס דאַרף מען מער! אַזאַ קאָפּ-מענטש, האָבן זיי אים, די באַסיאַקעס, אַרויסגעטריבן — אַלץ ווייל ער איז אַ ייד — און זינאָוויעוון און קאַמענעוון. אַלע וועט מען אַרויסטרייבן...

— וואָס-זשע, איר נעמט זיך אָן טראָצקיס עולה? אַזאַ פריינט אייערער?

— קיין גרעסערע זאָל ער נישט האָבן! נאָר אַ פּאַרוודאָס איז! אַפילו אַזאַ קאָפּ-מענטש טרייבט מען אַרויס, און מען זעצט אַוועק אַ גוי, אַ גראָבן קאָפּ אויף זיין אָרט... אַלע „סלוזשאַשטשעס" וועט מען אויך אַרויסשיקן. מען צעטרייבט זיי שוין.

— וואָס רעדט איר? ווו מען קומט אַריין אין אַן „אוטשרעזשדיעניע" איז דאָך פול מיט יידן!

— דאָס איז גאָרנישט. איר וועט זען מיינע רייד, אַז אַלע יידן וועלן נאָך דאָ גיין בעטלען...

— נו און וועגן ערד, וואָס מען גיט יידן, וואָס זאָגט איר?

דער ייד קוקט מיך אָן מיט אַזעלכע רחמנותדיקע אויגן, ווי מען באַטראַכט אַ משוגענעם.

— רעדט בעסער נישט! מען האָט זיי נישט אַוועקגעזעצט אויף ערד, נאָר אין דער ערד...

— וואָס רעדט איר?

— ווי איר זעט מיך אַ יידן!
— איר זענט געווען אין די קאָלאָניעס?
— וואָס דאַרף איך זיין, אַז איך ווייס...
— גערעדט מיט קאָלאָניסטן?
— וואָס דאַרף איך רעדן, אַז איך ווייס אַזוי גאַנץ גוט!..
— פון וואַנען ווייסט איר?
— וואָס בין איך דען נישט קיין רוסישער? איך ווייס נישט וואָס דאָ טוט זיך? אַראָפּגעקומען אין די שטעטלעך, די „באָסיאַקעס"' צוגעזאָגט גילדענע גליקן, אַראָפּגעפירט יידן פון וועג, און איצט רייסן זיי פון זיך דאָס פלייש, די יידן...
— פאַרוואָס?
— זיי זענען הונגעריק, נאַקעט, גייען בעטלען — נאָר דאָס איז נאָך גאַרנישט. די גוים, די חזירים, טרייבן זיי, קוילען זיי אויס.
— ווו דאָס?
— ווו נישט?
— אָבער איך פאָר דאָך איצט פון די קאָלאָניעס. קיין שום שלעכטס ווערט קיינעם נישט געטון.
— גלויבט נישט...
— איך דאַרף נישט גלויבן. איך האָב געזען מיט מיינע אויגן.
— דאָס האָט מען אייך ספּעציעל געפירט אין איין אָרט. גלויבט זיי נישט!
— מען האָט מיך נישט געפירט, איך בין אַליין געפאָרן, און נישט אין איין דאָרף, נאָר אין אַ סך קאָלאָניעס.
— דאָס איז גאָרנישט, פאָלגט מיך. מען האָט אייך אָפּגענאַרט.
— איך האָב אַליין גערעדט מיט די קאָלאָניסטן.
— דאָס האָבן זיי מורא געהאַט צו זאָגן דעם אמת, מען זאָל זיי נישט פאַרשיקן אין סיביר...
— אָבער זיי האָבן נישט מורא. ווען ס'איז נישט גוט, קלאָגט זיך.
— ווייס איך וואָס! דאָס איז אַלץ אָנגעשטעלט פאַר פרעמדע, פאַר דעלעגאַציעס...

— האָט מען אַלע קאָלאָניעס אָנגעשטעלט?
— וואָסי? זיי קענען אַלץ, די באָסיאַקעס...
— נו און וואָס וועט איר זאָגן וועגן דעם, וואָס מ׳פירט אַריין ייִדן אין די פאַבריקן?
— ווייס איך וואָס? — מ׳פירט גאָרנישט.
— גאָרנישט?
— גאָרנישט.
— איך ווייס פון טויזנטער ייִדן, וואָס מען האָט אַריינגעפירט אין די פאַבריקן...
— גלויבט נישט, מען נאַרט אייך אָפּ.
— איך האָב זיי אַליין געזען אין די פאַבריקן.
— דאָס האָט מען אונטערגעשטעלט פאַר דעלעגאַציעס.
— אין אַזוי פיל פאַבריקן?
— וואָס איז? וואָס טוען זיי דען נישט, די באָסיאַקעס?..
דער ייִד פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס.
— איך וואָלט אייך מכבד געווען — זאָגט ער מיט אַ שמייכל— נאָר איר זענט מסתמא געוויינט צו בעסערע פּאַפּיראָסן, צו אויסלענדישע...
— ביי אייך זענען גאַנץ גוטע פּאַפּיראָסן, רוסישע פּאַפּיראָסן זענען די בעסטע...
— ווייס איך וואָס! — מאַכט דער ייִד אַוועק — דערציילט בעסער, וואָס הערט זיך אין אויסלאַנד. וואָס מאַכן ייִדן ביי אייך?
— אויך נישט וואַזשנע.
— וואָס איז? מען לאָזט דען נישט האַנדלען?
— יאָ, נאָר עס איז נישטאָ מיט וועמען צו האַנדלען.
— דאָס איז גאָרנישט! אַבי מען לאָזט האַנדלען, איז אַנדערע ווערטער. די פאַבריקן אַרבעטן אַלע? האַ!
— נישט אַלע...
— וואָס איז, מען לאָזט נישט?
— יאָ, נאָר נישטאָ פאַר וועמען, קיין מאַרק נישטאָ
— נאַרישקייטן. אַבי מען קאָן טרייבן, איז קיין זאָרג נישט —

ביי אייך שיקט מען נישט יידן אויף ערד, הא? מען מאכט נישט פון יידן קיין עשיות?

— צום באדויערן, נישט.

— וואָס איז, איר וואָלט געוואָלט, מען זאָל מאכן פון יידן פויערן, מוזשיקעס?

— א סך יידן וואָלטן עס געוואָלט...

— גייט שוין, גייט! — זאָגט דער ייד — באהיט זאָל מען ווערן, ט'איז אן עסק פאר גוים. יידן דארפן האנדלען, ווי שטענדיק.

— און אז ס'איז נישטאָ ביי וואָס צו האנדלען?

— אך, פרייהייט, אבי מען לאָזט פירן, איז אויסגעזאָרגט, יידעלע וועט זיך שוין געבן אן עצה...

וויפל איך זאָל נישט אויפווייזן דעם ייד, אז „יידעלע" איז גאָרנישט אזא כול-יכול, ווי ער מיינט, וועט מען אים נישט איבער-צייגן.

— גייט שוין גייט, וואָס א ייד האט שכל אין נאָגל, האָבן עס נישט טויזנט גוים אין קאָפ...

— און ווי גייט עפעס ביי אייך די ארבעט?

— וואָסער ארבעט? — בייזערט זיך דער ייד — ווען ארבעט?

— וויפל ארבעטסלאָזע ציילט דאָס לאנד?

— ארבעטסלאָזע? מיליאָנען! וואָס רעד איך? צענדליקער מיליאָנען.

— פון וואנען ווייסט איר?

— וואָס, מען זעט דען נישט? אלע גייען ליידיק.

— ווען אלע זאָלן גיין ליידיק, ווער פונדעסטוועגן ארבעט פארן לאנד?

— מען ארבעט טאקע נישט.

— אָבער אלע פאבריקן ארבעטן דאָך.

— גלויבט נישט!

— אָנגעשטעלט?

— אָנגעשטעלט!

— וואָס דארפט איר רעדן מיט מיר? — זאָגט מיטאמאָל דער

ייד — רעדט מיט זיי אַליין, מיט די „ראַבאָטשע" וועט איר הערן, וואָס זיי זאָגן!

— נישט צופרידן?

— שרעקלעך!

— פון וואַנען ווייסט איר? — איר קומט אין די פאַבריקן?

— ניין.

— אין די קלובן?

— ניין!

— פון וואַנען דען ווייסט איר?

— פאַרוואָס זאָל איך נישט וויסן? כ'בין דען נישט אין רוס-לאַנד?

— עס לעבט זיך זיי ערגער ווי פאַר דער קריג?

— אַ פאַרגלייך אַ שיינער! — דעמאָלט האָבן זיי געלעבט ווי די מאָנאַרכעס...

— פאַר צוואַנציק רובל אַ חודש?

— אָהאָ, זיי האָבן נאָך אָוועקגעלייגט געלט...

— איך ווייס, אַז ס'איז נישט ערגער ווי פאַר דער קריג.

— גלויבט נישט.

— די אַרבעטער אַליין האָבן מיר געזאָגט.

— דאָס איז גאָרנישט. זיי מוזן אַזוי זאָגן.

— אָבער היינט אַרבעט מען פונדעסטוועגן ווייניקער.

— דאָס איז גאָרנישט. אַן אַרבעטער איז נאָך צופרידן, אַז ער אַרבעט!

— די אַרבעטער האָבן עס אייך געזאָגט?

נייִן.

— פון וואַנען-זשע ווייסט איר?

— איך ווייס.

— מיר האָבן זיי געזאָגט, אַז זיי זענען יאָ צופרידן.

— גלויבט זיי נישט. אונטערגעשטעלט פאַר פרעמדע.

— אַלע?

— וואָס איז? שפּילט אַ ראָלע ביי זיי?

— נו און די פויערן ווי גייט עס?

— שרעקלעך!

— איר קומט אין דאָרף?

— ניין.

— איר באַגעגנט זיך מיט פּויערן?

— כ׳האָב שוין נישט וואָס צוטאָן, נאָר מיט די חזירים זיך צו באַגעגענען?

— פון וואַנען זשע ווייסט איר, וואָס ביי די פּויערן טוט זיך?

— איך ווייס.

— נו, און די ערד, וואָס מען האָט זיי אָוועקגעגעבן, די פּריציש גיטער?

— דאָס איז גאָרנישט.

צום סוף גיב איך דעם ייד די סאַמע קיצלדיקסטע פראַגע:

— וואָס זאָגט איר עפּעס צו די יידישע שולן?

— וואָסערע שולן? — בייזערט זיך דער ייד — אַז פון די שולן האָט מען געמאַכט קלובן!

— ניין, איך מיין די שולן פאַר קינדער!

— די שקאָלעס, אוטשילצשטשעס?

— יאָ, יאָ.

— רעדט בעסער נישט! — מען מאַכט אַ תל פון די קינדער, מען הייסט זיי גאָר לערנען זשאַרגאָן!

— וואָסזשע שאַדט עס?

— וואָס הייסט, וואָס עס שאַדט! וואָס פאַר אַ תכלית וועט זיין פון זשאַרגאָן?

— אָט רעדט איר דאָך אויך „זשאַרגאָן״?

— וואָס איז? מ׳טאָר נישט רעדן?

— פאַרקערט, נאָר פאַרוואָסזשע זאָלן אייערע קינדער נישט לערנען אין יידישע שולן אויף יידיש?

— וואָס דען? מען זאָל יאָ לערנען אויף יידיש?

— פאַרוואָס נישט?

דער ייד באַטראַכט מיך, באַקוקט מיך פון קאָפּ ביז די פיס, רוקט זיך אָפּ פון מיר אויף אַ שטיקל אָרט, כדי ער זאָל מיך

קענען נאָך בעסער באַטראַכטן, און דאָס בערדל הייבט ביי אים אָן ציטערן.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, הער, כ׳מיין חבר, ס׳הייסט, המ...

איר זענט נישט אַמאָל אַ „פּאַרטייעץ״?

— ניין!

— עס מאַכט נישט אויס! עס קומען אָפּט צו אונדז געסט, פּאַר־טייצעס פון אויסלאַנד. ערשט יענע וואָך איז אויך געווען אַזעלכער.

-- ניין, איך בין נישט קיין פּאַרטייעץ.

— נו, ווי איר ווילט... מיינסטאַלבן קענט איר יאָ זיין! מיינער אַן אייגענער זון איז אויך אַ קאָמסאָמאַלעץ און איך שטער אים נישט. ווילסט זיין אַ קאָמסמאָלעץ, זיי געזונטערהייט, איך בין אַ מענטש נישט קיין פּאַנאַטיקער, ווי זאָגט מען עס, אַ פרייער מענטש, טאָלע־ראַנט, ווילסט אַזוי, זאָל זיין אַזוי...

איך פּרוּוו דעם ייד איבערצייגן, אויפווייזן, אַז איך בין נישט קיין פּאַרטיי־מאַן, קיין קאָמוניסט, און ער האָט זיך נישט וואָס צו שרעקן, נאָר עס העלפט מיר נישט.

— פּאַרוואָס? — זאָגט דער ייד מיט אַ חניפה־שמייכעלע — אדרבה, איר זענט אַ יונגער מענטש, איר גייט ערשט אויף דער וועלט און איר קאָנט זיין אַ קאָמוניסט. איך בין, ווי איר זעט, אַ מענטש, וואָס קען מיט אַלע אויסקומען. ווילסט זיין פרום, איז פרום! ווילסט זיין פריי, איז פריי! ווילסט זיין אַ קאָמוניסט, זיי דיר געזונטערהייט אַ קאָמוניסט! איך קען זיך, ווי איר קוקט מיך אָן, מיט קאָמוניסטן אויך, און מיר זענען די בעסטע פריינט. אָהאָ, אפילו אין דער פּאָ־ליטיק ווייס איך אַלץ, אַלע אַרטיקלען אין דער „פּראַוודאַ״ און „איז־וועסטיאַ״ לייען איך, כ׳בין אַ מענטש נישט קיין פּאַנאַטיקער, טאָלעראַנט. וואָס צו גאָט איז צו גאָט און וואָס צו לייט איז צו לייט — נישט אַזוי, חבר?

איך פּרוּוו נאָך אַמאָל כאַפּן אַ שמועס מיטן ייד.

— ר׳ ייד, — זאָג איך — ווי איז אייער מייגונג מכּה...

נאָר דער ייד האַלט זיך פּאָרזיכטיק.

— איר קענט מיר זאָגן חבר — זאָגט ער — איך בין נישט קיין פּאַנאַטיקער. היינט זענען אַלע חברים, הע־הע, ווי שטייט עס?

„כל ישראל חברים״ — אַלע חברים... האָט מיר אַ גוטן, האָט נישט פּאַראיבל, איך דאַרף אַראָפּגיין.

ייד רוקט זיך אַרויס פון וואַגאָן, וואַרפט ציטערנדיקע בליקן צו מיר, צי איך פאַרהאַלט אים נישט, און גייט מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ אַרויס.

און אין אַלץ זענען שולדיק די יידישע שולן, ווען וועלכע איך האָב מיט אים גערעדט.

דאָס האָט אים שוין איינגאַנצן איבערצייגט, אַז איך בין פון יענע לייט.

# אַלימענטן

דאָס איז די פּאָפּולערסטע טעמע אין איצטיקן רוסלאַנד. מיט אַלימענטן זענען פול די צייטונגען, די געריכטן, די הומאָריסטישע בלעטער, די קאַבאַרעטן, די נאַכט-לאָקאַלן.

— „אַלימענטי!" — שרייט מען פון אַלע זייטן צו דער זינ-גערקע פון קאַבאַרעט — „אַלימענטי!"

די זינגערקע מוט צוליב און גיסט טרערן איבערן ביטערן מזל פון די מענער, די אַלימענטן-צאָלער.

„מאטריאנא טימאפעיעווא, מאטריאנא טימאפעיעווא
האָט פאַרבעטן וואסיל איוואנאָוואָטשין אויף טיי.
הערט, מענטשן, ווינדער!
מאַטריאָנא טימאָפעיעווא געבוירט קינדער
פון טיי! אוי, פון טיי!
וואסיל איוואַנאָוויטש רייסט זיך די האָר
פון טיי גאָר? —
נאָר מאַטריאָנאַ טימאָפעיעוונא ווייזט דעם בויך —
א צווילינג א גאַנצער, ס'גייט אַ רויך.
האָט עדות, עדותטעס, אוי ווי —
זיי האָבן אלײן געזען, ס'איז געקומען פון טיי.
אַלימענטן,
אלימענטן!"

איך בין נישט גאַנץ זיכער, צי מיין איבערזעצונג איז לויט אַלע געזעצן פון פּאָעזיע. סך-הכל איז דאָס מיין ערשט ליד אין

לעבן, און מען דאַרף מיר מוחל זיין. אין אָריגינאַל איז עס פיל בעסער, און דער עולם אין די רעסטאָראַנען האָט שטאַרק הנאה.

— בראַוואָ! — שרייט מען — ביס! אַלימענטן!...

נישט קיין ווונדער. ס'ליגן, נעבעך, גוט אין די לעבער יעדן, דידאָזיקע פאַרשאָלטענע אַלימענטן. אין יעדער שטוב כמעט איז אַן אַלימענטן-טראַגעדיע. ס'איז די מעשה מיט מענדעלע מוכר ספרימס יידן, וואָס אָדער זיי געבן נדבות, אָדער זיי נעמען נדבות; אָדער מען גיט אַלימענטן אָדער מען נעמט אַלימענטן — און מען ווילט זיך אַליין אויף דעם חשבון.

— ווי גייט עס? — פרעגט איוואַן ניקאָלאַיעוויטש זיין פאַרטיי-חבר דאַוויד סאַמואילאָוויטש.

— נישקשה, נאָר די אַלימענטן פרעסן אויף. דריי אַלימענטן צאָל איך, און אַ ווייב מיט קינדער מוז מען אויך אויסהאַלטן...

— ווי אַזוי־זשע קומסטו, פונדעסטוועגן דורך?

— דאָס איינציקע גליק איז, וואָס מיין ווייב נעמט אויך דריי אַלימענטן...

איצט איז שוין דערדאָזיקער וויץ אַלט-געבאַקן. בעת מיין ווייל־ן אין רוסלאַנד איז ער געווען ניי און ער האָט אַמבעסטן כאַראַקטע-ריזירט די אַלימענטן-פראַגע. צו די טראַגישסטע און קאָמישסטע קאָנפליקטן, צו די משונהדיקסטע טראַגי-קאָמעדיעס ברענגען די אַלימענטן. אָט אַזוי, אַ שטייגער, האָט מאָסקווע, בעת מיין פאַר-ברענגען דאָרט, געוויצלט זיך איבער אַזאַ מין פראָצעס:

אַ מיידל האָט אָנגעקלאָגט איר שעף פון אַן אַמט, אין וועלכן זי אַרבעט, אַז זי איז פון אים שוואַנגער געוואָרן און געפאָדערט אַלימענטן. זי האָט געבראַכט עדותטעס, וואָס האָבן דערציילט פאַרן געריכט, אַז זיי האָבן אָפט געזען די אָנקלאָגערין צוזאַמען מיטן שעף אירן, און איינמאָל, אַריינקומענדיק צו זייער חברטע אין צימער, האָבן זיי באַגעגנט זיצן דעם אָנגעקלאָגטן ביי דער אָנקלאָגערין אויפן בעט א. א. וו.

דער אָנגעקלאָגטער האָט געשוואוירן ביי אַלעם הייליקן, אַז ער ווייסט פון קיין שום זאַך נישט, אַז ער האָט מיט דער אָנקלאָגערין קיין שום באַציונג נישט געהאַט, און דאָס, וואָס מען האָט אים גע-טראָפן זיצן ביי דער אָנקלאָגערין אויפן בעט איז געווען צוליב

דעם, וואָס די אָנקלאָגערין איז נישט געקומען אין אַמט אַרבעטן, זי איז קראַנק געוואָרן, ער איז זי געגאַנגען מבקר-חולה זיין, זי האָט אים געבעטן זיצן אויפן ברעג בעט, ווייטער ווייסט ער גאָרנישט.

אָבער דאָס געריכט האָט נישט געגלויבט זיינע רייד און צוגעפּסקנט, אַז ער זאָל צאָלן אַלימענטן דער אָנקלאָגערין.

אַזוי ווי די סומע, וואָס מען האָט דעם מיידל צוגעפּסקנט, איז געווען אַ היפּשע און האָט געמאַכט אַ חורבן אין דעם אָנגעקלאָגטנס מאָגערע פאַרדינסטן, האָט זיך דער אָנגעקלאָגטער געמוזט מודה זיין, אַז ער איז שוין פון לאַנג אַ קראַנקער מענטש און אַז ער איז בכלל נישט אימשטאַנד צו האָבן אינטימע פאַרהעלטענישן מיט אַ פרוי.

דאָס האָט אויך באַשטעטיקט זיין אייגענע פרוי.

אָבער דאָס געריכט האָט אין דעם פאַל דעם עדות נישט געקאָנט גלויבן, ווייל די פרוי איז דאָך פאַראינטערעסירט, אַז דער מאַן זאָל נישט צאָלן קיין געלט אַ פרעמדער פרוי. דער מאַן האָט געמוזט ברענגען באַווייזן פון דאָקטוירים, וואָס האָבן באַשטעטיקט זיינע רייד. מען איז דערגאַנגען, אַז די אָנקלאָגערין, וועלכע איז געווען שוואַנגער פון אַן אַנדער מאַן, ביי וועלכן זי האָט גאָרנישט געקאָנט מאָנען, האָט אויסגעזוכט אַלס קרבן דעם שעף אירן; זי האָט אונטערגעשטעלט חברטעס, וואָס זאָלן „פונקט" קומען, ווען ער געפינט זיך בײַ איר, און געוואָלט אַרויסבאַקומען פאַר זיך אַ געהאַלט.

אין איינעם אַ געריכט איז פאָרגעקומען אַ פּראָצעס איבער אַלימענטן, וואָס אַ פרוי האָט געפאָדערט פון אַן אַרבעטער אַ פּאַמיליען-מענטש. דעם אַרבעטערס פרוי איז געווען פאַרביטערט. עס איז איר פאָרגעשטאַנען אַראָפּצוגעבן אַ דריטל פון מאַנס מאָגערע פאַרדינסטן, אָפּנעמען בײַ אירע קינדער פון ביסן און אַוועקגעבן צום מאַנס געליבטער. זי האָט די קאָנקורענטקע אָנגעכאַפּט בײַ די האָר, געריסן אָן רחמנות און געשריגן פאַרן געריכט:

— ווייסט נישט, אויסגעלאַסענע, אַז ס'זענען דאָ פּרעזערוואַטיוון אויף דער וועלט?...

דאָס איז איינע פון די אָנגעווייטיקסטע פראַגן אין איצטיקן רוסלאַנד. אויף אַלע פאַרזאַמלונגען, צוזאַמענפאָרן ווערט איבער דעם גערעדט, דיסקוסירט, און מען קאָן צו קיין טאָלק נישט קומען.

און קיין וווּנדער נישט! קאָן מען דען אין עטלעכע יאָר לעזן די אייביקע פראַגע פון מאַן און ווייב, „ער“ און „זי“, וואָס ליגט אויף דער מענטשהייט פון טויזנטער יאָרן ווי אַ שטיין? —

די רעוואָלוציע האָט געמוזט צעברעכן די אַלטע פאַמיליען-פעסטונג, אין וועלכער מיליאָנען מענטשן זענען געווען פאַרשפאַרט. ווער ס'איז באַקאַנט מיט די אַלטע רוסישע געזעצן וועגן פאַמיליען-לעבן, ווייסט מיט וואָסערע קייטן פאַמיליעס זענען געווען געבונדן. אויב אַ גט איז נאָך געווען מעגלעך ביי רייכע און מעכטיקע, וואָס האָבן מיט גאָלד געקאָנט דורכברעכן די ווענט פון הייליקן סינאָד, דעם איינציקן באַלעבאָס איבער גט'ן, — איז עס פאַר גיין און נייַנציק פראָצענט פון דער פיל-מיליאָניקער רוסישער באַפעלקערונג געווען אַן אויסגעשלאָסענע זאַך.

וויפל דראַמעס און טראַגעדיעס זענען אויף דער טעמע אָנגעשריבן געוואָרן. איז דאָך טאָלסטאָיס גענიאַל ווערק „אַננאַ קאַרענינאַ“ נאָר אַ פועל-יוצא פון אַמאָליקן פאַמיליען-פעסטונג. און וויפל טויזנטער מאָרדן, רציחות זײַנען פאָרגעקומען נאָר דערפאַר, ווייל קיין אַנדער זאַך, אַ חוץ דער רעוואָלווער און דאָס מעסער, איז נישט איכשטאַנד געווען איבערצוהאַקן די קייטן פון פאַמיליען-לעבן.

די רעוואָלוציע האָט מיטאַמאָל די קייטן איבערגעשניטן און דאָס פאָלק איז אַרויס מיט אַ ווילדן אימפעט פון פעסטונג. — „דער קערפער איז דיין און נאָר דו אַליין ביזט איבער אים דער באַלעבאָס!“ — האָט געזאָגט די רעוואָלוציע מיט רעכט. אָבער באַלד האָט מען דערזען, אַז נישט אַזוי גיך קאָן מען געבן מענטשן רעכט אפילו אויף זיין אייגענעם קערפער. — עס איז געוואָרן אַ הפקרות. יונגע מיידלאַך פלעגן אָפּשלאָגן די טירן פון די שפּיטעלער נאָך אַבאָרטן און אָפּעראַציעס. פרויען האָבן נישט געקאָנט אָנגעבן אָפטמאָל ווער ס'איז דער פאָטער פון זייער קינד. און עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל:

„די שילערינס ווייסן מער אין אַבאָרטן ווי אין אַריטמעטיק און געאָגראַפיע; די שילער ווייסן מער אין ווייבערישע זאַכן ווי אין יעזועלשאַפטלעכע ענינים און אין דער יוגנט-באַוועגונג“. —

דער פראָסטער עולם איז גאָר אַרויס פון די כלים. פון-אַלע

צייטן האָט דער רוסישער פאָלקס-מענטש נישט געמאַכט קיין וועזן פון דער פרוי.

„באַבאַ" — זאָגט ער מיט פאַראַכטונג, און דאָס אַלץ. טאָן אַ „באַבאַ" אַן עולה האָט זיך באַם פאָלק פאַר קיין זינד נישט גערעכנט. פאַרקערט, אַזעלכער איז נאָך געווען אַ חשוב ביים עולם און האָט אויסגענומען. „מאָלאָדיעץ" — פלעגט מען זאָגן אויף אַ פאַרפירער.

מאַקסים גאָרקי דערציילט אין זיינע שריפטן, ווי אין דעם רוסישן דאָרף איז כמעט געווען אַ חוב פון יעדן דאָרפישן בחור, וואָס טרעפט אַ מיידל אַליין אין וועג, אַז ער זאָל איר אויפהייבן דאָס קלייד איבערן קאָפּ, פאַרבינדן די הענט און לאָזן זי אַזוי גיין, אַ פאַרשעמטע, ביז צו זיך אַהיים. דאָס האָט געהייסן „אָזאָרניטשאַט", שפּאַס-מאַכן, חוזק-מאַכן, און ווער עס האָט זיך געוואָלט וואָס מער אויסכיינען, באַווייזן אַז ער איז אַ מענטש מיט שפּאַס, האָט אַזוי געטאָן.

פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזעלכע באַגריפן וועגן דער פרוי, איז די פאַמיליען-פרייהייט אַביסל צופיל זיך פאַרפאָרן.

מען האָט אָנגעהויבן ביטן ווייבער, ווי די הענטשקעס. אייגנטלעך, נישט קיין גוטער פאַרגלייך — הענטשקעס בייט מען סך-הכל גאָרנישט אַזוי אָפט אין רוסלאַנד. — עס זענען געבוירן געוואָרן קינדער, וואָס האָבן נישט געהאַט ווער עס זאָל זיי ערציען, אויסהאַלטן, ווער עס זאָל זיך פאַראינטערעסירן מיט זיי. ווייבער האָבן זיך אַרומגעשלעפּט מיט קינדער און געוואַלגערט זיך איבער די גאַסן. און עס איז געוואָרן אַ געשריי „צוריק!" —

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אפילו דער קערפּער קאָן נישט געהערן צו יעדן אַליין, אַז נישט יעדער איז דערוואַקסן צו זיין אַ באַלאַבאָס איבער זיך, אַז דאָ גילט דער געזעץ „ווער סאיז שטאַרקער דער איז דער זיגער". און מען האָט געמוזט צוימען די פרייהייט. מען האָט איינגעפירט אַלימענטן. גענוג, אַז אַ פרוי זאָל האָבן די קלענסטע באַווייזן קעגן אַ מאַן, פון וועלכן זי זאָל האָבן געבוירן אַ קינד, זי זאָל קאָנען מאָנען אַלימענטן. — סאיז בעסער געוואָרן, אָבער ס'ברענגט נאָך צו מאַסן קאָנפליקטן. ווייבער שפּעקולירן דערויף גאַנץ שטאַרק.

ווי קלאָר און פשוט איז יעדער טעאָריע און ווי פאַרוויקלט און קאָמפּליצירט איז יעדער פּראַקטיק! —

* *
*

עס איז שוין אַזאַ מנהג צו רעדן אין אויסלאַנד וועגן דער שרעקלעכער אויסגעלאַסנקייט אין רוסלאַנד. יעדער רעפּאָרטער גיסט ביטערע טרערן דערויף, גלייך ביי זיך אין לאַנד איז כשר און צניעהדיק. פאַקטיש איז אין רוסלאַנד נישט קיין גרעסערע אויסגעלאַסנקייט, ווי אין אַנדערע לענדער. קיין איבעריקע פרומקייט און צניעות זעט מען נישט אין ערגעץ, נאָר אין דער צייט, ווען אומעטום גייט עס מער פאַרשטעלט, ווייל דאָס גטן זיך קומט נישט אָן לייכט, גייט עס אין רוסלאַנד אָפענער.

דער „זאַגס", דער אַמט פון חתונות און גטן, שטייט אָפן, פריי פאַר יעדער פּאָרל, פונקט אַזוי פריי און אָפן, ווי עס שטייען אין אויסלאַנד די האָטעלן „אויף אַ שעה", וווּ יעדער פּאָרל קאָן אַריינגיין... דער אונטערשיד איז נאָר, וואָס צוריק פון האָטעל „אויף אַ שעה" אין אויסלאַנד גייט דאָס באַקאַנטע פּאָרל יעדער צו זיך אַהיים, דער מאַן צום „געזעצלעכן" ווייב און די פרוי צום „געזעצלעכן" מאַן, און אין רוסלאַנד גייט מען צוזאַמען — אַמאָל אויף לענגער, אַמאָל אויף חדשים און אַמאָל אפילו אויף טעג — אָבער צוזאַמען...

די רעפּאָרטערישע טרערן זענען שטאַרק נישט-באַגרינדעט.

נאָר ווייט, ווייט איז נאָך נישט געלעזט אין רוסלאַנד די שווערע אייביקע פראַגע „מאַן-און פרוי". מען האָט אַלץ געשטרעבט דערצו, אַז מאַן און פרוי זאָלן קיין פראַגע נישט זיין, אָבער עס בלייבט אַלץ אַ פראַגע, און אַ שווערע פראַגע.

אמת, אַז אי דער מאַן, אי די פרוי קאָנען צו יעדער צייט אַוועקגיין. אָבער אין דער צייט ווען דער מאַן גייט אַוועק און לעבט אַ גוטן-טאָג מיט אַן אַנדערער, ליגט זי, אַן עלנדע פאַרלאָזענע איינזאַמע שוואַנגערע פרוי, איינע אַליין ערגעץ אין אַ קליין צימערל מיט אַ קינד אונטערן האַרץ און בענקט און וויינט... אין דער צייט ווען

דער מאַן דרייט זיך אַרום אַ פּרייער, אַ זאָרגלאָזער און לעבט פון זיינע צוויי דריטל פאַרדינסטן, דרייט זיך אָפט אַרום אַ פרוי מיט זיין קינד אויף דער האַנט, אָרעם, עלנד, שוואַך, צוגעבונדן, און מוז אויסקומען מיט די מאָגערע אַלימענטן פאַר זיך, פאַרן קינד, מוז אויסשטיין דעם קינדס קרענק, אַלע צרות און פּיין פון האָדעווען אַ קינד, פון אויפזיין נעכט, לויפן אין אַפּטייק, אָדער אַוועקפירן אויפן גוטן-אָרט.

וואָסזשע קאָן מען טאָן דערצו? — וועט מען פרעגן — און וואָס קאָן טאָן אַ פרוי אין אַנדערע לענדער, ווען דער מאַן שיכּורט, הולטאַיעט און ברענגט גאָרנישט אַהיים, און מען קאָן נאָך פון אים נישט אַוועקגיין אויך? — און וואָס קאָנען טאָן אַנדערע „אומגעזעצלעכע" פרויען אין אויסלאַנד, וואָס מען לאָזט זיי אין ערגעץ נישט אַריין און זיי מוזן די קינדער דערשטיקן? — יאָ, אמת! —

אָבער אַ פאַקט בלייבט אַ פאַקט! דאָ גילט דער אַלטער געזעץ „דער שטאַרקערער באַזיגט" און ווער ווייסט, צי דאָס וועט אַמאָל קאָנען געענדערט ווערן.

נישטאָ קיין גאַנצקייט אין פאַמיליען-לעבן בכלל און אין רוסלאַנד נאָך ווינציקער. — נישטאָ די שטוב, וווּ עס זאָל נישט זיין קיין טראַגעדיע, „ער" אָדער „זי" איז אַוועק, קינדער זענען אַליין, אָן השגחה פון טאַטעס — און וויפל מען זאָל נישט איינרעדן, אַז דאָס קינד אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט געהערט צו דער געזעלשאַפט, דאַרף נישט דעם פאָטער א. א. וו. איז עס אַ ליגנט. נישט אַזוי לייכט וועט מען דערפירן דערצו, אַז פאַר אַלע קינדער זאָלן זיין היימען, און אויסערדעם דאַרף אַ קינד אַ טאַטן, אַ פאָטערישן בליק, אַן השגחה. נישט אין איין באַקאַנטער שטוב אין רוסלאַנד האָב איך געזען די פאַרלוירנקייט פון קינדער, וואָס דער טאַטע אָדער די מאַמע איז אַוועק — אַ שרעקלעכע פאַרלוירנקייט קוקט אַרויס פון די קינדערישע אויגן.

נאָך מער פאַרלוירנקייט און אַ געוויסע שרעק מערקט זיך ביי די וויבער, איבערהויפּט ביי די פרויען, וואָס זענען געבויגט צו זיין מוטערס, פירן אַ פאַמיליען-לעבן און ערציען קינדער. אַזעלכע פרויען זענען דאָ אַ סך, נישט קוקנדיק אויף דער גאַנצער עמאַנציפּאַציע.

דאָס איז נאַטירלעך ביי נאָרמאַלע געזונטע פרויען. און עס איז אָפּטמאָל אַ ווייטיק צו קוקן, מיט וואָסערע אומרויקע אויגן אַ פרוי קוקט אויף איר מאַן, נישט זיכער זייענדיק, צי מאָרגן, איבערמאָרגן, וועט ער נישט אַרייַנגיין אין ביוראָ פון חתונות און גטן און זי וועט פלוצלינג בלייבן אַ גרושה.

און וויפל אומבאַגרענעצטע דאַנקבאַרקייט קוקט אַרויס פון די אויגן ביי פרויען צו זייערע מענער, וועלכע האָבן נאָך ביז איצט נישט געניצט פון זייערע רעכט און זיי נישט אַוועקגעוואָרפן...

אויפן אָרט אין רוסלאַנד זעט מען עס אפשר נישט, אַ פרעצ-דער באַמערקט עס.

איך האָב זיך באַגעגנט מיט אַ יונגער, שיינער אַקטריסע, אַ יידיש מיידל, וואָס שפילט אין אַ רוסישן פּראָווינצער אָפּערעטע-טעאַטער. זי האָט מיר דערציילט, אַז איר איז נישט ליב דאָס שפילן, זי וויל בעסער דתונה האָבן.

— נו, איר קענט נישט קריגן קיין בחור? אַזאַ יונגע, אַזאַ שיינע.

— יאָ — האָט זי געענטפערט — אַ בחור קאָן מען קריגן, נאָר קיין מאַן נישט.

זי האָט זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ.

— איך דאַרף נישט זיין אויף דער בינע — האָט זי זיך אַליין מודה געווען — מיך ציט בעסער צו אַ פאַמיליען-לעבן. איך האָב ליב קינדער. אַז איך זע קינדער אין גאָרטן, כאַפּ איך זיי קושן. איך בין מקנא יעדער מאַמע. אַ מוטער דאַרף איך זיין, און אַ ווייב, נישט קיין געליבטע, נאָר אַ ווייב, אַ מאַן דאַרף איך, אַ מאַן טאַקע, וואָס זאָל זיין אַ געטרייער מאַן און פאָטער, נישט אַזעלכן, וואָס זאָל היינט זיין מיט מיר, מאָרגן — מיך פאַרלאָזן.

— נו, און אַזעלכן קאָן מען דען נישט באַקומען?

— יאָ, עס איז פאַראַן אַזעלכע אויך, אָבער ס'איז שווער זיי צו געפינען. מערסטנס געדויערט אַ צוזאַמענלעבן עטלעכע חדשים, און איך בין אַזוי נישט רויק. קיין שום מאַן קאָן איך איצט נישט גלייבן.

דאָס איז דער געפיל ביי אַסך פרויען. דער נישט-גלויבן,

דאָס נישט זיכער זיין מיטן מאָרגן, דאָס שטענדיקע צוהייפלען, צי „ער" גייט נישט אַוועק פון „איר"...

— נו, און ווען האָט מען דען געקאָנט זיין זיכער? — פרעג איך — דער מאַן האָט דאָך אַלע מאָל געקאָנט האָבן שטילערהייט אַן אַנדערע.

— אָבער ער פלעגט צוריקקומען — ענטפערט מיין באַקאַנטע — שטענדיק איז ער צוריק געקומען צו זיין שטוב, צו זיין ווייב, צו זיינע קינדער, און דאָס איז בעסער. גלייכער אָפּצובאַרן אַמאָל און קומען אַהיים, איידער אין גאַנצן איבערלאָזן. ווי שרעקלעך דאָס איז פאַר אַ פרוי צו זיין אַליין, איינע אַליין...

פאַראַן, אפשר, אין די רייד אַסך נישט-סימפּאַטישעס, אָבער זייער פיל אמת.

אַ צווייטער פאַקט.

איך האָב געטראָפן זיך מיט אַ פרוי אַ קאָמוניסטקע, אַ לאָגישן מענטש, וואָס האָט קיינמאָל נישט אַנערקענט קיין שום זאַך אויסער דעם שכל, וואָס האָט שטענדיק געהאַלטן פון „קאַמף", ווער סאיז שטאַרקער, דעם געהער די וועלט.

איצט גייט זי אַרום איבער די רוסישע קאָמוניסטישע צייטונ-גען און זוכט גערעכטיקייט קעגן איינעם אַ חבר, אַ פּראָפעסאָר, פון וועלכן זי האָט אַ מיידעלע. ער איז אינגאַנצן אין אָרדנונג, דער פּראָ-פעסאָר, ער צאָלט אַלימענטן. נאָר אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר האָט ער שוין סך הכל חתונה געהאַט צענזיליקער מאָל. קינדער זיינע וואַלגערן זיך איבער גאַנץ רוסלאַנד. דער מאַן איז גערעכט. אַזוי איז די לאָגיק, דער געזעץ. אָבער ווי טויג נישט איצט דער געזעץ פאַר דער אַמאָליקער שטרענגער קאָמוניסטקע, וואָס איז איצט אַ מוטער פון אַ קראַנק קינד און פירט אַן אומגליקלעך לעבן. פּונקט ווי יעדער פּשוטע יידענע זוכט זי פאַלשע גערעכטיקייט. די צייטונגס-שרייבער זידלען אַזעלכע מענער, אָבער מיט וואָסער רעכט?

„איז דען נישט אַ מענטש אַ באַלעבאָס איבער זיין אייגענעם קערפּער?"

זייער אַסך איז אויך שולדיק אין דעם „אַוועקגיין" די וווינונגס-

פראגע. מען ווײנט ענג, מען איז צופיל אײנער דעם אנדערן אין די אויגן און מען ווערט זיך גיך צוגעגעסן.

עס כרעפּט זיך אָפּט, אַז מען צוגײט זיך, נאָר צוליבן מאַנגל אין וו.ינונגען, ווינט מען ווייטער אין איין צימער. „ער״ ברענגט זיין נײ ווײב אָדער געליבטע, „זי״ — אירן.

אַ באַקאַנטער האָט מיר אַליין דערציילט וועגן אַזאַ פּאַקט ביי זיך.

— וואָס זאָל מען טאָן? — האָט ער מיר ערקלערט — האָבן מיר דען אנדערש געקאָנט טאָן?

נאַטירלעך, האָט ער אַנדערש נישט געקאָנט טאָן. נאָר ווער איז אימשטאַנד צו שילדערן די ליידן פון אַ פרוי, וואָס האָט דעם מאַן געבוירן קינדער, האָט אָפּגעלעבט צוזאַמען אַ לעבן פון האָבן און באַגראָבן, און דערנאָך, ווען זי איז צעבראָכן און פאַרעלטערט, גייט ער אַוועק אָדער ברענגט דאָס נייע ווייב צו זיך אין שטוב, ווו זי, די פריערדיקע, מוז אויך וווינען?

וואָס איז דאָ בעסער, דער נייער ביטערער אמת? אָדער דער אַלטער זיסער ליגנט?

*

אַז די רבנים באַקאַטירט מען איז קיין גייעס נישט. זעלטן, אַז מען גייט אונטער דער חופה, סיידן אין גאָר קליינע שטעטלעך, אין זעלטענע פאַלן.

אַלטע יידן קלאָגן דערויף, אָבער דער „זאגס״ האָט ערפּאָלג, און וויפל די רבנים מיט די פרומע יידן פאַרשעלטן אים נישט, אַנט־וויקלט ער זיך אַלץ מער.

אַסך פון עלטערן דור האָבן זיך שוין אַפילו צוגעוווינט צו די צרות.

— זאָלן זיי מיר אַזוי זיין געזונט און שטאַרק — זאָגט מיר אַ פרומע מוטער, וואָס איר זון האָט חתונה געהאַט אין „זאגס״ — וואָס זאָל איך טאָן?

מחותּנים און מחותּנתטעס גייען אפילו מיט אין „זאגס", און נאָכדעם, ווי דער באַאַמטער אָדער באַאַמטע פאַרשרייבט דאָס פּאָרל, ווינטשן זיך די מחותּנים „מזל טוב".

און אפילו געמישטע חתונות זענען געוואָרן אַ געוויינלעכע זאַך. איבערהויפּט האָבן יידישע מיידלעך חתונה מיט גוים, דער עיקר מיט מיליטער-לייט. מיליטער-לייט פאַנגען פון שטענדיק אָן מער דאָס האַרץ פון אַ פרוי. פון אַלע צייטן פלעגט מען ביי יידן רעדן וועגן מיידלעך, וואָס אַנטלויפן מיט אָפיצירן. איצט אַנטלויפט מען נישט, מען גייט אַריין אין „זאגס", אין דער אייגענער שטאָט און שטעטל, און גאָרנישט, יידן קומען אויף דער חתונה. אַסך מאָל קומען אפילו די עלטערן פון דער מיידל און זענען זיך משמח מיטן איידעם דעם גוי. איבערהויפּט זענען צופרידן די מאַמעס.

דער פּראָצענט פון יידישע מיידלעך, וואָס האָבן חתונה מיט רוסן, איז אַ סך גרעסער ווי דער פּראָצענט פון רוסישע מיידלעך, וואָס האָבן חתונה מיט יידישע יונגעלייט. מיט וואָס דאָס ערקלערט זיך, איז שווער צו זאָגן.

איך בין ספּעציעל אַריינגעגאַנגען אין אַ שטוב, ווו עס איז פאַראַן אַן איידעם אַ גוי. די שטוב איז אַ באַלעבאַטישע. דער טאַטע גייט נאָך אפילו דאַוונען אויך, און דער איידעם, דער קאָמאַנדיר, ווינט טאַקע ביים שווער, אַן איידעם אויף קעסט.

ביים טיש איז געזעסן דער איידעם אין לאַנגן מאַנטל, זיין ווייב, דער מחותּן, די מחותּנתטע, אמת טיפּישע יידן, און, מאַכנדיק מיט די הענט און אונטערזינגענדיק די רוסישע שפּראַך מיט דעם אמת-יידישן נגון, געפירט אַ הייסן געשפּרעך.

— מיין איידעם — האָט די שוויגער פאָרגעשטעלט אַ בלאָנדן לאַנגן שייגעץ מיט אַ רויט פּנים און מיט אַ פאַרריסענער גויישער נאָז.

מיר האָט אפילו אויסגעוויזן, אַז דאָס וואָרט „מיין איידעם" האָט זי אַרויסגעזאָגט מיט אַ געוויסן שטאָלץ.

פונדעסטוועגן זענען נאָך פאַראַן אַ סך פאַמיליעס, און דוקא נישט קיין פרומע, וואָס האַלטן אַזאַ שדוך פאַר אַ גרויסע טראַגעדיע.

אזוי האָט ביי איינעם אַן אַסימילירטן ייד, אַ דיריגענט, מיט וועלכן איך האָב זיך דאָ באַקאַנט, פאַרליבט זיך זיין טאָכטער אין אַ רוסישן יונגנמאַן.

דאָס פּאָרל איז אין זיך שטאַרק פאַרליבט. אגב, איז דער יונג-גערמאַן זייער אַ סימפּאַטישער. ער קומט טאַקע אַריין צום יידס טאָכטער אין שטוב, ביידע זיצן זיי ביים טיש און קוקן אויף זיך מיט אַזעלכע פאַרליבטע אויגן, אַז עס איז אַ שרעק.

נאָר דער פאָטער דער דיריגענט, וואָס קאָן קיין וואָרט יידיש נישט, וואָס גייט דאַווענען אפשר נאָר אין יום-כפור, וויל נישט דער-לאָזן, אַז זיין טאָכטער זאָל חתונה האָבן מיט אַ נישט-יידן.

ער זעט אין דעם אַ באַליידיקונג פאַר זיין נאַציאָנאַלן געפיל, עפּעס אַ מין פאַרשוועכונג, וואָס זיין קינד, זיין אייגן קינד, וועט צונעמען אַ גוי, אַ פרעמדער.

פאַרשידן זענען דאָ יידן און פאַרשידן זענען זייערע אָנ-שויאונגען.

אָבער דאָס סאַמע אינטערעסאַנסטע איז דאָס, וואָס די צייט איז אימשטאַנד אין פאַרלויף פון אַזאַ קורצער צייט צו מאַכן אַזעלכע גוואַלטיקע ענדערונגען אין דער פסיכאָלאָגיע פון מענטשן, פון אַ פאָלק.

זאַכן, וואָס זענען ערשט מיט אַ צענדליק יאָר צוריק געווען טרייף, ווייט, זענען אין אַ קורצער צייט געוואָרן נאָענט, אייגן. באַ-גריפן, וועלכע האָבן געשטעקט אין פאָלק פון דורות, איינגעוואָרצלט מיט טויזנטער וואָרצלען, זענען אין עטלעכע יאָר געוואָרן אויסגעריסן.

די טעאָריעס וועגן „אידנטום", וואָס אַ סך דאָקטורירים האָבן אַזוי ליב צו שאַפן, קריגן מיט יעדן טאָג אַלץ מער קלעפּ פון דער צ יי ט.

# דער הייליקער וולאַדימיר

איר געדענקט דאָס אַמאָליקע רוסלאַנד? אומעטום, אין יעדער עפנטלעך הויז, אין געריכט, אויפן וואָקזאַל, אין קאַזאַרמע, אויף יעדן פלאַץ — אומעטום איז געווען די „איקאָנע”, דאָס הייליקע בילד, פאַר וועלכן גוים פלעגן זיך צלמען אָן אַ שיעור, גויעס פלעגן קניען.

איצטער איז די „איקאָנע”, דאָס הייליקע בילד פון איצטיקן רוסלאַנד — וולאַדימיר לענין.

נישטאָ איין אָרט, איין ווינקל אין גרויסן רוסלאַנד, ווו דער קלייניגעווזקסיקער מאַן מיט'ן ענערגישן רוסישן-מאָנגאָלישן פנים און פליכצוואַטן קאָפ זאָל נישט קוקן אויף דיר מיט זיינע דורכדרינגנדע אויגן. אומעטום איז ער דאָ, אין יעדן אַמט, אין יעדער קאָאָפעראַטיוו, אין יעדן וואָקזאַל, אויף יעדער גאַס, אין יעדן דאָרף. ער איז אויסגעהאַקט אין שטיין און אין מאַרמאָר, געגאָסן אין בראָנז, אין גיפס, אין בליי, געצייכנט אויף פאַפיר. ער איז אין פאַלאַץ, אין דער גרויסער שטאָט אין פאַבריק און אין פויערישן הייזל אין דאָרף, אין די סיבירער טייגעס און אין מינסקער מאַרק, ביי אַ וואַנדער-שבט אין געצעלט און אין פלייש-קאָאָפעראַטיוו אין בערדיטשעוו.

און פונקט ווי אַמאָל, און נאָך אויך איצט, איז אין יעדער ווינקל פון אַ פרומער קריסטלעכער שטוב פאַראַן אַ הייליק בילד, אַן איקאָנע, פאַר וועלכער עס ברענט שטענדיק אַ נר תמיד, אַן אייביק ליכט, פאַרפוצט מיט בלומען און צאַצקעס, און אַלע אויגן פון די גלויביקע זענען געווענדעט צו דעם ווינקעלע, אַזוי הענגט איצט אין

ייִדער פרומער קאָמוניסטישער שטוב לענין אין אַ ווינקל, נישט עפּעס גלאַט ווי אַ פּאָרטרעט, נאָר ווי אַ הייליק בילד, אַן „איקאָנע", באַצירט מיט רויטע פענער, באַפּוצט מיט בלומען, אַרומגערינגלט מיט רעוואָלוציאָנערע אויפשריפטן, און די אויגן פון די גלויביקע זענען געווענדעט צום „הייליקן" לענין.

אַזעלכע ווינקלען רופן זיך טאַקע „לענין-ווינקעלעך", „אוגאָלקי לעניגאַ", און אין גאַנצן זעט עס אויס ווי אַן איקאָנע. דאָס לענין-ווינקעלע איז הייליק, אַ שטענדיק ליכט ברענט, ווען עס איז נאָר עפּעס אַ שמחה, ווערט זי געפּראַוועט אין ווינקעלע. די קינדער זיצן אין ווינקעלע. אַ סך קינדער, איבערהויפּט אַזעלכע, וואָס געהערן שוין צו אַן אָרגאַניזאַציע, צום „אָקטיאַבר" אָדער צום „פּיאָנער", האָבן אייגענע לענין-ווינקעלעך. די ווינקעלעך זענען ביי די קינדער הייליק. זיי פּוצן דעם פּאָרטרעט, באַהענגען אים מיט קינדערישע צאַצקעס. און עלטערן האָבן זיך פאַר מיר נישט געשעמט מודה צו זיין, אַז אַ טייל קינדער טוען תפילה און קניען פאַר לענינען.

איך אַליין האָב נאָר עטלעכע גאָטעס-דינסטן געזען ביי לענינען. איינמאָל אין מאָסקווע, ביים מאָזולעי, וווּ לענין ליגט אַ באַלזאַמירטער. אַ גרופּע יונגע קינדער זענען געקומען מיט זייערע לערער און לערערקעס באַזוכן לענינס קבר. די הייליגקייט אויף די געזיכטער פון די באַזוכער איז געווען אינגאַנצן ענלעך צו דער אויסגעגאָסענער הייליגקייט ביי קינדער אין די קלויסטערס. איין מיידעלע האָט אפילו געפּרוּווט זיך אַראָפּזעצן אויף אַ קני. אירע חברטעס האָבן זי אָפּגעהאַלטן.

אַ צווייט בילד אַזעלכעס האָב איך געזען אין אַ יידישער שולע. אַ קליין בלאַס מיידעלע אין ייִנגלשע שטיוועלעך איז געזעסן, ווען איך בין אַריינגעקומען אין לענין-ווינקעלע צוזאַמען מיט נאָך קינדער און באַצירט לענינס פּאָרטרעט מיט רויטע פּאַפּירלעך.

— וואָס טוסטו, מיידעלע? — האָב איך זי געפרעגט.

— איך שרייב לאָזונגען — האָט מיר דאָס מיידעלע, מסתמא פון אַ יאָר זיבן-אַכט, געענטפערט.

— וואָסערע לאָזונגען?

— איך שרייב, זאָל לעבן לענין!

— אָבער לענין איז דאָך שוין געשטאָרבן, ווי אַזוי קען ער לעבן?

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס קליינע מיידעלע האָט נישט געקענט, נישט געדאַרפט האָבן אַן ענטפער אויף אַזאַ פראַגע. די לערערין האָט שוין פאַר איר געענטפערט, אַז מען מיינט לענינס גייסט. אָבער די צערעמאָניע אַליין איז געווען פונקט ווי מען זעט עס אין קאַטוילישע דערפער, ווען פויערישע קינדער באַפוצן דאָס הייליקע בילד אויפן וועג.

וועגן דעם, אַז פּיצלעך קינדער, ביי וועלכע מען פראַוועט רויטע בריתן, שטעלט מען אַוועק מיט די וויגעלעך אין „ווינקעלע", כדי מיט דער מאַמעס מילך צוזאַמען איינוואָרצלען אין זיי לענינס גייסט — וועגן דעם האָט מען שוין נישט איינמאָל געשריבן.

— וואָס־זשע איז די עולה? — האָבן מיך געפרעגט אַ סך אין רוסלאַנד — האָט עס דען לענין נישט פאַרדינט?

יאָ, לענין האָט אַלץ פאַרדינט. נאָר פאַרדינט, אַז ער זאָל ווערן אַן אָפּגאָט — דאָס האָט ער בשום אופן נישט, און טאַקע צוליב זיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַרן קאָמוניזם. אָנקוקנדיק דעם באַלזאַמירטן לענינען, דאַכט זיך אַלץ, אַז אָט־אָט וועט ער זיך אויפהויבן פון זיין געלעגער, אַוועקשטעלן זיך און אויסשרייען:

— פאַרוואָס האָט איר פון מיר געמאַכט אַ געטש?

אַ מאָדנער גורל! אַ מענטש האָט אַ גאַנץ לעבן געקעמפט קעגן רעליגיע, גאָטהייט, און צום סוף אַליין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הייליקן, אין אַן אָפּגאָט.

* * *

איך דערמאָן זיך אַ בילד פון עטלעכע יאָר צוריק, אַ שטיק נאָך דעם קריג צווישן די באָלשעוויקעס און פוילן. עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען, אויב איך האָב קיין טעות נישט, דער צענטער צוזאַ־מענפאָר פון די סאָוויעטן. לענין איז דעמאָלט אַרויסגעטראָטן מיט שטורמדיקע רעדעס פאַר איינפירן די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק (נעפּ).

עס איז געווען אַ שווערער ביסן דער „נעפּ" פאַר רוסלאַנד. ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען נאָך געשאָסן פאַר פרייען האַנדל, וואָס האָט קיין אַנדער באַמען נישט געהאַט ווי ספּעקולאַציע, קאָנטר-רעוואָלוציע. מיטאַמאָל האָט מען געדאַרפט צוריק כשרן דעם האַנדל, שטיצן די סוחרים און פאַבריקאַנטן, געבן זיי פּריווילעגיעס.

די אַנטוישונג ביי אַ סך, איבערהויפּט ביי די ראָמאַנטישע רעוואָלוציאָנערן, איז געווען גרויס. „צוליב וואָס געקעמפט, בלוט פאַרגאָסן ?"

מיר איז אויסגעקומען זיין אויפן צוזאַמענפאַר. די לופט איז געווען אָנגעגליט, און אָט טאַקע אויף דעם צוזאַמענפאָר האָב איך פאַרשטאַנען די גרויסע פּערזענלעכקייט פון לענינען. מיטן גרעסטן מוט האָט ער זיך מודה געווען אין אַלע טעותן, וואָס ער האָט פריער געמאַכט. מיט אַן אייזערנער אומברחמנותדיקער רוט האָט ער אַליין צעשמעטערט דאָס, וואָס ער האָט פריער געפּרעדיקט.

און אַפילו וועגן מאַרש פון די באָלשעוויקעס אויף פּוילן, וואָס איז כמעט אויסגעפירט געוואָרן דורך זיין ווילן, האָט ער גערעדט מיט די קלאָרסטע דיבורים. „דער מאַרש אויף פּוילן — האָט ער געזאָגט — איז געווען משוגעת. איך האָף, אַז צווישן אונז זענען קיין משוגעים איצט נישטאָ" א. אַ. וו.

כדי צו קענען זיך אַליין אַזוי שמייסן, אַזוי אומברחמנותדיק אויסלאַכן, אַזוי צו צעשטויסן די אייגענע געטער, וואָס מען האָט צוועקנעשטעלט, אַבי ברענגען נוצן דער זאַך, וועלכער מ'איז טריי, אַבי בויגן זיך פאַרן שכל, צו וועלכן מען איז שפּעטער געקומען — דערצו דאַרף מען זיין אַ גרויסע פּערזענלעכקייט.

נישט יעדער קען עס. לענין האָט עס געקענט. און די גאַנצע פּערזענלעכקייט זיינע איז אויסגעוואַקסן טאַקע דעמאָלט.

דאָס איז געווען מיט 7 יאָר צוריק, ווען לענין האָט געלעבט, און ווי יעדער לעבעדיקער מענטש, אונטערגעוואָרפן געווען צו טעותים.

אָבער איצט איז לענין טויט. ער ליגט באַלזאַמירט אין מאָוזאָלעי ביים קרעמל און זיין וואָרט איז געוואָרן הייליק, פאַרגליווערט, פאַרשטיינערט, פּונקט ווי עס זענען הייליק ביי די יידן די ווערטער פון משהן, ווי עס זענען הייליק ביי די מאַכמעדאַנער די ווערטער פון

זייער נביא מאַכמעד, ווי עס זענען הייליק ביי די קריסטן די ווער־טער פון עוואַנגעליום — הייליק און אייביק.

תורת לענין.

מען דאַרף זען, ווי מענטשן קלוגע, געבילדעטע, אויפגעקלערטע, וואָס נעמען אַלץ פון מאַטעריאַליסטישן שטאַנדפונקט, וואָס באַקעמפן אַלע רעליגיעס, אַלע אַבערגלויבנס, ווי אַט דיזעלבע פרייע מענטשן ווערן אויפגעקאָכט אויף די אָפּאָזיציאָנערן, ווען זיי זאָגן אַרויס אַ מיינונג, וואָס איז נישט אינגאַנצן אויסגעהאַלטן לויט אַלע כללים און געזעצן פון לענינס שולחן־ערוך!

— דאָס איז דאָך נישט לויט לענינען! — און דער אָפּאָזיציאָנער קריגט גלייך מורא און שווייגט, אָדער ער ענטפערט, אַז עס איז יאָ לויט לענינען.

גאָר ווי אַמאָל, ווען אַ ייד אַ מלמד פלעגט זיצן ביי דער גמרא, שלאָגן זיך קאָפּ אָן וואַנט און שרייען: „לימא מתניתא דלא כסומכוס", ס'וועט נישט אויסקומען ווי סומכוס

אַז עס זאָל טאַקע אויסקומען אַנדערש ווי סומכוס, דאָס האָט מען זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן.

איך שטעל זיך פאָר, אַז טראָצקי מוז זיך נישט איבעריק גוט פילן, ווען יעדעס מאָל, ווען ער זאָגט אַרויס אַן אָפּאָזיציאָנעלע מיי־נונג, כאַפּט מען אים ביי דער האַנט:

— אַהאַ, דאָס איז דאָך נישט לעניניסטיש!... סטייטש?...

סוף כל סוף איז לענין געווען זייער אַ נאָענטער פּאַרטיי־חבר און, ווי געוויינלעך, איז צווישן זיי נישט איינמאָל געקומען צו סכסוכים, מיינונגס־פאַרשידנהייטן — און מיט אַמאָל ווערן אַלע ווערטער פון זיין נאָענטן פריינט הייליק, אייביק, אַ תורה, נישט צו ענדערן, און יעדער מאָל, וואָס ער וויל אַרויסזאָגן זיינע אַ מיינונג, כאַפּט מען אים ביי דער האַנט:

— אָבער דאָס איז דאָך נישט לויט לענינען!...

און דער גרויסער רעוואָלוציאָנער מוז דערויף פאַרמאַכן דאָס מויל אָדער אויסזוכן אַ פּשטל אין זיין חבר לענינס ביכער, אַז זיינע ווערטער זענען יאָ אויסגעהאַלטן לויט לענינען.

און ווי זאָגט מען דאָס, „די קליינע קייען, וואָס די גרויסע

שפּייען". — לערנענס תורה ווערט געלערנט פּונקט מיט דער זעלבער הייליקייט, ווי אַמאָל פרומע יידן פלעגן לערנען תורה. אין דער יידישער קאָמוניסטישער גאַס וויל מען דוקא אויסווייזן, אַז יידן זענען נישט קיין נאַציע און אַלס אַ באַווייז ברענגט מען אַ פּסוק פון לענינען. די אַפּיקורסים, וואָס האַלטן, אַז יידן זענען יאָ אַ נאַציע, זוכן אויס פּשטלעך אין לענינס תורה צו באַווייזן, אַז מיר קאָנען יאָ זיין אַ נאַציע, פּונקט ווי די אַמאָליקע קליינשטעטלדיקע אַפּיקורסים פלעגן אויסזוכן אַ פּסוק, אַז מען מעג גיין אין בלויזן קאָפּ.

ווי זאָגט אַנאַטאָל פראַנס: „ווען די גרעסטע אידעע פאַלט אריין אין אַ קליין מענטשלעכן קעפּעלע, ווערט זי אַזוי קליין, נישטיק, איינגעשרומפּן, ווי דאָס קעפּעלע אַליין".

מען דאַרף עס קענען: נעמען אַזאַ גרויסע פּערזענלעכקייט ווי לענין און מאַכן פון אים אַ געטש, אַ הייליגקייט, און ממילא אַ שטיק גולם, ווי יעדער געטש איז.



עס איז, אייגנטלעך, נישט ס'ערשטע מאָל אין דער געשיכטע. אַלע מאָל קומט עס אַזוי פאָר מיט גרויסע, מיט הייליקע. נישט איין הייליקער, ווען ער שטייט אויף פון קבר און זעט וואָס מען האָט געמאַכט פון זיינע אידעען, וואָלט צוריק אַנטלאָפן וואָס גיכער אין זיין אייביקער רו.

אָנהויבן הויבט זיך אָן יעדע גרונט-אידעע, יעדער נייער גלויבן, שיין, מענטשלעך. נאָר נאָכדעם קומען די כוהנים, די פּריסטער און מאַכן דערפון אַ טויטע זאַך, "שרייב-ןצו נישט צו דערקענען, און דערנאָך ווערט עס פאַרהייליקט, פאַרגליווערט און פאַרקריפּלט, עס ווערט אַ דאָגמע, אַ טויטע זאַך, וואָס האָט קיין שייכות נישט מיטן לעבן, וואָס רעכנט זיך נישט מיט די לעבנס-אינטערעסן, מיט דער צייט, מיט די מענטשן, נאָר מיטן טויטן בוכשטאַב.

דאָס ליגט אייגנטלעך אין דער מענטשהייט. די מענטשן האָבן ליב, ווי די קינדער, צו האָבן אַ גאָט, אַ תורה, וואָס זאָל זאָרגן פאַר

זײ״, וואָס זאָל זײ שאַפן געזעצן, דינים, און זײ זאָלן אַלײן קענען זײן פרײ״.

„ווען גאָט וואָלט נישט געווען, וואָלט מען אים געדאַרפט אויסטראַכטן״. און אַזוי איז עס אויך בײ די פרײדענקער, אפיקורסים און רעליגיע-באַקעמפּער.

אָנגעהויבן האָט עס זיך מיטן לעניניזם אַזוי: לענין איז געשטאָרבן, די פּאַרטײ-פירער האָבן געדאַרפט אויפהײבן די שטימונג, שאַפן אַן אַטמאָספערע, און מען האָט אויסגענוצט לענינס טויט דערצו. אַ רײן פּאָליטישער שריט.

נאָר אײדער מען האָט זיך אומגעקוקט, האָט דאָס פאָלק, די מאַסע, וועלכע האָט ליב אַ גאָט, אַלײן די זאַך גענומען אין די הענט, און לענין, דער רעוואָלוציאָנער, דער אינטערנאַציאָנאַליסט, דער רעליגיע-צושטערער, איז אַלײן געוואָרן אַ געטש.

און ווי אַרום יעדן געטש, וועלן אויפשטײן מאָסן כּוהנים, וואָס ווי אַלעמאָל זענען עס פאַנאַטיקער אָדער שווינדלער, וואָס וועלן דרשנען יעדעס געטלעכע וואָרט, יעדער אות, און וועלן פאַרשטײנען אַלע אפיקורסים, וואָס וועלן וואַגן זאָגן אַנדערש.

וואָרים איצט איז נאָך די באַוועגונג אַ נײע, יעדע רעליגיע איז אין די ערשטע יאָרן נישט גרויס. צעוואַקסן צעוואַקסט זי זיך ערשט שפּעטער, וואָס ווײטער אַלץ שטאַרקער. און צום העכסטן שטאַפּל דערגרײכט זיך העט ווײט, ווען דאָס לעבן פון הײליקן שטײט שוין היפּש הינטער זיך.

און בײ דער אַלטער רוסישער ליבע צו געטער, צו גאָט-זוכעניש, קאָן מען שוין זען, ווי דער נײער הײליקער לענין הערשט איבער דעם גאַנצן גרויסן רוסלאַנד, ווי פאַר זײן בילד קניט מען, ווי זײנע תּורהס ווערן געפּשעטלט און געלערנט און ווי מען פאַרשטײנט אפיקורסים און עזות-פּנימער, וואָס וואַגן זאָגן אַ וואָרט קעגן דער הײליקער תּורה.

דאָס איז נישט קײן שפּאַס. ווער עס זעט איצט די באַוועגונג אין רוסלאַנד, דער פאַרשטײט עס.

מעגלעך, אַז די, וואָס האָבן דעם גאָט אַלײן געמאַכט, האָבן שוין חרטה, שפּעטער וועלן זײ וועלן צוריקדרײען, אָבער אין אַזעלכע פאַלן

הערשט שוין דאָס פאָלק, וואָס האָט פיינט ווען מען שטורמט אים זיינע עראָבערטע גבטער און צווינגט די גאָט-מאַכער צו קניען פאַר דעם, וואָס זיי אַליין האָבן געמאַכט.

אַזוי איז עס שוין. האָבן דען נישט די אַלע אָפּאָזיציאָנערן אַליין די „איקאָנע" לענין געמאַכט? און איצט שטראָפט מען זיי פאַר יעדער אפּיקורסות קעגן זייער אייגענעם גאָט.

זיי זענען ווערט די שטראָף. נאָר וואָס איז ער, דער גרויסער קעמפער און מענטש לענין שולדיק, וואָס מען האָט אים צו אַזאַ ני־דעריקער מדרגה דערפירט, פון אַ מענטש אַ גאָט, געבעך, געמאַכט?

# וועגן ליטעראַטור, טעאַטער, קונסט, ערציונג און יידישיזם

מיט דער ליטעראַטור און קונסט אין סאָוויעטן-רוסלאַנד בעת דער רעוואָלוציע איז פּאָרגעקומען אַ מאָדנע מיספאַרשטענדעניש. בעת אַלע געביטן האָט די רעוואָלוציע דערפירט צו פּשטות, צו קלאָרקייט, געבנדיק די ברייטע מאַסן די גרעסטע מעגלעכקייטן צו געניסן פון אַלע ווערטן, איז מיט דער קונסט געווען דער היפּוך, מ'האָט זיך אָנגעשטרענגט צו רעדוצירן אַלץ צו דער אַבסטראַקציע, רעדן מיט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, מיט רמזים, גלייך ווי מ'וואָלט גערעדט נישט צום פאָלק, נאָר צו אָפּגעלעבטע אַריסטאָקראַטן, דעגענעראַטן, וואָס פאַרטראָגן נישט דאָס נאַטירלעכע, נאָר פּערווערזע. אַזוי איז געווען מיט דער ליטעראַטור, טעאַטער און מאָלעריי. וואָס אומפאַרשטענדלעכער, אַלץ מער רעוואָלוציאָנער. רעאַליזם איז געווען רעאַקציע. יידן זענען, ווי אַלעמאָל, מיטגעגאַנגען מיטן אַלגעמיינעם שטראָם, מיט דער טיפּיש-יידישער עקשנות נאָך איבערגעיאָגט מיט זייער „קינסט-לערישער לינקקייט".

איצט איז אין רוסלאַנד אַ צוריקגאַנג אויף רעכטס. צוזאַמען מיטן פאַרשווונדן ווערן פון מיליטערישן קאָמוניזם און אַלע זיינע פּלאָג, איז אויך פאַרשוווּנדן געוואָרן אין אַ געוויסער מאָס די אַזוי גערופענע רעוואָלוציאָנערע קונסט.

דאָס קאָן מען זען קודם כּל אין גאַס. נישטאָ מער די אַלט-באַקאַנטע פּלאַקאַטן, בילדער און גיפּסן, וואָס האָבן מאָרגעשטעלט אַלערליי רעדער, דריי-עקן, פּירקאַנטן און פאַנטאַסטישע געשטאַלטן.

די מאָלערייען, צייכנונגען און סקולפּטורן זענען איצט רעאַליסטיש, שיער נישט נאַטוראַליסטיש.

אויך אין טעאַטער פֿאַרשווינדט דאָס רעוואָלוציאָנערישקייט. מיר איז אויסגעקומען זען מייערכאָלדס אַן אויפֿפֿירונג, וואָס רופֿט זיך „ריטשי קיטאַי“, אַ זאַך, וואָס האָט קיין שום ליטעראַרישן ווערט נישט, אַ ריין פּראָפּאַגאַנדע-ווערק, וואָס באַווייזט ווי אַזוי ענגלאַנד פּייניקט כינע — נאָר אינטערעסאַנט, אַז אַפֿילו מייערכאָלד, דער רבי פֿון רעוואָלוציאָנערן טעאַטער, ביי וועלכן ס'פֿלעגט זיין אַ געזעץ צו דערפֿירן יעדער זאַך צו דער סאַמע אַבסטראַקציע, ס'זאָל פֿונם פֿאָרגעשטעלטן אָביעקט נישט בלייבן, חלילה, קיין זכר, — אָט דער זעלבער מייערכאָלד האָט אַוועקגעשטעלט „ריטשי-קיטאַי“ פּראָסט-פּשוט. מענטשן גייען אויף די פֿיס, רירן מיט די הענט, רעדן (אַביסל נאָך מאַריאָנעטן-מעסיק) מיט מיילער, און אַפֿילו אַ וואַסער, אַ באַסיין האָט ער אויף דער סצענע געמאַכט, אַ באַסיין מיט שיפֿלעך און מיט כינעזער שיפֿער, כדי צו געבן אַ בילד פֿון אַ פּאָרט.

אַמאָל וואָלט מען נישט נאָר נישט געטאָרט אָפּמאָלן קיין וואַסער, אין אַזאַ פֿאַל, נאָר אַפֿילו נישט געבן אַזעלכעס, וואָס זאָל דערמאָנען אין וואַסער — פּונקט ווי ביי פֿרומע יידן האָט מען אין געגנוואַרט פֿון אַ בחור נישט געטאָרט דערמאָנען אַ צענער.

פּושקין — וועלכן מאַיאַקאָווסקי האָט אין די פֿריילעכע צייטן געהייסן אָפּטראָגן זיך פֿון זיין דענקמאָל אין מאָסקווע, געגעבן אים עקסמיסיע און רעקווירירט דעם פּיעדעסטאַל פֿאַר זיך — איז איצט צוריק די קרוין פֿון דער רוסישער ליטעראַטור, מען שפּרינגט פֿאַר אים קדוש. אין דער פּראָזע איז רעאַליזם אויף אַלע פֿראָנטן. באַבעל, סייפֿולינא, איוואַנאָוו, ראָמאַנאָוו, גלאַדקאָוו א. א. וו. — פֿון דער רעוואָלוציאָנער פּאָעזיע איז בלויז פֿאַרבליבן יעסיענינס גוטע זאַכן. פֿון די אַלע מאַריענגאָפֿס, קאַמיענסקיס און זייערס גלייכן, וואָס האָבן אַזוי געשריגן בעת דער רעוואָלוציע, הערט מען ווינציק. און אַפֿילו מאַיאַקאָווסקי, די דזשאַזבאַנד-פּויק פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס האָט אַלץ פֿאַרטויבט, איז נישט מער אין דער מאָדע. מען דולדעט אים נאָר צוליב זכות-אבות. אויך אין דער באַציונג צו די אַזוי גערופֿענע „אַלטע“ איז אַ גרויסע ענדערונג. איך געדענק אַלעקסאַנדער

בלאָקס לעצטן וויזיט אין מאָסקווע פאַרן נעפּ. די „רעוואָלוציאָנערע" שרייבערלעך, צוזאַמען מיט זייערע „ליטעראַרישע ביילאַגעס", היסטע-רישקעס, האָבן געמאַכט דעם גרויסן דיכטער פון די „צוועלף" מיט דער בלאָטע צוגלייך.

איצט זענען אל. טאָלסטאָי, ווערעסאיעוו א. אנד. באַטייליקט אין אַלע זשורנאַלן, מ'האָט די גרעסטע אַכטונג צו זיי.

פאַראַן נאָך אפילו קרייזלעך, „מאַפּ" (מאָסקווער אַסאָציאַציע פון פּראָלעטאַרישע שרייבער), „וואַפּ" (אַלרוסלענדישע אַסאָציאַציע פון פּראָ-לעטאַרישע שרייבער), צו וועלכע דער עולם ווענדעט גערן אָן די פאַראַפראַזע פון דער פּאָפּולערער רוסישער ברכה — „וואַפּ וואַשו מאַפּ!"... אָבער קיין גרויסע ראָל שפּילן מער נישט די קרייזלעך. די הויפּט זאַך איז די קוואַליטעט, גוטע ליטעראַטור.

אפילו טראָצקי אַליין איז געווען פון די, וואָס זענען אַרויס אין קאַמף קעגן אַלע פּראָלעטקולט-טעאָריעס און געפאָדערט גוטע, מעג זיין „אַלטע", ליטעראַטור.

ווי עס האָט זיך געקריסטלט, אַזוי האָט זיך געיידלט. אָבער נישט אינגאַנצן.

אויך אין דער יידישער גאַס שפּרינגט מען מער נישט קיין קדוש פאַר די אַקראָבאַטישע שטיק, ווי עס איז געווען אין די יאָרן 1917—20. מען שרייבט פּראָסט, פּשוט. און פּונקט ווי די רוסישע גאַס האָט צוריק געקרוינט פּושקינען, האָט אויך די יידישע גאַס געקרוינט זיך אַן אייגענעם „פּושקין" אברהם רייזין. אָט דער זעלבער אברהם רייזין, וואָס איז געווען יאָרנלאַנג טרייף, אַ סינאָנים פון אַלטקייט, רעאַקציע, „רייזיניזם" — מיט וועלכן מען פלעגט אײַן' קיעוו שטראָפן אַלע רעאַליסטן, ווי מיט אַ פּסול אין דער משפּחה, איז איצט אין רוסלאַנד דאָס אייבערשטע פון שטייסל. מען לויבט איזי כאַריק, ווייל ער ציט זיין יניקה פון אברהם רייזין.

אַזעלכע גוטע פּראָזאַיקער ווי אין דער רוסישער גאַס, און אפילו ווי אין דעם יידישן „אויסלאַנד", איז נישטאָ נאָך דערוויל. אָבער מען האָט זיך גענומען שוין צו שרייבן פּראָזע, וואָס באַדייט, אַז מען הייבט אָן שטיין מיט די פיס אויף דער ערד.

א. קיפּניסעס בוך „חדשים און טעג" איז אַ גוטער אָנזאָג פון

אַ געזונטער פּראָזע. און נאָך מער דערפרייענד איז דאָס, וואָס „חדשים און טעג“ געפעלן דאָרט. מיט יאָרן צוריק וואָלט מען אַזאַ געטרייע שילדערונג, וואָס איז ראָמאַנטיש, שטאַרק אין סטיל פון מענדעלען און שלום־עליכמען, אויף דער שוועל נישט געלאָזט.

נאָר ליטעראַטור לשם ליטעראַטור, וואָס זאָל האָבן די זעלבע רעכט, ווי אַ שטייגער מוזיק לשם מוזיק אָדער געזאַנג לשם געזאַנג, איז נאָך אַלץ נישט באַרעכטיקט, נישט כשר. אַלץ מוז ערציִען די מאַסן און ממלא האָבן ערציִערישע אויפגאַבן. דאָס בוך דאַרף ערציִען, דאָס טעאַטער, די מאָלעריי, אַלץ.

אייגנטלעך איז עס דער אַמאָליקער „פּראָלעטקולט“־קולט, פון וועלכן די רוסישע קינסטלער און פּאָליטישע פירער האָבן זיך שוין לאַנג אָפּגעשאָקלט. אין דער יידישער גאַס איז ער פאַרבליבן, נאָר אַזוי ווי עס פּאַסט נישט דער אַלטמאָדישער נאָמען, האָט מען אַ נייעם נאָמען געגעבן: „ערציִערישקייט“.

דער יידישער קינסטלער מוז שטענדיק, ווילנדיק נישט ווילנדיק, קוקן מיט איין אויג צו דער געזעלשאַפט, צו דער פּאָליטיק, כדי צו זען, ווי אַזוי ער זאָל „ערציִען“. וואָרום ערציִונג איז אַ רעלאַטיווער באַגריף. הייַנט איז די פּאָליטיק אַזאַ, דאַרף מען אַזוי ערציִען; מאָרגן איז זי אַנדערש, דאַרף מען אַנדערש ערציִען.

ווען מען האָט געפירט אַ קאַמף מיטן דאָרף און שטעטל, האָט איזי כאַריק געענדיקט זיין פּאָעמע מיטן קאַמפס־לאָזונג: „שטעטל, פאַרשווינד!“ — אָבער אַז מען האָט אויסגעדרייט דעם דישל, געוואָרפן דעם לאָזונג „מיטן פּנים צום דאָרף“, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן ביי יידן „מיטן פּנים צום שטעטל“ — וואָסזשע זאָל מען טאָן מיטן „שטעטל פאַרשווינד“?

ס'איז דאָ אַן עצה — אויסמעקן. — נו און וואָס וועט זיין, אַז מאָרגן וועט מען זיך אויסדרייען מיטן פּנים פון דאָרף און שטעטל? סיידן איינאָרדענען זיך ווי יענער העלד פון רוסישן טעאַטער, וועלכער וואַקלט זיך שטענדיק צווישן די מאַכטן, וואָס גייען אַריין און אַרויס אין זיין שטאָט, מאַכט ער ביי זיך אַ טאָפּלטן פּאָרטרעט — פון איין זייט ראַם זיצט ניקאָלאַי דער צווייטער און פון דער צווייטער זייט ראַם — קאַרל מאַרקס; קומען די דעניקינצעס, דרייט מען אויס

מאַרקסן צו דער וואַנט און מ׳באַווייזט ניקאָלאַיען; קומען די באָל-שעוויקעס, באַהאַלט מען ניקאָלאַיען און מ׳שטעלט אַרויס מאַרקסן.

יאָ, דער קינסטלער מוז שטענדיק האַלטן דאָס אויער געווענדט, פון וועלכער זייט די „ערציוגגס״-ווינטן בלאָזן, און אויב נישט, ווערט מען געטרודעט. דער בעסטער באַווייז איז דער קאַמף, וואָס ליטוואַקאָוו פירט שוין יאָרן-לאַנג קעגן דעם דיכטער פיגינבערג, וואָס האָט אויס-געדריקט אין זיינער אַ שאַפונג שטימונגען, וועלכע האָבן זיך ליטוואַקאָוון אויסגעוויזן נ״שט-„ערציערישע״.

בנוגע פאָרם האָט זיך געביטן. רעאַליזם איז מער נישט רעאַקציע, אָבער דער אינהאַלט מוז אַלץ זיין „ערציערריש״.

נאָך ערגער איז עס מיטן יידישן טעאַטער.

אינדערצייט, ווען אין דער רוסישער גאַס איז מייערכאָלד פאַר-בליבן אַ יחיד אין מאָסקווע מיט זיין רעוואָלוציאָנערישקייט (וואָס גייט אגב מיט יעדן טאָג אַלץ מער צוריק צום אַלטן), איז דער יידי-שער טעאַטער אין גאַנצן פאַרבאַנד נאָך אַלץ רעוואָלוציאָנעריש, ווי אין די ערשטע צייטן. קיין אנדער טעאַטער איז גאָרנישט נישטאָ.

אין מאָסקווער קאַמער-טעאַטער מאַכט מען נאָך אַלץ די אַמאָ-ליקע שטיק. מען באַוועגט זיך, ווי מאַריאָנעטקעס, מען רעדט ווי פון אַ הוילן פאַס און מען „פראַוועט״ „עבודה״. פאַראַן אַ סך אַרבעט אין טעאַטער, אַ סך דיסציפלין, געשולטקייט. מען קאָן דאָ גוט שפרינ-גען, טאַנצן, עס אַרבעטן גוטע מאָלער, מוזיקער, נאָר ביי אַלעם איז דאָס טעאַטער אַ מיספאַרשטענדעניש. עפעס איז מען פאַרקראָכן, מען קאָן נישט אַרויס און מען טאָפּטשעט אויף איין אָרט.

אָנגעהויבן תחלת ביי גראַנאָוסקי, מיט טענדעצן אויסצולאַכן דאָס אַלטע יידישע לעבן, באַווייזן די קרומקייט, אויסגעהויקערטקייט, איז מען דאָ פאַרקראָכן אַלץ מער און מער אין משה-קאַפויר-קונסט, אין באָכקרימעניש, אין קאַריקאַטור. זינקענדיק ביז איבערן האַלדז אין קאַריקאַטור, איז שווער געוואָרן איבערצוגיין צו פּאָזיטיווע זאַכן, צו מענטשלעכע רייד, צו מענטשלעכע באַוועגונגען, צו מענטשלעכע ליידן און פרייידן. די אַקטיאָרן אַליין זענען שוין מאַרינירטע מאַריאָ-נעטקעס. און ווי אַלעמאָל, איז מען פון שטענדיקער רעוואָלוציאָנערישקייט געוואָרן באַנאַל.

עפּעס איז עס נישט קיין דראַמאַטיש טעאַטער, נישט קיין אָפּערע, נישט קיין קאָמעדיע, עפּעס אַ שטיק אָפּערעטקע מיט רעוואָלוציאָנערע פּרעטענזיעס, וואָס זענען תּחלת נאָך געווען אַ ביסל אינטערעסאַנט, ווען זיי וואָלטן דינען אַלס שטאַפּל צו ווייטערדיקער אַרבעט, איצט זענען זיי אַבסאָלוט לאַנגווייליק.

וואָלט כאָטש דאָרט געווען הומאָר! — נעמט מען שלום-עליכמען און מען גיט אים איבערצומאַכן דאַברושינען...

און טאָמער פּרוווט עמעצער רעדן אַ וואָרט, איז סכּנת-נפשות. „ערציוּנג״!

די זעלבע געשיכטע איז אין מינסק, כאַרקאָוו.

איך בין געזעסן אין מינסקער יידישן מלוכה-טעאַטער, וואָס ווערט אָנגעפירט דורך מ. ראַפּאַלסקי. עטלעכע יאָר צייט איז געזעסן אַ סטודיע פון אַ מאַן פערציק אין מאָסקווע, געלערנט, געאַרבעט אויפן חשבון פון דער מלוכה, באַקומענדיק אַלץ, עסן, דירה, קליידער, לערע, און ענדלעך אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער אין מינסק. — איצט שפּילט מען פּרעס „אין פּאָליש אויף דער קייט״. די אויסשטאַטונג איז גלענצנד. ס׳וואָלט געפּאַסט נישט פאַר מינסק, נאָר פאַר בערלין. דער מאַקעט איז פון מאַלער י. ריבאַק. אויף די אַקטיאָרן זעט מען די שולע. ריטמיק, פּלאַסטיק, דיקציע. נאָר אין טעאַטער זיצן אפשר הונדערט פּערזאָן, מען גענעצט, מען לאַנגווייליקט זיך.

דער רעזשיסער ווערט אויפגעבראַכט.

— „מיערזאַוועצי״ — ברומט ער מיט כּעס — סקאַטינאַ...

נאָר פאַרוואָס קומט עס זיי? — זיי זען ווי מענטשן לויפן פון טרעפּ אַראָפּ און אַרויף, אַרויף און אַראָפּ; די פאַרשוינען אויף דער סצענע דערמאָנען אין זייערע קליידער, אין זייער אויסגעקרומטקייט, ווי פאַרזעעניש, ווי פערסמטע מייז. מען שרייט, מען באַוועגט זיך, נאָר מען ווייסט נישט פאַרוואָס און פאַרוועז. און מען גענעצט. וואָס קען מען טון?

יאָ, דער רעזשיסער ווייסט אַלץ, וואָס דאָרט טוט זיך. די יידן, וואָס זענען אויס ווי שמשורעס, דאַרפן פאָרשטעלן די אַלטע וועלט; דאָס לויפעניש אויף דער סצענע דאַרף ווייזן די אַלטע יידישע

צעטומלטקייט, דעם כאַאָס; אויף די טרעפּ מוז מען לויפן, ווייל מען דאַרף אויסנוצן דעם רוים פון אַלע זייטן, אַפילו די הויך. אָבער די אַלע באַרעכטיקטע און אויסגעפּשעטלטע טעאָריעס רעדן נישט צום צושויער, און ער געגעצט.

— מיר וועלן זיי גויטן פאַרשטיין — זאָגט דער רעזשיסער — מירן זיי ערציִען... טעאַטער איז נישט קיין פאַרוויילונגס-אָרט, נאָר אַן עבודה, אַ שול.

אָבער דער עולם וויל נישט זיך פּייניקן אין טעאַטער, נישט קומען אָפּלערנען, נאָר געניסן. צו ערציִען זיך איז דאָ געגוג שולן, „ליקפּונקטן" צו ליקווידירן די עם-הארצות, אָוונט-קורסן. און די רע-גירונג דערלייגט מאַסן געלט צום טעאַטער, און דאָס פּובליקום קומט נישט.

אַז איך האָב געזאָגט, אַז ס'איז קיין חרפּה נישט, ווען קונסט האָט דעם ציל צו זיין בלויז הנאה (גוטע קונסט איז געגוס פאַר מענטשן מיט גוטן געשמאַק), אַז דאָס דערנידעריקט נישט דעם קינסטלער, — האָט מען זיך אָנגעכאַפּט ביי די אויערן.

אין כאַרקאָווער יידישן מלוכה-טעאַטער שפּילט מען, אייגנטלעך, אויפן אַלטן שטייגער. פאַראַן עטלעכע גוטע אַקטיאָרן דאָרט, גראָד אַלטע אַקטיאָרן. איך האָב דאָרט געזען „ביידע קוני לעמעלס", דער עולם האָט שטאַרק געלאַכט, געוויילט זיך. קיין גרויס מעטאַטער איז עס נישט, אָבער מען קאָן זען. נאָר כדי נישט צו זיין אָפּגעשטאַנען, כדי צו באַפרידיקן דער „ערציִונג", טשעפּעט מען צו מאָדערניזם, וואָס קלעפּט זיך ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט.

מיר איז אויך דאָרט אויסגעקומען זען אַן אַגיטאַציע זאַך, וואָס דאַרף פאָרשטעלן קיצור בעת די קאַמפן צווישן די רויטע און ווייסע. די פּיעסע איז שלעכט געמאַכט, לאַנגווייליק, און ס'איז אַ רחמנות אויף די אַקטיאָרן.

די קללה — „פּרציִונג" — ליגט ווי אַ שטיין אויף אַלע יידישע טעאַטערן. מען מוז נאָר האָבן אייגענע פּיעסן, און ס'מאַכט זיך עפּעס נישט. אין סטאַניסלאַווסקיס טעאַטער האָב איך געזען שפּילן אַל. טאָלסטאָיס „צאַר פיאָדר יאָאַניטש". דער צאַר פיאָדר ווערט פאָרגעשטעלט אַ כאַראַקטערלאָזער, אָבער אַ שטיק הייליקער. מען ווייזט

דאָרט צערקוועס און צלמים. אין יידישן טעאַטער זענען נישט נאָר אַזעלכע זאַכן טרייף, נאָר די מינדסטע זאַך, וואָס האָט אין זיך אַ רמז פון אַלט-יידישקייט, טאָר זיך אויף דער סצענע נישט ווייזן. אַ חוץ די עטלעכע זאַכן פון פּרץ, שלום-עליכם, גאָלדפאַדן א. אַנד., וואָס מען האָט געשטעלט, קומט מען אָפּ מיט היימישער נישט-געראָטענער פּראָדוקציע און מיט מורא-שחורהדיקע קופּלעטלעך וועגן מאַקדאָנאַלדן און בריאַנען.

דאָס יידישע טעאַטער איז פאַרשטעקט אין אַ טויטן ווינקל.

* *
*

דער יידישער ביכער-מאַרק אין רוסלאַנד האָט באַקומען אַן אַנדער פּנים. אומעטום, אויסער רוסלאַנד, איז דער יידישער ביכער-מאַרק ס'רוב אַ בעלעטריסטישער, אין רוסלאַנד זעט מען מער נישט-בעלעטריסטישע ביכער, שול-ביכער, פּעדאַגאָגישע, טעכנישע, פּראָפּעס-יאָנעלע און פּאַרטייאישע ליטעראַטור. דאָס איז אַ גוטע ערשיינונג, דאָס איז דער רעזולטאַט פון די מאַסן יידישע שולן, פּעדאַגאָגישע טעכניקומס, אַרבעטער-פאַקולטעטן, פּויערן-שולן, געריכטן, סאָוויעטן, מיליץ א. א. וו. א. וו. לער-ביכער גייען אַ סך, אָפטמאָל ביז צוואַנציק, פינף און צוואַנציק טויזנט עקזעמפּלאַרן. צוויי הונדערט טויזנט שילער און שילערינס פון די יידישע שולן פאָדערן ביכער און מען מוז זיי צושטעלן.

און דוקא בעלעטריסטיק, וואָס גייט אומעטום מער איידער אַנ-דערע געביטן פון ליטעראַטור, גייט אין רוסלאַנד אַ סך ווינציקער ווי זי וואָלט געדאַרפט גיין; ביי דער ריזיקער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שול, איז די פאָדערונג אויף בעלעטריסטיק נישט גרויס. די צוויי זשורנאַלן פאַר ליטעראַטור און קולטור „די רויטע וועלט" אין כאַרקאָוו און דער מינסקער „שטערן" גייען סך-הכל אין אַ צוויי טויזנט עקז. די רעגירונג לייגט צו צו זיי געלט. בעלעטריסטישע ביכער גייען טויזנט, צוויי טויזנט עקז. — דאָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס מען שפּייזט כמעט מיט בלויז אייגענע זאַכן, אויסמיידנדיק די יידישע ווערק פון אויסלאַנד. דער עולם פאַרלאַנגט ראָמאַנען,

ערציילונגען, און מען פיטערט אים מיט לידער אָדער מיט עקס־פערימענטאַלע סקיצן. קיין גרויסע אַרבעטן איז נאָך דערווייל נישטאָ. און דאָס פירט דערצו, מען זאָל לייענען רוסישע בעלעטריסטיק. מען לערנט אין יידיש און מען לייענט אין רוסיש.

נאַטירלעך, טענהן די פירער, אַז דער עולם וויל נישט „אויפ־נעמען" דאָס „פרעמדע", דאָס נישט־רעוואָלוציאָנערע. נאָר ביבליאָטע־קאַרן דערציילן, אַז אַממערסטן ווערן געלייענט מענדעלע, שלום־עליכם, פרץ, אַש, און דאָס ביסל עקז. פון „די פוילישע וועלדער" זענען אַזוי „אויסגעלייענט", אַז ס'איז געבליבן בלויז שמות.

ביז איצט זענען נאָך אַלץ נישט אַרויסגעגעבן דאָרט די יידישע קלאַסיקער. שלום־עליכם, וואָס איז שוין כשר לויט אַלע דעות, איז פונדעסטוועגן נאָך אַלץ נישטאָ אינגאַנצן, סך־הכל אַרויס עטלעכע ביכלעך. נאָך ווינציקער איז דאָ פרץ, מענדעלע. פון אַנדערע שרייבער זעט מען כמעט גאָרנישט.

אמת, אַז קויפן אין אויסלאַנד ביכער קאָן מען נישט קיין סך. דאָס איז אָפּהענגיק פון דער אַלגעמיינער פּאָליטיק אין לאַנד, נישט אַרויסצופירן קיין וואַליוטע קיין אויסלאַנד. דאָך ביי אַ בעסערן ווילן וואָלט מען געקאָנט מער ביכער אַריינפירן פון פוילן, אַמעריקע, אָדער איבערדרוקן אויפן אָרט ביי זיך, אויף וואָס דאָס רוב שרייבער וואָלטן גערן איינגעגאַנגען. נאָר מען האָט מורא פאַר „אויסלאַנד". יעדער פאַרשטייט, אַז עס איז אַן אונטערשיד פון די רוסישע שרייבער עמיגראַנטן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון רוסלאַנד און קעמפן קעגן רוסלאַנד, ביז ס'רוב יידישע שרייבער, וואָס וווינען אין אַנדערע לענדער — דאָך ווערט כמעט אַלץ אויסלענדיש באַטראַכט פאַר טרייף. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען די „ליט. בלעטער" האָבן איבער־געדרוקט לידער פון עטלעכע יידישע דיכטער פון רוסלאַנד האָבן די מחברים געמוזט אַריינשיקן אין „עמעס" אַ בריוול מיט אַ פּראָטעסט. דערביי האָבן אַ טייל פון זיי אין אַ פּריוואַטן געשפּרעך געזאָגט, אַז זיי זענען פון אַזאַ איבערדרוקן נאָר צופרידן... און נאַטירלעך זענען די גרעסטע שונאים פון „אויסלאַנד" די גראַפאָמאַנען. די בעסערע שרייבער האָבן אַ באַציונג צו אַלץ, וואָס איז גוט, אַלצאיינס פונוואַ־נען עס זאָל נישט שטאַמען.

לעבן לעבט דער שריפטשטעלער אין רוסלאַנד כמעט בעסער פון אַלע. מערסטנס אָנפירער פון סאָוויעטן-רוסלאַנד מוזן אונטערשרייבן, כדי אויסצושלאָגן זיך די הוצאות. פאַר ליטעראַטור צאָלט מען גוט. מאַיאַקאָווסקי נעמט דריי רובל פאַר אַ שורה. אין דער צייט ווען אַ לערער פאַרדינט אַ חודש פערציק, פופציק און אַמאָל אכציק רובל פאַר האָרעווען אַ חודש, נעמט אַן אָנגעזעענער דיכטער דאָס אַפּ פאַר צוואַנציק שורהלעך.

דער קינסטלער איז דער פּריווילעגירטסטער מענטש אין רוסלאַנד. ער באַקומט מעגלעכקייטן פאָרן קיין אויסלאַנד, כלומרשט צוליב ליטעראַרישע צוועקן, און פּאַקטיש, כדי זיך באַקליידן.

איך בין אַריין אין מאָסקווע אין „דאָם איסקוסטוואַ" באַנאַכט. מען האָט דאָרט געטאַנצט, געהוליעט, געטרונקען ווײַן, געוואָרפן מיט געלט, געאָרגישט ווי אין אַ פּרעָלעטאַרישער מלוכה. די קינסטלער פון פּאַריזער קאַפע „ראָטאָנד", וואָס זיצן אַפּ גאַנצע טעג ביי אַ האַלבער שוואַרצע, וואָלטן זיך געווונטשן אַ צענט חלק אויסצוגעבן.

פאַרשטייט זיך, אַז די גדולים פאַרדינען ווײַט נישט אַזוי פיל ווי אַמאָל אין רוסלאַנד ביזן קריג, אָבער אין אַלגעמיין לעבן די קינסטלער און שרייבער גוט.

מיינער אַ באַקאַנטער, וואָס רעדאַגירט רוסישע ביכער, האָט מיר דערציילט, אַז ער פאַרדינט עטלעכע הונדערט רובל אַ וואָך ביי נישט-שווערער אַרבעט. ער נעמט 100 רובל פאַר רעדאַגירן אַ בויגן.

דער יידישער שרייבער לעבט אויך נישט שלעכט, כאָטש דער יידישער בוך קאָן זיך נישט פאַרגלייכן בנוגע טיראַזש צום רוסישן בוך.

דער יידישער שריפטשטעלער האָט אַלע מעגלעכקייטן צו קומען אין באַרירונג אויך מיט דער נישט-יידישער גאַס. עס טרעטן אַרויס יידישע און רוסישע שריפטשטעלער צוזאַמען, ווען יידישער ליטעראַטור לייענט מען אין הויכשולן. שלום-עליכמס צענטער יאָרצייט איז געפּײַערט געוואָרן אין גאַנצן לאַנד. דורך דער רעגירונג, אויך דורך נישט-יידן, ס'איז געווען אַ מאַניפעסטאַציע אין גרויסן מאַסשטאַב. עטלעכע יידישע דיכטער באַקומען סטיפּענדיעס פון דער רעגירונג.

אויף דעם ליטעראַרישן אָוונט לכבוד דעם צוזאַמענפאָר פון „געזערד", וואָס איז פאָרגעקומען אין פּרעכטיקן מאָסקווער „קאָלאָנני-

זאל", זענען, צוזאַמען מיט די יידישע דיכטער, אַרויסגעטרעטן דער בילדונגס-קאָמיסאַר לונאַטשאַרסקי, די שרייבער ווסעוואָלאָד איוואַנאָוו, מאַיאַקאָווסקי, פּילניאַק, ראָמאַנאָוו א. אנד., די סמעטענע פון דער רוסישער ליטעראַטור. צווישן די באַזוכער פון אָוונט האָב איך אפילו געזען דעם סעקרעטאַר פון פּוילישן אַמבאַסאַדאָר אין רוסלאַנד.

נאָך קיינמאָל איז דאָס יידישע וואָרט נישט געשטאַנען אַזוי הויך ווי איצט אין רוסלאַנד, — און דאָך מערקט זיך אַ מאָדנע ערשיינונג ביי אַ סך פון די יידישע קאָמוניסטן, מען ציטערט פאַרן „יידישיזם", וואָס אין גרונט גענומען מיינט עס „יידיש".

יידישיזם איז אַ זידל-וואָרט, ביי יעדער מאָל דערמאָנען וועגן יידיש, גיט מען צו: „נאַטירלעך איז עס נישט קיין פּרינציפּיעלע פראַגע" א. א. וו. מ'האָט שטאַרק מורא צו מאַכן פון יידיש אַ פעטיש. נאָר אין דערזעלבער צייט מאַכט מען אַ פעטיש פון רוסיש. מען רעדט רוסיש צווישן זיך, כאָטש מ'קען זייער גוט יידיש. אַזוי, אַ שטייגער, האָט מערעזשין, אַ געוועזענער יידישער לערער, געפירט די ערשטע טעג דעם פאָרזיץ אויפן צוזאַמענפאָר פון „געזערד" אין רוסיש.

אין זייער אַ סך יידישע אינסטיטוציעס רעדט מען רוסיש; אין מינסק קומט פאָר אַ דיסקוסיע איבער פרעס „אין פאָליש אויף דער קייט", וואָס ווערט געשפּילט אין יידישן טעאַטער — אויף רוסיש; אין אָדעסער יידישן קלוב האַלט מען רעפעראַטן אין רוסיש; די יידישע פירער צווישן זיך רעדן כמעט שטענדיק רוסיש. — דאָס ווירקט אויף דער גאַס, וואָס זעט אַ פעטיש אין רוסיש.

— דאָס וועט אונטערגיין — האָט מיר געזאָגט אַ קאָמוניסט, אַ יידישיסט, וואָס „ליידט" פון די „רעשטלעך פון בונדיזם", — פּונקט ווי עס זענען געוואָרן שפּעטער אויס מאָדע די אַסימילאַציע-שטרעבונגען אין די יאָרן 21—1920. מען וועט זיך צוריקכאַפּן.

נאָר ס'קאָן טרעפן, אַז ווען די פירער וועלן זיך צוריקכאַפּן, וועט שוין שווער זיין ביים עולם צוריקצוכאַפּן. יעדער יינגל ווייסט שוין איצט „נישט צו מאַכן פון יידיש קיין פעטיש"...

ווען די באַציונג צו יידיש וואָלט שוין איצט געווען ביי אַלע יידישע אָנפירער אין זייער בוינגס-אַרבעט נישט נאָר אַ פראַגע פון

קאָפּ, נאָר אויך פֿון געפֿיל, ווי ס׳איז בײַ די אוקראַינער, ווײַסרוסן א. א., וואָלט מיט יידיש אַ סך בעסער געהאַלטן ווי איצט.

פֿאַרשטייט זיך, אַז טאָמער מאַכט מען דאָרט אויפֿמערקזאַם דערויף, פֿאַרשרייט מען — „קאָנטררעוואָלוציע“, „חובבי־יידיש“ — אָבער אַ פֿאַקט בלײַבט אַ פֿאַקט.

און ווי שטענדיק זענען אין דער הינזיכט, ווי אין אַלע הינזיכטן, די האַלבע־קאָמוניסטן אַ סך פֿויפּסטלעכער פֿון פֿויפּסט. אויב מען קאָן נאָך רעדן און אויסטענהן זיך מיט אַ קאָמוניסט, קאָן מען אַבסאָלוט נישט צונויפֿרעדן זיך מיט די האַלבע, פֿערטלדיקע קאָמוניסטן, וואָס ווילן און קאָנען נישט אַרײַנטרעטן אין דער פּאַרטיי. זיי פֿאַרשרייען, שיטן מיט הורא־קאָמוניזם. — דאָס איז דער סאַמע אומסימפּאַטישסטער עלעמענט, חניפֿהש און קריכעריש.

מיר איז אויסגעקומען צווישן אַזאַ עולם באַרירן די פֿראַגע וועגן יידיש. מען האָט מיך פֿאַרשריגן. אַז איך בין אַרויס אויף דער גאַס, איז צוגעגאַנגען צו מיר איינער אַ בונדיסט און, אַרומקוקנדיק זיך גוט, צי קיינער זעט נישט, האָט ער מיר שטיל אויסגעדריקט זײַן הסכּמה צו מײַנע ווערטער.

ער האָט אויסגעזען אײַנגעצן ווי אַמאָל אַ פֿרומער ייד, וואָס וויל רעדן אויפֿן קייסער.

און דאָס איז אַ געוועזענער קעמפֿער, וואָס איז אויסגעזעסן אַלע טורמעס בעתן צאַר. אַזאַ איבערגעשראָקנקייט האָב איך געזען בײַ אַ טייל יידישע שרײַבער, בעת זיי האָבן זיך געפֿונען אין דער אַבוועזנהייט פֿון ליטוואַקאָוו. עס האָט אפֿילו געטראָפֿן, אַז צוויי יונגע שרײַבער האָבן, דערזעענדיק ליטוואַקאָוון, מיך איבערגעלאָזט אין מיט געשפּרעך און זיך דערווײַטערט, נישט זײַענדיק זיכער, צי זיי מעגן מיט מיר רעדן...

די גאַנצע קאָמוניסטן זענען שוין זעלבסטשטענדיקער, פֿרײַער.

# קיעוו

שווער מיר צו שרייבן וועגן קיעוו.

וויפל דערציילט מיר דאָ אין דערדאָזיקער שיינער מאַלערישער שטאָט יעדער גאַס, יעדער ווינקל, יעדער הויז!

מיינע ביטערסטע און אפשר אויך זיסטע טעג האָב איך אין דערדאָזיקער פרעמדער שטאָט דורכגעלעבט.

דאָ האָב איך מיינע ערשטע ליטעראַרישע פּרוּוון געמאַכט און דאָ האָב איך צענדליקער נעכט ביים אָפּגעריסענעם ברעג פון דניעפּר נאַכט-לעגער געמוזט האַלטן, צוזאַמען מיט אַלערליי שלעפּערס, בראָדיאַגעס, גנבים און פּאָטריבענע מאַנאַכן, וואָס זענען זיך פון די קלויסטערס צעלאָפן. דאָ האָב איך יידישע און וועלטלעכע אויפלעבונג געזען און דאָ האָב איך יידיש בלוט געזען גיסן — טייכן בלוט.

דאָ האָב איך געזען קראַפּס און פּחדנות, העלדישקייט און פאַרקויפטקייט.

דאָ האָב איך דאָס לעבן דערזען, דאָס אמתדיקע לעבן, וואָס האָט אַ תל געמאַכט פון אַלע טעאָריעס און איינגערעדענישן וועגן מענטשן און פעלקער, און דאָ האָב איך זיך מיטן טויט באַקאַנט, מיטן אמתן טויט, וואָס האָט שוין אויפן שאַרבן פון מיין קאָפּ גערוט און פון וועלכן איך האָב זיך ווי דורך אַ נס אַוועקגעשלייכט.

איצט גיי איך דאָ אויף די זעלבע גאַסן, אויף די זעלבע פּלעצער, אויף די זעלבע טראָטואַרן.

עס איז דער קרעשטשאַטיק ביי דער „דומע". ווי איינגעקריצט

איז אין מיין קאָפּ דאָסדאָזיקע שטיקל פּלאַץ. אַלע העלדן און באַפרייער האָבן דאָ רעדעס געהאַלטן, צוגעזאָגט דער מענטשהייט גליק און פרידן. דאָ איז סטאָליפּינס דענקמאָל געשטאַנען, אונטערגעהאַלטן פון בראָנזענע ווייבער־מלאכים און געהיט די איינהייטלעכקייט פון גרויסן צאַרישן רוסלאַנד, און דאָ זענען שפּעטער אויף סטאָליפּינס קאָפּ רעוואָלוציאָנערע סטודענטן געשטאַנען און גערופן צו קעמפן פאַר קערענסקיס אַרמייען.

דאָ האָבן אוקראַינער מיט לאַנגע וואָנסן געשטיילט „גליק" און „ברודערלעכקייט" און דאָ האָט דער ערשטער באָלשעוויסטישער „מוראַוויאָוו" געדונערט מיט זיין לייבן־שטים — „פון צפון אויף די שפּיצן פון די באַגנעטן טראָגן מיר אייך פרייהייט — נאָר דערפאַר ווייל מען האָט מיר מיין שוועסטער געשענדעט, מיין כּלה באַליידיקט, וועלן אָפיצירן, בורזשויען און סטודענטן מיט קעפּ באַצאָלן"...

דאָ האָבן דייטשן אין שפּיציקע פּיקלהויבן געבראַכט „פרידן", אַוועקפירנדיק דאָס ברויט פון לאַנד; דאָ האָבן דעם העטמאַן סקאָראָפּאַדסקיס טעלערלעקער געשטיילט „געגאַר"; דאָ האָבן סאָציאַליסטישע פירער מיט רויטע פאָנען אין אוקראַינישע און יידישע רעדעס באַגריסט דעם „סאָציאַליסט" און „משיח" פּעטליורען, וואָס קומט אויסלייזן די מענטשהייט; דאָ האָבן דעניקינס גענעראַלן געשאַפן דאָס איינהייטלעכע, אייניציקע און נישט־צעטיילבאַרע רוסלאַנד; דאָ האָבן טאָג־טעגלעך אַנדערע טראָמייטן געשאַלט, צוזאָגנדיק אָן אַ שיער פרידן און גליק; און דאָ האָב איך דאָס ערשטע מאָל, ביי מיינע פיר און צוואַנציק יאָר, געזען, ווי אַזוי אַ מענטש דערהרגעט אַ מענטש, אין מיטן העלן טאָג, ביים שיין פון דער זון, און גלייך דערנאָך נעמט דער רוצח אַרויס אַ פּאַפּיראָס פון מויל און פאַררייכערט געמיטלעך.

דערנאָך האָב איך טויזנטער ערגערע און גרויזאַמערע רציחות געזען, נאָר פאַרבליבן איז ביי מיר אַמשאַרפסטן אָט דאָס בילד, פון וועלכן איך קען זיך נאָך ביז היינט נישט באַפרייען.

נאָך שטייט מיר פאַר די אויגן ווי אַזוי אַ פּעטליורישער אָפיציר שטעלט אָפּ אַ מענטש, אַ שיינעם, אַ שלאַנקן און אַ יונגן, ער הייסט אים אָפּרוקן זיך דריי טריט, יענער פאָלגט. „גלייך שטיין!"

באַפֿעלט ער, יענער פּאָלגט, נאַ! איך זע די קויל. איך זע ווי זי לויפֿט יענעם אין קאָפּ, איך זע דאָס שטיק וואַרעמע בלוט, וואָס שפּרייט זיך איבער די שטיינער אין דער פֿאָרם פֿון אַ חיהלע מיט פֿיר פֿיסלעך, אַ פּאַרע גייט דערפֿון, און איך זע דעם רויך, וואָס דער רוצח לאָזט אַרויס פֿון זיין פּאַפּיראָס, וואָס ער פֿאַררויכערט.

קיינמאָל וועט מיר דאָסדאָזיקע שטיקל פּלאַץ ביי דער דומא נישט אַרויס פֿון זכרון.

איך וווין אין אַ האָטעל מיט פֿענסטער צום קרעשטשאַטיק אַרויס. אָט טאַקע ביים האָטעל האָבן מיך אַליין אין אַ פֿינסטערן אָוונט דעניקינס שכורע אָפֿיצירן געכאַפּט און געהייסן מיך אָפּפֿירן צום וואָקזאַל — דאָרטן איז געווען דעמאָלט דער פּלאַץ, ווו מען האָט געכאַפּטע יידישע יונגעלייט געשיקט אויף יענער וועלט. איך בין אַנטלאָפֿן פֿון פּאַטרול און אַ קויל האָט מיך נאָכגעיאָגט, פֿאַרביי־לויפֿנדיק ביים אויער. איצט שטיי איך דאָ אין האָטעל, אין אַ שיינעם, ליכטיקן וואַרעמען האָטעל. דער האָטעל־דינער, אַ פֿאַרשוין מיט אַ פֿיגור פֿון אַ געוועזענעם מיליטער־מאַן, העלט זיך אין איין פֿרעגן, צי מיר פֿעלט נישט עפּעס?

און אַנטקעגן־איבער מיין פֿענסטער שטייט אַ גערטנדל, אַזאַ פֿרידלעכס און אַ שטילס, און קוקט מיר מיט די ביימלעך אין די שויבן אַריין. מיט אַכט יאָר צוריק, פּונקט אין דערזעלבער צייט, האָב איך געזען אויף דעם אָרט גאָר אַן אַנדער בילד:

אַ שפּעטע נאַכט. מיט עטלעכע שעה צוריק זענען באָלשע־וויסטישע סאָלדאַטן אַריין אין שטאָט. די סאָלדאַטן, פֿון טאַרישטשאַ־נער פּאָלק, זענען מער באַנדיטן ווי רעוואָלוציאָנערן. זיי באַזעצן זיך אין האָטעל, וואָס שטייט אויף דעם עק קרעשטשאַטיק און פֿונדו־קליעווער. מיט די ברודיקע פּיס, מיט די פֿאַרלויזיקטע קליידער וואַרפֿן זיי זיך אַריין אין די פּליושענע שטולן, אין קלאָרע בעטן, מען טרינקט, מען פֿרייט זיך. נאָר אָט צעקריגט מען זיך צוליב עפּעס און מען באַוואַרפֿט זיך איינער דעם אַנדערן מיט האַנט־גראַנאַטן.

דער האָטעל צינדט זיך אָן. די שכנישע הייזער הויבן אויך אָן ברענען. פֿון אַלע זייטן שיטן זיך אַראָפּ האַלב־נאַקעטע ווייבער,

מענער, דערשראָקענע קינדער. סאָלדאַטן, באַהאַנגען פון אַלע זייטן מיט קוילן, גראַנאַטן, שווערדן, מעסערס, באַלויכטן פון העלישן פייערזיצן אויסגעזעצט אויף דער ערד אַרום ברענענדיקן האָטעל און ביים שטאַרקן ליכט שפּילן זיי אויף האַרמאָניעס. פון די פענסטער פליען שפּיגלען, שטיקער מעבל. אָט וואַרפן סאָלדאַטן אַרויס אַ פּיאַנינע. די קלאַווישן שפּילן אַליין פונם קלאַפּ. קיין וואַסער צו לעשן איז נישטאָ. קיין פייערלעשער זענען נישטאָ.

און די סאָלדאַטן, פריילעכע, צעלאָזענע, שיכורע, טאַנצן אַרום פייער, ווי די ווילדע אַרום אַ קרבן.

ווען מען זאָגט מיר דערכאָלט, אַז שפּעטער מיט אַכט יאָר וועט זיין דאָ אַ גאַס, מענטשן, וואָלט איך נישט געגלייבט. איצט שטייט אויף דעם פּלאַץ פון אָפּגעברענטן האָטעל אַ גערטנדל, קינדערלעך שפּילן זיך — און איך ווין קעגנאיבער אין אַ האָטעל, אַלס אַ גאַסט פון אויסלאַנד, און קוק אויף דעם פרידלעכן שטיקל אָרט!

שווער צו שרייבן וועגן די אַלע ערטער, פּלעצער. שווער צו שרייבן וועגן קיעוו בלויז אַלס באַאָבאַכטער. צופיל בינדן מיך אָט די אַלע פּלעצער, גאַסן און הייזער!

נישטאָ קיין ספּעציעלס אין קיעוו. מ'האָט קיעוו אַן עולה געטאָן. צוגעווינט עטלעכע יאָרן צו זיין אַ הויפּט-שטאָט, קאָן זי זיך נישט צוגעוויינען צו דער נייער ראָלע פון אַ פּראָווינצשטאָט, און דערפאַר טאַקע איז דאָ אומעטיקלעך, קאַלט.

די גאַסן זענען באַלויכטן, די הייזער זענען אין אָרדנונג. אַ סך הייזער זענען דורך זייערע אייגענע באַלעבאַטים גענומען אין אָרענדע, און איינעם אַ ייד האָט מען מיר אָנגעוויזן, וואָס ביז היינטיקן טאָג, כאָטש דאָס הויז זיינס געהער שוין באַלד אַ יאָר צען צו דער רעגירונג, גייט ער פונדעסטוועגן יעדן טאָג צו זיין געוועזן הויז, באַטראַכט עס, היט עס אָפּ, מאַכט אָרדנונג אין הויף, בייזערט

זיך, אַלמאַי מען מאַכט עפּעס קאַליע און היט עס אָפּ ווי אַן אויג אין קאָפּ.

די מאַגאַזינען זענען פול, רעסטאָראַנען זענען אָפן, קינאָס שפּילן, און דוקא אַלערליי נאַרישע זאַכן פון אַמעריקאַנער קאַו-באָיס און קאָמיקער. דאָך איז אומעטיק אין קיעוו.

נאָך די אַלע קאַמפן, קריגן, רעדעס, פּאַראַד-לויות און פּאַראַד-יום-טובים, וואָס קיעוו האָט דורכגעלעבט, איז איר איצט, זעט אויס, אומעטיק, דער שטאָט, מיט דעם ביסל מאַגאַזינען, קינאָס, רעסטאָראַנען און פאַרעלטערטע טעאַטערן.

עס זעט אויס ווי די שטאָט וואָלט פרעגן: — שוין-זשע איז צוליב דעם כדאי געווען?

די יידישע אינסטיטוציעס זענען אַלע געווען געשלאָסן ווען איך בין איצט געווען אין קיעוו, עס איז מער חגאות. און עס איז אַ שאָד. פריער וואָס אין קיעוו צו זען. קיעוו האָט אַ יידישע אָפּטיילונג ביים אוניווערסיטעט, אַ וויסנשאַפטלעכן-אינסטיטוט, שולן אַ סך, געריכטן, טעכניקומס און א. וו.

איך האָב בלויז געזען דעם פאַרלאַג „קולטור ליגע“, וואָס גיט אַרויס אַ סך פּעדאַגאָגישע, סאָציאַלע און אַנדערע וויסנשאַפטלעכע ביכער. איך האָב אויך געזען די יידישע קונסט-שולע, וואָס ווערט אָנגעפירט דורך דעם טאַלאַנטפולן יונגן קינסטלער משה עפּשטיין. דאָרטן לערנען אַ קנאַפּע הונדערט שילער און שילערנס. די שולע ווערט אויסגעהאַלטן פון דער רעגירונג, די שילער באַקומען אויך קליינע אונטערשטיצונגען פון דער מלוכה.

דער טעאַטער אין קיעוו איז אַן אַלטער, דאָס הייסט, די אַקטיאָרן זענען פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן. זיי שפּילן אויפן אַלטן שטייגער, נאָר די טעמעס זענען נייע, ספּעציעל געמאַכט, כדי נושא-חן צו זיין ביי די יידישע קאָמוניסטישע פירער. דאָס באַמערקט זיך אין אַ סך שטעט. אַזוי האָב איך געזען ווי אין אָדעס האָבן די אַקטיאָרן געשפּילט „ביידע קוני-לעמעלס“, נאָר אָנגערופן די זאַך האָבן זיי „דעם רעבינס מאַפּאָלע“, כדי עס זאָל געפעלן ווערן די פאָרשטייער פון די יידישע סעקציעס.

און די שטאָט לעבט זיך אויף דעם אַלטן שטייגער. אויפן

פּ[illegible]זאָל דאַוונען ייִדן אין שולן, קלויזלעך. מען דאַוונט ווינציקער ווי אַמאָל, אָבער מען דאַוונט. פֿאַראַן מקוהס, און מגידים, וואָס דרשענען, און רבנים און שוחטים און שמשים און אַלע איבעריקע גוטע זאַכן.

אויף די באַזאַרן איז טומלדיק. מען קויפֿט און מען פֿאַרקויפֿט, און אַ קאַטערינקע שפּילט, און אַ גויע באַקט נישט-פֿרישע פּיראָגן און פֿאַרקויפֿט זיי אויפֿן אָרט, און גאַסן-יונגען ציען פֿון די קעשענעס. און שקאָצים מיט שיקסעס קנאַקן קערלעך און שפּאַצירן, סאָלדאַטן זינגען לידלעך, בעטלערס זינגען, צעלמען זיך, מיליציאָנערן מאַכן אָרדענונג גאַסן-פֿריצן ווינקן, און אין מיטן שטייט גאָר איינער אַ בחורעץ און רופֿט זייער ענערגיש:

— בירגער, פֿאַר צען קאָפּיקעס געווינט איר אַ פֿלאַש וויין, אַ פּעקל טיי... בירגער... פֿאַר „בעזפּריזאָרנע“, שטעלט איין!

דאָס פֿירט מען איצט אַ גרויסע אַרבעט צו העלפֿן די „בעזפּריזאָרנע“, די הפֿקר-קינדער. אומעטום זאַמלט מען געלט, מען פֿאַרקויפֿט קאַרטלעך. און אָט דער בחור, וואָס רופֿט אַזוי ענערגיש, אַז מען זאָל איינשטעלן צען קאָפּיקעס און געווינען אַ פֿלאַש וויין, געהערט אויך צו די געלט-זאַמלער פֿאַר די „בעזפּריזאָרנע“.

הונדערטער סאָלדאַטן, שיקסעס, ליידיק-גייער רינגלען אים אַרום און באַטראַכטן די מציאות, וואָס שטייען אויסגעשטעלט אויף אַ טיש.

און אין די קלובן איז געדיכט און פֿריילעך.

דער ייִדיש-קאָמוניסטישער קלוב געפֿינט זיך אין קלוב פֿון די צוקער-פֿאַבריקאַנטן, וואָס האָט געהערט צו בראָדסקין. מער ווי אין אַנדערע אוקראַיִנישע שטעט איז דער קלוב ייִדיש. מען רעדט כמעט דורכאויס ייִדיש, מען לייענט ייִדישע ביכער. די קיעווער ייִדישע מלוכה-ביבליאָטעק פֿאַרמאָגט צענדליקער טויזנטער ביכער, פֿאַראַן אַנדערע ייִדישע ביבליאָטעקן.

איך האָב אויך געזען אין קלוב שפּילן טעאַטער. דאָס האָט אַ גרופּע מיטגלידער אָרגאַניזירט אַ דראַמאַטישן קרייז, דאָס האָט איינער אַן איינענער מיטגליד, גראָד נישט קיין אָפֿיציעלער ליטעראַט, אָנגעשריבן עטלעכע הומאָריסטישע איין-אַקטערס, וואָס לאַכן אויס דעם

„רעזשים-עקאָנאָמיע", דעם קאַמף, וואָס מען פירט איצט אין רוסלאַנד צו מאַכן עקאָנאָמיע.

דאָס בילד שטעלט פאָר, ווי אַזוי אַ גאַנצע חברה אָנגעשטעלטע קומען זיך צונויף אויף אַ באַראַטונג, כדי צו רעדוצירן, אָפּזאָגן אַ טייל איבעריקע אָנגעשטעלטע. צוליב דעם צוועק ווערט דערוויילט געשאַפן אַן עקאָנאָמישער ראַט, וואָס דאַרף דורכפירן די עקאָנאָמיע. דער עקאָנאָמישער ראַט דאַרף באַלד אַ פאַרוואַלטער, אַ געהילף, עטלעכע אָנגעשטעלטע און, דער עיקר, אַ סעקרעטאַרקע. און אַ סעקרעטאַרקע גייט נישט!..

איך האָב זיך ביי דערדאָזיקע קליינער פאָרשטעלונג אַ סך בעסער געוויילט ווי אין אַ טייל טעאַטערס. דער הומאָר איז אַ גוטער, אַן עכטער.

און דאָס נעמט זיך איבערהויפּט דערפון, ווייל די מיטגלידער פון קלוב, וואָס שפּילן טעאַטער, זענען אמתע אַרבעטער, און אַזעלכע פאַרגינען זיך גיכער אויסצולאַכן די אייגענע פעלערן. זיי זענען טריי, נאָר נישט קיין פּאָליטיקער, טעלערלעקער.

איבערהויפּט איז קיעוו אַנדערש פון אַנדערע שטעט בנוגע יידישקייט. וויפל אַ טייל פון די פירער זאָלן נישט באַמיען זיך אויסצוואָרצלען „די רעשטלעך פון בונד", זענען נאָך אין קיעוו אַזעלכע רעשטלעך פאַרבליבן. די גרויסע אַרבעט, וואָס איז אין קיעוו אָפּגעטאָן געוואָרן פון אָנהויב רעוואָלוציע אָן פאַר דער יידישער שפּראַך, קולטור, פאַרן יידישן בוך, איז פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג.

איך גלייב נישט, אַז די אָנפירער פון קיעוו וועלן מיר דאַנקבאַר זיין פאַר דעם „קאָמפּלימענט", נאָר דער אמת איז, אַז קיעוו איז נאָך „יידישיסטיש" — פון וואָס מאָסקווע מוז נישט זיין איבעריק צופרידן.

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס נישט קיעוו איז איצט די רעזידענץ-שטאָט, נאָר כאַרקאָוו, לעבט נאָך קיעוו אַ באַזונדערן לעבן, ברוגז, נאָר אייגנאַרטיק. אויך דאָס יידישע ליטעראַרישע קיעוו איז אַן אַנדערס ווי אין איבעריקן לאַנד. דאָרט לעבט מען נאָך מיט דער אַלטער פאַרגאַנגענהייט פון 1918, ווען קיעוו פלעגט זיך האַלטן פאַר דעם צענטער פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער גאַנצער וועלט און

געגלויבט, אַז „מקיעוו תצא תורה״, אַז קיעוו איז דער פּופּיק פֿון דער וועלט.

הינטערן מאַנטעל, בסוד סודות, ווידערשפּעניקט קיעוו קעגן דעם נייעם יידישן גאַט ליטוואַקאָוו, דעם הערשער איבער דער יידישער קולטור אין רוסלאַנד.

# ב ע ר ד י ט ש ע ו ו

באַקאַנטע און פֿריינט האָבן מיך אפֿילו אָפּגערעדט צו פֿאָרן קיין בערדיטשעוו.

— נישטאָ וואָס צו זען — האָט מען מיר געזאָגט.

לצים האָבן געמאַכט שפּאַס:

— צוּוואָס פֿאָרן קיין בערדיטשעוו, אַז איר זענט שוין געווען אין מאָסקווע?...

נאָר איך האָב נישט געפֿאָלגט און יאָ צוגעפֿאָרן קיין בערדי-טשעוו. און איך האָב זיך איבערצייגט, אַז צווישן מאָסקווע און בער-דיטשעוו איז נאָך אַן אונטערשיד, און גאָר אַ היפּשער...

טויטלעך, געשטאָרבן בערדיטשעוו. אין צוג, וואָס פֿאָרט קיין בערדיטשעוו, איז שיטער, אין גאַנצן וואַגאָן זיצן בלויז נאָך צוויי פּערזאָן, עפּעס איינער אַ דייטש, אַן אינזשעניער, וואָס האָט באַזוכט רוסלאַנד צוליב געשעפֿט, ווי ער דערציילט מיר, און איינע אַ דאַמע, וואָס פֿאָרט צוריק קיין אויסלאַנד. דאָס איז אַלץ, אַלזאָ, בלויז אויסלענדער.

אין בערדיטשעוו שטייג איך אויס איינער אַליין, קיין איין לעבעדיקער מענטש שטייגט נישט אויס אויסער מיר. אַן אַלטער מאַן מיט אַ ווייסער שיינער באָרד, אַ „נאָסילשטשיק", טראָגט אַראָפּ מיין רייזע-טאַש.

— עס איז נישט צו שווער פֿאַר אייך? פֿרעג איך אים.

— ניטשעוואָ! — זאָגט דער אַלטער און סאַפּעט שווער.

דער אַלטער פֿאַראינטערעסירט מיך. ביי זיין גאַנצן „רוסישן" הלוך, מיט די „וואַלינקעס", מיטן פעלץ, איז ער עפּעס נישט קיין רוס. די אויגן גלאַנצן ביי אים מיט אַזאַ עכט־יידישן גלאַנץ.

— אַ ייד? — פרעג איך.

— וואָס דען! — זאָגט דער אַלטער.

עס איז שבת, נאָר דער אַלטער ייד מיט דער גרויסער ווייסער באָרד אַרבעט ווי אַ גאַנצע וואָך. ער איז אַ טרעגער אויפֿן וואָקזאַל.

לויט זיין גאַנצן אויסזען, לויט זיין בכבודן פנים, זעט אויס, אַז דער אַלטער האָט אַלע זיינע יאָרן געמוזט האָבן אַ סך אַ שענערע פרנסה. איצט איז ער באַן־טרעגער, באַמיט זיך צו כאַפּן אַ רייזע־טאַש פֿלינק, געשיקט, כּדי צו פֿאַרדעקן די עלטער און שוואַכקייט.

— ניטשעוואָ — זאָגט ער — אַבי פאַסאַזשירן זאָלן זיין.

נאָר קיין פאַסאַזשירן זענען נישטאָ.

אויף די גאַסן איז אומעטיק אין בערדיטשעוו. אַ סך חורבות שטייען, — סמנים פון מלחמה און בירגער־קריג. די סוחרים און קרע־מערס דרייען זיך אַרום פאַר די טירן פון זייערע קראָמען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

— קאַלט! — זאָגן זיי מיטן בערדיטשעווער לשון — קאַלט...

איך געדענק זיי פון אַמאָל, די בערדיטשעווער סוחרים, קרע־מער און משרתים. אַ פריילעכע קאָמפּאַניע איז דאָס געווען. שטענ־דיק ביי די קראָמען, פלעגן זיי אָפּטאָן כלערליי שפּיצלעך און שמד־שטיקלעך: חוזק מאַכן פון אַ פויער, אָפּנאַרן אַ קליינשטעטלדיקן קונה, באַרעדן אַלע ווייבלעך און מיידלעך. בערדיטשעווער זענען אַלע מאָל געווען לצים, גרייט געווען פאַר אַ גוטן וויץ דעם אייגענעם טאַטן צו פאַרקויפן. און פריילעך איז מען געווען, שטענדיק אַראָפּגע־בראַכט חזנים, זינגערס.

איצט זענען די סוחרים, קרעמער, קרעמערלעך און משרתים נישט פריילעך. די קאָאָפּעראַטיוון פרעסן אויף. מיט אויסלאַנד האַנדלען קאָן מען נישט, שמוגלען סחורות פון יענער זייט גרענעץ קאָן מען נישט, די גרויסע גאַרבער־אייגנטימער זענען נישטאָ — צעפּאָרן, צעלאָפן, קבצנים געוואָרן אָדער זיצן אין טורמע; קיין מעקלערס, פאַרמיטלערס

דאַרף מען נישט. די גרויסע גאַרבערייען געהערן נישט מער צו באַ-לעבאַטים — און עס גליסט זיך נישט לאַכן

בלויז עטלעכע מאַכן אַ וויץ, אויף יוצא צו זיין

— חבר טאָוואַרישטש — זאָגן מיר עטלעכע יונגען, וואָס שטייען ביי אַ קראָם — איר וועט אפשר פאַרקויפן אייער פּאַלטאָ?

דער באַלאַגאָלע, וואָס פירט מיך מיט אַ שליטן און מיט אַ קלינגערײַ צום האָטעל, וויל צוויי רובל פאַרן וועג.

— טאָמער פאָרט שוין עמיצער — זאָגט ער — זאָל מען כאָטש עפּעס האָבן... נישטאָ קיין פּאַסאַזשירן.

און עטלעכע יידן, וואָס בעטן נישט צו דערמאַנען נישט זייערע נעמען און נישט אפילו זייער אויסזען, ווילן, איך זאָל זיי דורכאויס זאָגן, צי אויסלאַנד וועט טאַקע נישט מאַכן קיין אָרדנונג מיט די „באָסיאַקעס".

איינער אַ ייד האָט אפילו אַרויסגעזאָגט אַן אָריגינעלע מיינונג מכוח פּאָגראָמען. קומענדיק צו רייד, אַז ביי אַן ענדערונג פון דער מאַכט קען קומען צו פּאָגראָמען, האָט ער געזאָגט:

— אַ פּאָגראָם איז אַ פּאָגראָם! — אַז דער פּאָגראָם הערט אויף קען מען דערנאָך לעבן...

ווען איך הער עס נישט אַליין, וואָלט איך עס בשום-אופן נישט געגלויבט.



נאָך אַלץ אַ יידישע שטאָט בערדיטשעוו, איצט נאָך אפשר מער יידיש, ווי אַמאָל. אַלע אויף די גאַסן רעדן יידיש, די באַקאַנט-מאַכונגען אין גאַס זענען אויף אוקראַיניש און יידיש, די מיליציע איז אַ יידישע אין אַ גרויסן טייל.

אין קלוב (דאַכט זיך, איבערגעמאַכט פון דער כאָר-שול, ווו בערדיטשעווער נגידים פלעגן זיך קוויקן מיט חזנות) איז ענג, ממש נישט אַריינצושטופּן זיך. יינגלעך, מיידלעך, הונדערטער, טויזנטער פילן אָן די זאַלן, די טרעפּ, אַ טומל, אַ געדרודער, געלעכטערן, גע-זאַנגען. די גאַנצע אַמאָליקע בערדיטשעווער פרייליכקייט איז אַריבער

אין קלוב אַריין. טייל קומען הערן פּאָרלעזונגען, אַנדערע לייענען צייטונגען, אַנדערע שפּילן אין דאָמינאָ, אַנדערע געניסן פון בופעט, און נאָך אַנדערע, כּדי צו מאַכן רענדעוווּען. דאָס בעסטע אָרט דער־צו איז דער קלוב.

אָט הער איך טאַקע ווי מיידעלעך, יונגינקע, קליינינקע, קריגן זיך מיט ייִנגלעך אין זייער עלטער, אַלמאַי זיי קריכן מיט די הענט, וווּ מען דאַרף נישט.

זייער אַ סך פון די באַזוכער זענען גאַרבער. וואָרים גאַרבערײַ איז אין בערדיטשעוו די הויפּט־אַרבעט. מען אַרבעט אין די גרויסע גאַרבערייען, מען אַרבעט פּריוואַט. דער ריח פון פעל, לעדער פילט זיך אומעטום. און כאָטש די אַרבעט ביי פעלן איז נישט פון די איבעריק אנגענעמע, זענען בערדיטשעווער גאַרבאַרעס פריילעכע לייט. אַלע איצטיקע פאָלקס־לידלעך אין רוסלאַנד שטאַמען פון בערדיטשעוו— לעדער און לידער.

בערדיטשעוו האָט אויך אייגענע אויסדרוקן. אַזוי אַ שטייגער רופט מען אין בערדיטשעוו אַ מענטש מיט אַ פּאָרטפעל: „טראָג מיך"!

פאַרוואָס „טראָג מיך"? ווייל ווי אַ פּאָרטפעל, דאָרט אַ טוער, אַ מאַכער, אַ קאָמיסאַר, אַ מין „קנעפל" — און אַזאַ מענטש האָט נישט ליב אַליין צו גיין, אַליין טראָגן זיך, נאָר מען זאָל אים טראָגן...

אין בערדיטשעוו איז דאָס אַזאַ אָנגענומענער אויסדרוק, אַז מען באַנוצט שוין גאָרנישט קיין אַנדערן.

— איר האָט אַ וואַזשנע „טראָג מיך" — זאָגט מיר דער באַ־לעגאָלע, וואָס פאָרט מיט מיר צו דער באַן; אַ גוטן פּאָרטפעל, הייסט עס.

עטלעכע לידלעך פון בערדיטשעווער פאָלקסשאַפונג זענען מיר פאַרבליבן אין זכּרון.

אָט איז איין פּאָפּולער לידל:

פונם בוידעם שיט זיך קאָרן,
אַ קאָמוניסט בין איך געוואָרן,
פוצער, פוץ מיר אָפּ די שיך...

שיין און פיין און גוט מיט אַלע מעלות,
האָט ער זיך איר פאַרבעשמעלט,
ער האָט איר צוגעזאָגט, א שיין קליידל מאַכן
מיט א סך טשערוואָנצעס געלט.
פאַפיראָסן „מאָסעלפּראָמאַ",
יאַ קורילאַ וואַזליע דאָמאַ.
פּנים, פּאָקאַזשי ליצאַ!
טישע יעדיעש, דאַלשע בודיעש
יאַלדאָם ביל, יאַלדאָם בודיעש.
פּוצער, פּוץ מיר אָפּ די שיך...

פאַרוואָס די לעצטע כּטראָפן קומען מיט רוסיש, איז שווער צו זאָגן. אַזוי זינגט מען עס און אַזוי גיב איך עס איבער. אַגב, איז עס אפשר אַ מנהג אַזאַ אין בערדיטשעוו. אַפילו דער אַלטער בערדיטשעווער צדיק ר' לוי יצחק גלעגט אויך האָבן אַ טבע צו זינגען זיינע לידלעך אויף האַלב יידיש, האַלב גויש.

אַ צווייט בערדיטשעווער לידל, וואָס איז זייער פּאָפּולער אין אוקראַינע, איז אַ קלאָג-ליד פון אַ שמש.

אַ שמש צו זיין איז דאָך גוט געווען,
אַבער איצט — אוי, ניין!
דער שטן פירט די וועלט אין פלען,
מען וויל מער אין שול נישט גיין.
און טאָמער ברעכט איר אַ קרעמערל,
וואָס גלויבט אין גאָט נאָך אַלץ,
האָט ער אין שטוב אַ קירקעלע ברויט,
אין קליישל — אַביסעלע זאַלץ.

קאָמסאָמאָלצעס האַוויקן,
זינדיקן אָן אַ שיעור,
פּיאָנערלעך, הינטלעך מיאַוויקן,
וואָסושע מיאַווקעט איר?

מען וויל נישט הערן, וואָס עלטערע זאָגן,
...גט קיין דיין, נישט קיין רב,
זייער „מודה אני", „קריאת=שמע" זאָגן
„יאַ ווסיעגדאַ גאָטאָוו" !..

און סאָלדאַטן, רויט-אַרמייער, מיט לאַנגע געשפּאָלטענע שינעלן פֿילן אָן די גאַנצע שטאָט. מען שפּאַצירט מיט דאָרפֿישע שיקסעס, מיט יידישע מיידלעך, מען קנאַקט קערלעך, און מען מאַרשירט אויך און מען זינגט לידלעך, אַלטע סאָלדאַטסקע לידלעך מיט די גוט־באַקאַנטע מעלאָדיעס. איינער אַ משורר זינגט פֿרייער אויס מיט אַ גאַציקלט דין שטימעלע, און אַלע האַלטן אונטער. צווישן די בלוי־אויגיקע זעלנער ווערפֿן זיך אָפּט דורך שוואַרצע גלאַנציקע יידישע אויגן.

אַן אַלטער ייד שטייט פֿאַר דער טיר פֿון דער שול, קוקט אויף די מאַרשירנדע זעלנער און דאָס פּנים זיינס שמייכלט:

— וואָס זאָגט איר עפּעס צו אונזערע סאָלדאַטיקעס? — פֿרעגט ער מיך מיט שטאָלץ.

* * *

איך פֿאָר דורך פֿאַרשידענע שטעטלעך, באַגעגן זיך מיט יידן, מיט יידן פֿלערליי: קאָמוניסטן און נגידים; פֿרומע און אפּיקורסים; הענדלער און בעל-מלאכהס; אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. דאָס סאַמע וויכטיקסטע, וועגן וואָס אַלע רעדן, איז דאָס, וואָס מען זאָל טון מיט ד'ם יונגוואַרג?

פּונקט ווי אַמאָל שטייט די פֿראַגע אין איר גאַנצער שווערקייט:

— וואָס טוט מען מיט די קינדער?

אַמאָל, פֿאַר דער קריג, איז געווען אַן עמיגראַציע, מען איז געפֿאָרן קיין צפֿון-אַמעריקע, דרום-אַמעריקע. איצט איז נישטאָ וווהין צו עמיגרירן און אין שטעטל ביי זיך איז נישטאָ וואָס צו טון.

אמת, אַ ייד האָט קיינע באַגרענעצונגען נישט, אָבער נישט אַלע קענען דאָך זיין באַאַמטע און אַרבעטער.

אַן אמתער צער איז צוצוהערן זיך צו די רייד פון די יונגע־לייט און מיידלעך אין די קליינע יידישע שטעט און שטעטלעך. דאָס איז שוין נישט די אַמאָליקע יוגנט, וואָס האָט זיך געשעמט מיט אַרבעט, פאַרקערט, אַרבעט איז איצט אין רוסלאַנד אַ כבוד. פונקט ווי אַמאָל פלעגן יידן שטרעבן אָפּצוגעבן זייערע קינדער אין גימנאַזיע, גרייט צו גיין אין פייער און אין וואַסער, אַזוי שטרעבט מען איצט צו מאַכן פון די קינדער אַרבעטער, אַ „ראַבאָטשי־עלעמענט".

— מילא, מיר זענען שוין אַלטע — זאָגן די טאַטעס — מיר וועלן שוין מוזן זיין „נישט־ראַבאָטשי־עלעמענטן". אָבער די קינדער? זיי גייען דאָך ערשט אויף דער וועלט...

מען טוט אַלץ, אַבי דורכשמוגלען אַ קינד און מאַכן אים פאַר אַן אַרבעטער. אָבער וויפיל קענען דען די אַלע פּראָפעסיאָנעלע־שולן, פאַבריקן אַריינעמען?

און יונגוואַרג וואַקסט. איידער מען קוקט זיך אום, זענען שוין קינדער דערוואַקסענע.

די פראַגע איז נישט בלויז ביי יידן. אויך דאָס דאָרף שיקט טויזנטער, הונדערטער טויזנטער מענטשן אין שטאָט.

דער דראַנג נאָך סיביר איז ביי די פויערן שטאַרק. וואָרום ביי דער גאַנצער פאַנאַנדערטיילונג פון ערד איז אויסגעקומען אַ מאָדנע איראָניע פון גורל: די פויערן נגידים, „קולאַקעס", וואָס האָבן געהאַט צו עטלעכע פאָר פערד און אָקסן, האָבן פון דער ערד, וואָס זיי האָבן צובאַקומען, געהאַט אַ נוצן, באַאַרבעט זי; פאַרקערט, די אָרימע פויערן, וואָס האָבן נישט קיין פערד און קי, האָבן די באַקומענע ערד נישט געקענט באַאַרבעטן. מיליאָנען פויערן פון די צפון־גובערניעס, וואָס אין זייער שכנות זענען קיין גרויסע גיטער נישט געווען, האָבן אין גאַנצן קיין ערד נישט געקענט קריגן. די יוגנט וואַקסט אונטער, מען מערט זיך, מען האָט חתונה, און די ערד מערט זיך נישט.

דאָך האָט דאָס יידן געטראָפן אַן אַ שיעור שטאַרקער איידער נישט־יידן. דער אַלטער דור שלעפּט זיך נאָך. איינער האַנדלט נאָך

צו מיט די פויערן; אַ צווייטער באַקומט געלט פון אַמעריקע; אַ דריטער לעבט פון די קינדער, וואָס זענען באַשעפטיקט; אַ פערטער הונגערט. די יוגנט — ניט זי קען האַנדלען, ניט זי וויל האַנדלען. ביי דעם גאַנצן „נעפּ", געהער דער סוחר, הענדלער, צו דעם נידעריקן קלאַס, אַ מענטש אָן רעכט, אַ נישטיק באַשעפעניש, און וועלכער יונגער מענטש וויל דאָס געהערן צו דעם נידעריקן קלאַס?

מיר האָט געזאָגט דער אַגראָנאָם ליובאַרסקי, אַ מענטש אַ געלערנטער, אַ פאַכמאַן און אַ גרויסער קאָלאָניזאַציע-פּאַטריאָט, אַז ווען עס זאָל אַפילו געלינגען איינצואָרדנען אַ האַלבן מיליאָן יידן אויף ערד, וואָלט אין פאַרלויף פון צען יאָר ווידער געווען אַ פראַגע, וואָס מען זאָל טון מיטן אונטערוואַקסנדיקן דור?

אַזוי איז עס ביי ערד. ווייל די ערד וואַקסט נישט מיט דער באַפעלקערונג. אמת, מען קען די ערד-ווירטשאַפט אַזוי פאַרבעסערן, אַז זי זאָל געבן פאַרדינסט אַ סך מער ווי זי גיט, און ממילא קענען אויסהאַלטן מער מענטשן. אָבער דער פּראָצעס פון קינדלען גייט אין רוסלאַנד אַ סך שנעלער איידער די אויסבעסערונג פון דער ערד.

דאָס איז טאַקע איצט די גרעסטע זאָרג אין רוסלאַנד. אַ סך קלאָגן, אַז נאָכדעם ווי זיי האָבן אַפילו פאַרענדיקט פּראָפעסיאָנעלע שולן, האָבן זיי נישט קיין באַשעפטיקונג.

עס באַקומט זיך אַ מאָדנע לאַגע: דער יונגערמאַן גייט דורך אַ סאָוויעטישע שול, ווו מען האַלט אין איין פאַרהייליקן די אַרבעט, פאַרמיאוסן דעם האַנדל, ליידיק-גייערײַ. דער שילער גייט אַרויס אַן איבערצייגטער קאָמוניסט, אַפילו ווען ער איז נישט אין דער פּאַרטיי, ער פאַראַכטעט נישט זיינע אייגענע עלטערן, די נישט-אַרבעטער, די קרעמער, ער ליידט נישט זייערע מנהגים, זייערע איבערצייגונגען, און אין דערזעלבער צייט מוז ער זיצן ביי די עלטערן אין שטוב און ליגן אויף זייערע פּלייצעס.

קיין גרעסערע טראַגעדיע אי פאַר די קינדער, אי פאַר די עלטערן, איז זיך גאָרנישט פאָרצושטעלן.

דער אַלט-באַקאַנטער „אָרט" וועט נאָך זייער פיל האָבן צו טון

אין רוסלאַנד אין דער יידישער גאַס: בויען פּראָפעסיאָנעלע שולן, געבן מאַשינען.

ווען אַמעריקע זאָל געבן מאַשינען, וואָלט די פראַגע געלעזט געוואָרן.

# צוריק צו דער גרענעץ

מײַן װיזע איז געענדיקט. דער פּױלישער קאָנסול אין קיעװ איז אַזױ פרײַנטלעך און גיט מיר אַ רעקאָמענדאַציע-בריװ צו דער גרענעץ-פּאָליצײ, מען זאָל מיך אַריבערלאָזן דורך דער גרענעץ אין סטאָלבצי, כאָטש לױטן געזעץ דאַרף איך צוריקפֿאָרן דורך ניעגאָרעלאָיע, דורך װאַנען איך בין געקומען, כּדי מען זאָל זיך איבערצײַגן צי איך בין טאַקע איך.

אין אָפּטײלונג פֿאַר אױסלענדער בײַ דעם אוקראַיִנישן פֿאָלקס-קאָמיסאַריאַט פֿאַר אינערלעכע ענינים ערקלערט מיר אַ באַאַמטער, אַ ייִד, אין אוקראַיִניש, אַז כ׳װעל מוזן װאַרטן אױף דער אױסמעלדונג אַ װאָך צײַט. אַ יונגער רוסישער רעפּאָרטער כאַפּט מיט מיר אַ שמועס און בעט אַן אינטערװיו פֿאַר זײַנע דרײַ צײַטונגען, צװײ רוסישע און אײן אוקראַיִנישע, אין װעלכע ער אַרבעט.

— איך בין פֿון ניו-יאָרקער „פֿאָרװערטס" — זאָג איך אים פֿריִער-אױס — אַ סאָציאַליסטישע צײַטונג.

נאָר דער בחור שרעקט זיך נישט.

— איז װאָס? — פֿאַרשטײט נישט זײַן גױישער קאָפּ, — װי געפֿעלט אײַך בײַ אונדז? — װאָס זאָגט איר צו דער ייִדן-פֿראַגע בײַ אונדז?

װאָס זאָל איך זאָגן? — הונדערט פֿופֿציק טױזנט ייִדן אױף ערד, צענדליקער טױזנטער ייִדן אין די פֿאַבריקן, אַמטן, צװײ הונדערט טױזנט קינדער אין ייִדישע שולן, צענדליקער ייִדישע געריכטן,

סאָוויעטן, ראיאָנען א. אַ. וו. אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר — זייער אַ שיינער סך-הכּל! זאָל ווייטער אַזוי אָוועקגיין אַ צוויי צענדליק יאָר און די סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד וועט אַבסאָלוט נישט זיין אַנדערש איידער די סטרוקטור פון די איבעריקע פעלקער. ס'וועט מער קיין יידן-פראַגע נישט זיין.

* *

דער שניי שיט, שיט, דער פראָסט שטאַרקט זיך. די קלויסטערס קליינגען, דער דניעפּר ליגט אַ געפרוירענער, דער הייליקער וולאַדימיר אויף די בערגלעך וואַרפט אַ שוואַרצן שאָטן בערג אַראָפּ איבער דעם ווייסן שניי, פרומע קריסטן שלעפּן נאָדל-בוימלעך, כּדי צו באַצירן די שטובן אין דער ווייַ-נאַכט, און רויט-אַרמייער מאַרשירן מיט בענקנדע אוקראַינישע נשמה-ציענדע לידער.

דער צוג, וואָס פאָרט צו דער גרענעץ, איז פוסט, לעער, כאָטש לייג זיך אויס אויף אַלע געבעטע בענק, דער לאָקאָמאָטיוו סאָפּעט, קרעכצט איבער די שווערע שנייאיקע וועגן און שטעלט זיך אָפּ ביי סטאַנציעלעך, ביי קליינע סטאַנציעלעך פון יידישע גרענעץ-שטעטלעך, פאַרלאָזענע, צעהויקערטע, פאַרשנייטע יידישע גרענעץ-שטעטלעך. צוויי קלינג, און ווייטער איבער שנייען און וועגן, וואָס זעלטן מען זעט אַ הייזל, בלויז שטיקער צעבראָכענע פּלויטן.

און ענדלעך — סטאָלבצי די גרענעץ — די גרענעץ נישט נאָר צווישן צוויי לענדער, נאָר צווישן צוויי וועלטן.

אַ הויך מיר, שטייגן אויס סך-הכּל נאָך דריי פּערזאָן.

רויט-גרינע אויגן פון סעמאַפאָרן ווינקען אין דער פינסטערניש, אַ גיטאַרע ציטערט ערגעץ, ציטערט איינזאַם אין דער נאַכט אַריין איבער ביידע זייטן גרענעץ.

.1927

